פּעטער קראָפּאָטקין

# די עטיק

באַנד I

## די אָפּשטאַמונג און אַנטוויקלונג פון מאָראַל.

איבערזעצט אויס דעם רוסישן אָריגינאַל

פון דר. י. א. מעריסאָן

ערשטער טייל

ארויסגעגעבן פון דער
קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט
ניו יאָרק, 1924

# אינהאלט

# איינלייטונג

דאָס ווערק **די עטיק** איז דער שוואַנען־געזאַנג פון דעם גרויסן הומאַניסט־געלערטן, רעוואָלוציאָנער און אַנאַרכיסט, פּעטער קראָפּאָטקין, און שטעלט פאַר, אַזוי צו זאָגן, די קרוין און דעם אָפּשלוס פון אַלע זיינע וויסנשאַפטליכע, פילאָזאָפישע און סאָציאַלע אָנשויאונגען, צו וועלכע ער איז געקומען אין פאַרלויף פון זיין לאַנגן אומגעוויינליכן לעבן. ליידער האָט דער טויט געשטערט קראָפּאָטקינען איינגאַנצן צו פאַרענדיגן זיין אַרבעט, און לויט זיין ווילן און פאַרלאַנג איז אויף מיר אויסגעפאַלן די פאַראַנטוואָרטליכע פליכט צוצוגרייטן די עטיק צום דרוק.

אַרויסגעבנדיג דעם ערשטן באַנד פון דער עטיק, פיל איך זיך גענויטיגט צו זאָגן עטליכע ווערטער, און באַקענען די לעזער מיט דער געשיכטע פון אָט דעם ווערק.

אין דער „עטיק“ האָט קראָפּאָטקין געוואָלט געבן אַן ענטפער אויף צוויי גרונט־פראַגן פון דער מאָראַל: **פון וואַנען נעמען זיך אינם מענשן מאָראַלע באַגריפן? און וואוהין פירן די מאָראַלע פאָרשריפטן און נאָרמען?** צוליב דעם האָט ער אויך איינגעטיילט די־דאָזיגע אַרבעט אין טיילן: די ערשטע האָט געזאָלט פאַנאַנדער־קלייבן די פראַגע וועגן דער **אָפּשטאַמונג און דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג** פון דער מאָראַל, און אין דעם צווייטן טייל האָט ער געהאַט בדעה זיך צו פאַרנעמען מיט דער באַשרייבונג פון די **יסודות** און די **צוועקן** פון דער רעאַליסטישער עטיק.

קראָפּאָטקין האָט באַוויזן אָנצושרייבן בלויז דעם ערשטן באַנד פון דער „עטיק“ און דאָס אויך ניט אין זיין פאַרענדיגטער פאָרם. איייניגע קאַפּיטלען פון דעם ערשטן באַנד האָט ער נאָך ניט געהאַט ענדליך איבערגעקוקט, און דער לעצטער קאַפּיטל, אין וועלכן עס

האָבן געוואָלט באַשרײַבן װערן די עטישע לערען פון שטירנער, ניטשע, טאָלסטאָי, מולטאַטולי און אַנדערע מאָדערנע פראָמינענטע מאָראַליסטן, איז אינגאַנצן געבליבן ניט אָנגעשריבן.

פאַר דעם צווייטן באַנד פון דער „עטיק" האָט קראָפּאָטקין באַוויזן אָנצושרײַבן (אויף ענגליש) בלויז איניקע אינגאַנצן פאַרענדיקטע סקיצן, וועלכע ער האָט געוואָלט אָפּדרוקן אין באַזונדערע זשורנאַלן־אַרטיקלען, און אויך אַ צאָל ניט־באַאַרבעטע אָנצייכענונגען און באַמערקונגען. די אַרטיקלען זײַנען: די פּרימיטיווע עטיק, גערעכטיקייט, מאָראַל און רעליגיע, עטיק און געגנזײַטיקע הילף, דער אורשפּרונג פון די מאָראַלע מאָטיוון און דעם פליכט־געפיל, און אַנדערע.

מיט די פראַגן וועגן מאָראַל האָט קראָפּאָטקין זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן נאָך אין די 80יגער יאָרן, דערהויפּט אָבער האָט ער דידאָזיגע פראַגן אָפּגעגעבן אַ סך אויפמערקזאַמקייט אין די לעצטע צען יאָר פון 19טן י. ה., ווען אין דער ליטעראַטור האָבן זיך אָנגעהויבן הערן שטימען, אַז מאָראַל איז אַן איבעריקע זאַך, און עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן ניטצשע'ס לערע פון אַמאָראַליזם. אין איין צײַט דערמיט האָבן פיל פאָרשטייער פון דער וויסנשאַפט און דעם פילאָסאָפישן געדאַנק, אונטער דעם אײַנפלוס פון דער שלעכט־פאַרשטאַנענער לערע פון דאַרווין, גענומען באַהויפּטן, אַז אין דער וועלט הערשט בלויז איין גאַנץ־אַלגעמיין געזעץ — „דאָס געזעץ פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ", — און האָבן דערמיט, אַזוי צו זאָגן, פאַרפעסטיגט דעם פילאָסאָפישן אַמאָראַליזם.

פילפאַרטיג די גאַנצע פאַלשקייט פון אַזוינע שלוסן, האָט קראָפּאָטקין זיך אונטערגענומען צו באַווײַזן פון אַ וויסנשאַפטליכן שטאַנדפּונקט, אַז די נאַטור „איז ניט אַ־מאָראַליש" און לערנט ניט דעם מענטשן קיין שלעכטס, נאָר פאַרקערט, אַז די מאָראַל איז אַ נאַטירליכער פּראָדוקט פון דער עוואָלוציע פון געזעלשאַפטליכן לעבן ניט נאָר פונם מענטשן, נאָר כמעט פון אַלע לעבעדיגע באַשעפענישן, וואָס ביי אַ גרויסן טייל פון זיי באַגעגענען מיר שוין געוויסע שפּראָצן פון מאָראַלע באַציאונגען.

אין יאָר 1890 האָט קראָפּאָטקין געהאַלטן אַ לעקציע אין מאַנטשעסטער אויף דער טעמע „גערעכטיקייט און מאָראַל", און אַ גע־

וויסע צייט שפּעטער האָט ער ווידערהאָלט דיזעלביגע לעקציע, אין א ברייטערער פאָרם, פאַר דער לאָנדאָנער עטישער געזעלשאַפט.

אין די יאָרן 1891—1894 האָט קראָפּאָטקין אָפּגעדרוקט אין דעם זשורנאַל „ניינטינטה סענטיורי" אַ ריי אַרטיקלען וועגן געגנזייטיגער הילף ביי חיות, ווילדע און ציוויליזירטע פעלקער; דידאָזיגע אַרטיקלען, וואָס האָבן שפּעטער אויסגעמאַכט דאָס בוך „די געגנזייטיגע הילף ווי אַ פאַקטאָר פון עוואָלוציע", האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ סאָרט איינלייטונג צו קראָפּאָטקינס לערע וועגן מאָראַל.

אין 1904—1905 האָט קראָפּאָטקין פאַרעפנטליכט אין דעמזעלביגן זשורנאַל צוויי אַרטיקלען, וואָס זיינען געווען דירעקט געווידמעט דער פראַגע פון מאָראַל — „די נויטיקייט פון מאָראַל און אונזערע צייטן" און „מאָראַל אין דער נאַטור". דידאָזיגע אַרטיקלען אין אַ געוויסער איבערגעאַרבעטער פאָרם האָבן אויסגעמאַכט די ערשטע דריי קאַפּיטלען פון אָט דעם באַנד. אַרום דערזעלביגער צייט האָט ק. אָנגעשריבן אויף פראַנצויזיש אַ קליינע בראָשור „די אַנאַרכיסטישע מאָראַל". רופנדיג דעם מענשן צו אַקטיווע טאַטען, האָט ק. אונטערגעשטראָכן אין דערזעלביגער בראָשור, אַז דער מענש מוז וויסן, אַז זיין כח איז ניט אין איינזאַמקייט, נאָר אין פאַראייניגונג מיט זיינע נאָענטע, מיטן פאָלק, מיט די אַרבעטנדע מאַסן. להיפּך צו דעם אַנאַרכיסטישן אינדיווידואַליזם שטרעבט ער צו באַשאַפן אַ ס אָ צ י אַ ל ע מ אָ ר אַ ל, אַ עטיק פון געזעלשאַפטליכקייט און סאָלידאַריטעט.

דער גאַנצער פּראָגרעס פון דער מענשהייט, זאָגט קראָפּאָטקין, איז אומצערייסבאַר פאַרבונדן מיטן געזעלשאַפטליכן לעבן. דאָס לעבן אין געזעלשאַפט רופט אַרויס נאַטירליך און אומפאַרמיידליך, סיי ביי מענשן, סיי ביי חיות, דעם אינסטינקט פון געזעלשאַפטליכקייט, פון געגנזייטיגער הילף, וועלכע ווערן איבערגעשאַפן אין זייער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג ביים מענשן אין דעם געפיל פון גוטווינשונג, סימפּאַטיע און ליבע. פון אָט די געפילן און אינסטינקטן ווערט געשאַפן די מענשליכע מאָראַל אָדער די געזאַמטהייט פון די מאָראַלע געפילן, באַגריפן און פאָרשטעלונגען, וועלכע גיסן זיך סוף כל סוף אויס אין דעם גרונט־רעגל פון אַלע מאָראַלע לערען — „טו ניט דעם אַנדערן דאָס, וואָס דו ווילסט ניט מען זאָל דיר טאָן".

אבער, ניט טאָן דעם אַנדערן דאָס, וואָס דו ווילסט ניט מען זאָל דיר טאָן, זאָגט קראָפּאָטקין, איז נאָך ניט קיין פולער אויס־דרוק פון מאָראַל. אָט דער רעגל איז נישט מער ווי אַן אויסדרוק פון גערעכטיקייט, פון גלייכבארעכטיגונג. דאָס העכערע מאָראַלע באַוואוסטזיין קאָן זיך דערמיט ניט באַפרידיגן, און ק. האַלט, אַז דער גרונט־עלעמענט פון מאָראַל, צוזאַמען מיט דעם געפיל פון גענגזייטיגער הילף און דעם באַגריף פון גע־רעכטיקייט, איז דאָס, וואָס מענשן רופן אַן גרויסמוט, זעלבסטפאַרנייַנונג אָדער זעלבסטאָפּפערונג.

גענגזייטיגע הילף, גערעכטיקייט, זעלבסטאָפּפערונג — דאָס זיינען די דריי עלעמענטן פון דער מאָראַל לויט קראָפּאָטקינס טעאָריע. הגם זיי האָבן ניט קיין כאַראַקטער פון אוניווערזאַליטעט און די נויטיקייט פון לאָגישע געזעצן, פונדעסטוועגן ליגן זיי אין פונדאַמענט פון דער מענשליכער עטיק, וועלכע קאָן באַטראַכט ווערן ווי „די פיזיקע פון די זיטן". די אויפגאַבע פון דעם פילאָסאָף־מאָראַליסט באַשטייט אין אויספאָרשן די אָפּשטאַמונג און אַנט־וויקלונג פון דידאָזיגע מאָראַל־עלעמענטן, און באַווייזן אַז זיי זיי־נען פונקט אַזוי אייגנטימליך דער מענשליכער נאַטור, ווי אַלע אַנ־דערע אינסטינקטן און געפילן.

* * *

קראָפּאָטקין האָט זיך צוריקגעקערט אין רוסלאַנד אין חודש יוני, 1917, נאָכדעם ווי ער איז געווען אין גלות פערציג יאָר, און האָט זיך לכתחילה באַזעצט אין פּעטראָגראַד, אָבער צוליב זיין גע־זונטצושטאַנד האָבן די דאָקטאָרן אים געראָטן זיך איבערקלייבן אין מאָסקווע. עס האָט זיך אים אָבער ניט איינגעגעבן צו געפינען אין מאָסקווע אַ ריכטיגן מקום מנוחה. די אַלגעמיינע שווערע אומ־שטענדן פון מאָסקעווער לעבן אין יענער צייט האָבן אים געצוואונ־גען אַוועקצופאָרן אין דעם זומער פון יאָר 1918, אין דעם קליינעם פּאַרוואָרפענעם שטעטל דמיטראָוו (60 ווערסט ווייט פון מאָסקווע), וואו ער איז געווען געצוואונגען, אַן אָפּגעריסענער כמעט אין בוכ־שטעבליכן זין פונם וואָרט פון דער גאַנצער קולטורעלער וועלט, אָפּצולעבן גאַנצע דריי יאָר, ביז דעם טאָג פון זיין טויט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז שרייבן אַזאַ ווערק ווי „די עטיק" און

באשרייבן די געשיכטע און אנטוויקלונג פון די לערען איבער מאָראַל, לעבנדיג אין דעם פּאַרוואָרפענעם און קליינעם דמיטראָוו, איז געווען א גאנץ שווערע זאַך. קיין ביכער האָט ער ביי זיך כמעט ניט געהאט (זיין גאנצע ביבליאָטעק איז געבליבן אין ענגלאנד); די קלענסטע אונטערזוכונג האָט אוועקגענומען א סך צייט און האָט אָפטמאָל זייער שטאַרק געשטערט די ארבעט.

ניט האָבנדיג קיין מיטלען, האָט קראָפּאָטקין ניט געקאנט באַקומען די נויטיגע ביכער, און נאָר א דאַנק זיינע פריינט און באַקאַנטע, האָט זיך אים אמאָל איינגעגעבן מיט גרויסע שוועריגקייטן צו קריגן א געוויסן נויטיגן בוך. עס האָבן אים אויך געפעלט די מיטלען צו האַלטן א סעקרעטער אדער אן איבערשרייבערין אויף א שרייב־מאַשין, אזוי אז ער האָט געמוזט אליין טאָן די גאַנצע ארבעט און אָפטמאָל איבערשרייבן דעם מאַנוסקריפּט עטליכע מאָל. דאס אַלץ האָט, פאַרשטייט זיך, געמוזט זיך אָפּרופן אויף דער ארבעט. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן, אז מיט דעם איבערקלייבן זיך אין דמיטראָוו, האָט קראָפּאָטקין, מעגליך צוליב מאַנגעל אין נאַרונג, אָפּט גענומען פילן א פיזישע שוואַכקייט. אין זיין בריף פון 21טן יאַנואַר, 1919, האָט ער מיר געשריבן: „איך ארבעט פלייסיג אויף דער עטיק, די כחות אָבער גייען אויס און איך מוז אָפטמאָל אויפהערן שרייבן“... דערצו פלעגן נאָך צוקומען אנדערע אומאנגענעמע אומשטענדן. אזוי איז אים אויסגעקומען א לאַנגע צייט צו שרייבן ביי נאַכט ביי שלעכטער באַלייכטונג, א. אז. וו.

זיין ארבעט וועגן עטיק האָט קראָפּאַטקין געהאַלטן פאַר א נויטיגער און רעוואָלוציאָנערער זאַך. אין איינעם פון זיינע לעצטע בריף (פון 2טן מאַי, 1920) זאָגט ער: „איך האָב זיך ווידער גענומען פאַר מיין ארבעט וועגן די פראַגן פון מאָראַל, ווייל איך האַלט, אז אָט די ארבעט איז אבסאָלוט נויטיג. איך וויים, אז ניט די ביכער שאַפן א גייסטיגע ריכטונג, נאָר אקוראַט פאַרקערט. איך וויים אָבער אויך, אז כדי אויפצוקלערן דידאָזיגע אידייע איז נויטיג די הילף פון בוך, וואָס דריקט אוים די יסודות פון די געדאַנקען אין זייער פולער פאָרם. און כדי אוועקצולייגן דעם פונדאַמענט פון דער מאָראַל, וועלכע איז פריי פון רעליגיע און איז העכער פאַר דער רעליגיעזער מאָראַל, מוז מען האָבן די הילף פון אויפקלערנדע ביכער“.

„די נויט פון אזוינע אויפקלערונג פילט זיך ספעציעל שטארק איצטער, בעת דער מענשליכער געדאנק ווארפט זיך צווישן ניטצשע און קאנט"...

אין זיינע געשפרעכן מיט מיר האָט ער מיט ניט איינמאָל גע־זאָגט: „געוויס, ווען איך וואָלט ניט געווען אזוי אַלט, וואָלט איך זיך ניט אוועקגעזעצט ארבעטן אויף א בוך איבער עטיק אין דער צייט פון א רעוואָלוציע, נאָר וואָלט, פארשטייט זיך, גענומען אן אַק־טיוון אנטייל אין דעם בויען פון א נייעם לעבן".

קראָפּאָטקין דער רעאַליסט און רעוואָלוציאָנער האָט געקוקט אויף דער עטיק ניט ווי אויף אן אבסטראקטער וויסנשאפט וועגן מענשליכן אויפפיר, נאָר ער האָט געזען אין איר קודם כל א קאָנ־קרעטע וויסנשאפטליכע דיסציפּלין, וואָס איר צוועק באשטייט אין דער אויפגאבע צו באגייסטערן די מענשן אין זייערע פראקטישע טעטיקייטן. ער האָט געזען ווי מענשן, וועלכע רופן זיך אפילו רע־וואָלוציאָנערן און קאָמוניסטן, זיינען מאָראַליש ניט שטאַנדהאפטיג; ווי דאָס רוב פון זיי האָט ניט קיין לייטנדע אידייע, קיין הויכן מאָ־ראַלן אידעאַל. ער האָט ניט איינמאָל געזאָגט, אז עס קאָן זיין טאקע צוליב דעם, וואָס עס פעלט אזא דערהויבענער מאָראַלער אידעאַל, איז די רוסישע רעוואָלוציע געווען אוממעכטיג צו באשאפן א נייע געזעלשאפטליכע אָרדענונג אויף די יסודות פון גערעכטי־קייט און פרייהייט, און אנצינדן די אנדערע פעלקער מיטן רעוואָ־לוציאָנערן פייער, ווי דאָס איז געווען אין דער עפּאָכע פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע און פון דער רעוואָלוציע אין יאָר 1848.

און ער, דער אַלטער רעוואָלוציאָנער־קעמפער, וואָס האָט אַלע־מאָל געטראכט וועגן מענשליכן גליק, האָט געדיינקט צו באגייסטערן מיט זיין בוך וועגן עטיק די יונגע דורות צום קאמף, ארייינזעצן אין זיי דעם גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון דער סאָציאַלער איבער־קערעניש און אָנצינדן אין זייערע הערצער דעם פייער פון זעלבסט־אָפּפערונג לטובת זייערע מיטמענשן. ער האָט געוואָלט איבער־צייגן די מענשן, אז „גליק באשטייט ניט אין דעם אייגענעם פער־זענליכן גענוס, ניט אין די עגאָאיסטישע ווען אפילו העכערע פריידן, נאָר אין דעם קאמף פאר אמת און גערעכטיקייט צווישן דעם פאָלק און אינאיינעם מיטן פאָלק"...

פארלייקענענדיג די פארבינדונג פון מאראל מיט רעליגיע און מעטאפיזיק, האט קראפאטקין געוואלט באגרינדן די עטיק אויף ריין־נאטירליכע יסודות, און האט געזוכט צו באווייזן, אז נאר ווען מען פארבלייבט אין דער וועלט פוןווירקליכקייט קאן מען געפינען כחות פאר אן אמת־מאראלן לעבן. צוזאמען מיטן פאעט גיט קראפאטקין דעם מענשן דורך זיין „עטיק" אזוי צו זאגן זיין לעצטע צואה:—

ליבער פריינט, ניט רייס א מידער זיך פון דרערד,
פון דיין צרה'דיגען פאטערלאנד אוועק —
ניין, דו מוזט מיט דרערד זיך מיען,
ליידן מיט דעם שווערען צער פון ברידער, מענשען.

זייער פילע דערוואַרטן, אז קראפאטקינ'ס „עטיק" וועט זיין עפעס א ספעציעלע „רעוואלוציאנערע" עטיק, אדער אן אנארכיס־טישע, א. ד. ג. ווען עס איז אויסגעקומען ריידן וועגן דעם ענין מיט קראפאטקינען אליין, פלעגט ער אלעמאל ענטפערן, אז זיין אבזיכט איז צו שרייבן א ריין־ מ ע נ ש ל י כ ע עטיק (אפטמאל פלעגט ער געברויכן דעם אויסדרוק „רעאליסטישע").

ער האט ניט אנדערקענט קיינע ב א ז ו נ ד ע ר ע עטיקעס, נאר האט געהאלטן, אז די עטיק מוז זיין אן איינהייטליכע און מוז זיין גלייך פאר אלע מענשן. ווען מען האט אים אנגעוויזן, אז אין דער היינטיגער געזעלשאפט, וואס איז צוטיילט אויף קלאסן און קאסטעס, וועלכע פירן קריג איינע מיט די אנדערע, קאן ניט זיין קיין איינהייטליכע עטיק, האט ער געזאגט, אז יעדע „בור־זשואזע" אדער „פראלעטארישע" עטיק שטייט סוף כל סוף אויף אן אלגעמיינעם יסוד, אויף אן אלגעמיינעם עטנאלאגישן פונדא־מענט, וועלכע ווירקט אפטמאל אין א זייער שטארקן גראד אויף די פרינציפן פון דער קלאסן־ אדער גרופן־מאראל. ער האט אנ־געוויזן, אז מיר אלע, צו וועלכן קלאס אדער פארטיי מיר זאלן ניט געהערן, זיינען קודם כל מ ע נ ש ן און זיינען א טייל פון דעם אלגעמיינעם טירישן מין מ ע נ ש. דער מין „האמא סא־פיענס", פון דעם העכסט קולטורעלן אייראפייער ביז דעם בוש־מען, און פון דעם העכסט ראפינירטן „בורזשוא" ביז דעם פראס־

טעמטן „פּראָלעטאַריער“, שטעלט פאַר, ניט קוקנדיק אויף אַלע חילוקים, איין לאַגיש גאַנצעס. אויך אין זיינע געבויען פון דער צוקינפטיקער געזעלשאַפט האָט קראָפּאָטקין געדיינקט פשוט וועגן מ ע נ ש ן, אָתן דעם זשאַווער פון דער סאָציאַלער טאַבעלע פון ראַנגען, וואָס איז דיק אָנגעוואַקסן אויף אונז אַלעמען פאַר דער צייט פון דעם לאַנגן היסטאָרישן לעבן פון דער מענשהייט.

קראָפּאָטקינ׳ס עטישע לערע קאָן מען כאַראַקטעריזירן ווי אַ לערע פון ב ר י ד ע ר ל י כ ק י י ט, ווען אפילו דאָס וואָרט „ברידערליכקייט“ ווערט כמעט ניט דערמאָנט אין זיין בוך. קראָ־פּאָטקין האָט ניט ליב געהאַט צו געברויכן דאָס וואָרט ב ר י־ ד ע ר ל י כ ק י י ט און פלעגט בעסער געברויכן דאָס וואָרט ס אָ ל י ד אַ ר י ט ע ט, לויט זיין מיינונג שטעלט פאַר דאָס וואָרט סאָלידאַריטעט עטוואָס מער דעאַלעס איידער ברידערליכ־קייט. ווי אַ ראיה דערצו האָט ער אַמאָל אָנגעוויזן, אַז ברידער פירן אָפט קריג איינער מיטן אַנדערן, האָבן פיינט איינער דעם אַנדערן און דערגייען אפילו ביז מאָרדטאַטן. לויט ביבלישער לע־גענדע הויבט זיך אפילו אָן די מענשליכע געשיכטע מיט דעם ברודער־מאָרד. דער באַגריף אָבער פון סאָלידאַריטעט דריקט אויס אַ פיזישע און אָרגאַנישע באַציאונג צווישן די עלעמענטן פון יעדן לעבעדיגן באַשעפעניש, און אויפן געביט פון מאָראַלע באַציאונגען דריקט זיך אויס די סאָלידאַריטעט אין מיטגעפיל, געגנזייטיקער הילף און מיטלייד. סאָלידאַריטעט גייט צוזאַמען מיט פרייהייט און גלייכהייט, און די ביידע — סאָלידאַריטעט און גלייכהייט — זיינען די נויטיקע באַדינגגן פון דער ס אָ צ י אַ ל ע ר ג ע ר ע כ־ ט י ק י י ט. דערפון נעמט זיך קראָפּאָטקינ׳ס עטישע פאָרמולע: „אָ ה ן ג ל י י כ ה י י ט א י ז נ י ט אָ ק י י ן ג ע ר ע כ־ ט י ק י י ט און אָ ה ן ג ע ר ע כ ט י ק י י ט א י ז נ י ט אָ ק י י ן מ אָ ר אַ ל“.

גאַנץ געוויס לייזט ניט קראָפּאָטקינס עטיק אַלע מאָראַלע פּראָבלעמען, וואָס מאַטערן די היינטיגע מענשהייט (און עס איז נאָך אַ פראַגע, צי זיי וועלן איבערהויפּט ווען עס איז געלייזט ווערן אינגאַנצן, וואָרים מיט יעדן נייעם דור נעמט אָן דער מאָ־ראַלער פּראָבלעם אַ נייעם פּנים און רופט אַרויס נייע פראַגן, ווען אפילו זיין תוך בלייבט דערזעלביגער). קראָפּאָטקין מערקט נאָר

אַן די וועגן אין זיין „עטיק“ און שלאָגט פאָר זיין לייזונג פון דעם עטישן פּראָבלעם. זיין ארבעט איז בלויז א פארזוך פון א רעוואָלוציאָנער־אַנארכיסט און א געלערטן נאַטורפאָרשער צו געבן אַן ענטפער אויף דער מאַטערנדער פראַגע: פאַרוואָס מוז איך לעבן א מאָראַליש לעבן? עס איז זייער צום באַדויערן, וואָס דער טויט האָט געשטערט קראָפּאָטקינען אָנ־שרייבן אין א פאָרענדיגטער פאָרם דעם צווייטן טייל פון זיין ארבעט, אין וועלכן ער האָט געהאַט אין זין צו באַשרייבן די יסודות פון א נאַטירליכער און א רעאַליסטישער עטיק און געבן זיין אייגענעם עטישן קרעדאָ, זיין אייגענעם „אני מאמין“.

פאַר אונז איז קראָפּאָטקין, מיט זיין זוכן א רעאַליסטישע באַגרינדונג פון עטיק, דער נביאות'דיגער מורה דרך אין דער קאָמפּליצירטער וועלט פון מאָראַלע באַציאונגען. פאַר אַלע די, וואָס שטרעבן צו דערגרייכן דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד פון פריי־הייט און גערעכטיקייט, אבער לײַדן נאָך די טיפע וויטאָקן פון צוועקלאָזן בלאָנדזשען אין א וועלט פון גוואַלט און האָס, איז קראָפּאָטקין איינער פון די זיכערסטע זײַלן, וואָס ווייזן אָן דעם וועג. ער ציינט דעם וועג צו א נייער עטיק, צו דער מאָראַל פון דער צוקונפט, וועלכע וועט ניט וויסן פון דער אוממאָראַלישער איינטיילונג פון מענשן אין הארן און קנעכט, אין הערשער און אונטערטעניגע, נאָר וועט זיין דער אויסדרוק פון א פרייער קאָ־לעקטיווער מיטאַרבעטערשאַפט לטובת הכלל, וואָס איז דאָס איינ־ציגע, וואָס וועט געבן די מעגליכקייט איינצופירן אויף דער וועלט ניט קיין איינגעבילדעטע, נאָר אווירקליכע אָרדענונג פון ברי־דערליכער אַרבעט און פרייהייט.

נאָך עטלאַכע ווערטער. ביים רעדאַקטירן האָב איך זיך גע־מיעט צו ריכטן זיך לויט די באַמערקונגען, וואָס זיינען מיר אויס־געקומען צו הערן פון קראָפּאָטקינען אליין אין דער צייט פון אונ־זערע שמועסן און געשפּרעכן, ווי אויך לויט די אָנווייזונגען, וואָס ער האָט געלאָזן אין די נאָטיצן „פאָרשריפטן ווי צו איינאָרדענען מיינע פאַפּירן“ און אין דעם קורצן נאָטיץ „צו דעם פאָרטזעצער“. אין אָט דעם לעצטן נאָטיץ שרייבט קראָפּאָטקין צווישן אנדערעם: „אויב איך וועל ניט קאָנען ענדיגן מיין עטיק, בעט איך דעט, וואָס וועט זיך נעמען דאָס ענדיגן, צו באַנוצן זיך מיט מיינע נאָטיצן“.

פאַר אָט דעם ווערק זיינען די דאָזיגע נאָטיצן געבליבן ניט באַנוצטע, ווייל ערשטנס האָבן די אייגענע און נאָענטע פריינד פון קראַפּאָטקינען באַשלאָסן, אַז עס איז פיל וויכטיגער און אינ־טערעסאַנטער אַרויסצוגעבן די עטיק אַזוי, ווי ער אַליין האָט זי צונויפגעשטעלט; און צווייטנס, וואָלט די אַרבעט אויף די נאָטיצן פאַרנומען אַ סך צייט און מיע און עס וואָלט לאַנג פאַרהאַלטן די ערשיינונג פון דער „עטיק“ אויף דער וועלט.

אין די פאָלגענדע אויסגאַבן וועלן אַלע מאַטעריאַלן, וואָס קראַ־פּאָטקין האָט איבערגעלאָזט, און וואָס האָבן אַ שייכות צו דער עטיק, גאַנץ פאַרשטענדליך אויסגענוצט ווערן אין איין פאָרם אָדער אַנאַנדערער און וועלן געדרוקט ווערן.

נ. לעבעדעוו.

מאָסקווע, מאַי, 1922.

## ערשטער קאַפּיטל.

# די נויטיגקייט פאַר היינטיגער צייט אויסצופאָרשן די יסודות פון דער מאָראַל.

די ערפאָלגן פון דער וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע פאַר די לעצטע הונדערט יאָר. — דער פראגרעס פון דער מאָדערנער טעכניק. — די מעגליכקייט פון שאַפן אַן עטיק, וואָס איז באַגרינדעט אויף די נאַטור־וויסענשאַפטן. — די מאָראַל־טעאָריען פון דער נייער צייט. — דער גרונט־פעלער פון די היינטיגע עטישע סיסטעמען. — די טעאָריע פונם קאַמף פאַר עקזיסטענץ; איר ניט־ריכטיגע אויסטייטשונג. — געגענזייטיגע הילף אין דער נאַטור. — די נאַטור איז ניט א־מאָראַליש. — די ערשטע לערען פון מאָראַל באַקומט דער מענש באַאָבאַכטענדיג די נאַטור.

ווען מיר באטראַכטן די אומגעהויערע ערפאָלגן פון די נאַטור־וויסענשאפטן אין פאַרלויף פון דעם 19טן י. ה. און זעהען וואָס זיי פאַרשפּרעכן אונז אין זייער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג, מוזן מיר אַנדערקענען, אז עס עפענט זיך פאַר דער מענשהייט א נייע ליניע אין איר לעבן; אדער ווענינסטענס, אז זי האָט אין אירע הענט אלע מיטלען אויף צו אַנטדעקן אזא נייע ערע.

אין די לערען וועגן דעם מענשן (אַנטראָפּאָלאָגיע), וועגן די פּרימיטיווע געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס (פּאָר־היסטאָרישע עטנאָלאָגיע) און אין דער געשיכטע פון רעליגיעס זיינען פאַר די לעצטע הונדערט יאָר באַשאַפן געוואָרן נייע צווייגן פון וויסענשאפט, וואָס דעקן פאַר אונז אויף א פולשטענדיג נייעם באַגריף פון דעם גאַנצן אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער מענשהייט. צוזאמען מיט דעם, א דאנק די אַנטדעקונגען אויפ'ן געביט פון דער פיזישער לערע

בנוגע דעם געבוי פון די הימלישע קערפּער און זאכן בכלל, האָבן זיך אויסגעאַרבעט נייע באַגריפן וועגן דעם לעבן פון דעם וועלט־אַל. אין דערזעלביגער צייט זיינען די פריערדיגע לערען וועגן דעם אור־שפּרונג פון לעבן, וועגן דעם מענשענס פּלאַץ אין דער נאַטור־שאַפונג, וועגן דעם עצם־באַשטאַנד פון גייסט, געענדערט געוואָרן פון גרונט־אויס צוליב דער שנעלער אַנטוויקלונג פון דער לערע וועגן לעבן (ביאָלאָגיע) און דער טעאָריע פון עוואָלוציע, און אויך אַ דאַנק דעם פּראָגרעס פון דער לערע וועגן פּסיכישן לעבן (פּסי־כאָלאָגיע) ביי מענשן און חיות.

זאָגן, אַז די וויסענשאַפטן האָבן אין אַלע זייערע צווייגן, מיט דער אויסנאַם אפשר פון אַסטראָנאָמיע, געמאַכט גרעסערע ער־פאָלגן אין משך פון 19טן י. ה. איידער אין וועלכע עס איז דריי אָדער פיר יאָרהונדערטן פון די פריערדיגע צייטן — וואָלט געוועזן ניט גענוג. מען מוז זיך אומקערן מער ווי צוויי טויזענט יאָר צו־ריק, צו דער בליאונג־צייט פון דער פילאָזאָפיע אין אַלטן גריכנ־לאַנד, כדי צו געפינען אַזאַ אויפוואַכונג פון דעם מענשליכן גייסט. אָבער אפילו אַזאַ פאַרגלייך וואָלט געוועזן ניט ריכטיג, היות דער מענש האָט דאַמאָלט נאָך ניט דערגרייכט אַזאַ שטופע פון טעכניק, ווי מיר האָבן עס איצטער; וואָרים סוף כל סוף גיט די אַנטוויק־לונג פון דער טעכניק דעם מענשן די מעגליכקייט צו באַפרייען זיך פון דער שקלאַפישער אַרבעט.

צוזאַמען דערמיט האָט זיך אין דער היינטיגער מענשהייט אַנטוויקעלט אַן עזות'דיג־געוואַגטער גייסט פון ערפינדערישקייט, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן אין לעבן דורך די נייערע ער־פאָלגן פון די וויסענשאַפטן; און די ערפינדונגען, וואָס זיינען שנעל געקומען איינע נאָך די אַנדערע, האָבן אויף אַזויפיל פאַר־גרעסערט די פּראָדוקטיווע פייאיקייט פון דער מענשליכער אַר־בעט, אַז פאַר די היינטיגע געבילדעטע פעלקער איז ענדליך געוואָרן מעגליך צו דערגרייכן אַזאַ אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד, וואָס מען האָט זיך גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלן ניט אין אַלטערטום, ניט אין מיטעלאַלטער און ניט אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונ־דערט. די מענשהייט קאָן צום ערשטן מאָל זאָגן, אַז איר פייאַ־קייט צו באַפרידיגן אַלע אירע באַדערפענישן האָט אַריבערגעשטיגן די באַדערפענישן; אַז איצטער איז שוין מער ניט נויטיג אַרויפ־

צולייגן דעם יאָד פון ארימקייט און דערנידערונג אויף גאַנצע קלאַסן מענשן, כדי צו שאַפן וואוילזיין פאַר אַ קליינער צאָל מענשן און גרינגער מאַכן זייער ווייטערדיגע גייסטיגע אַנטוויקלונג. אַל־געמיינע באַפרידיגונג — ניט אַרויפלייגנדיג אויף קיינעם ניט די לאַסט פון דערדריקנדער אוממענשליכער אַרבעט — איז איצט געוואָרן אַ מעגליכע זאַך; און די מענשהייט קאָן שוין ענדליך איבערבויען איר גאַנצן געזעלשאַפטליכן לעבן אויף די יסודות פון גערעכטיקייט.

װעלן די היינטיגע געבילדעטע פעלקער האָבן גענוג קאָנס־טרוקטיווע געזעלשאַפטליכע שאַפונגס־קרעפטן און געוואַגטקייט, כדי אויסצונוצן די עראָבערונגען פון דעם מענשליכן גייסט פאַר דעם וואוילזיין פון אַלעמען — איז שווער צו זאָגן פאַראויס. איין זאַך איז אָבער זיכער: די לעצטע פאַנאַנדערבליאונג פון דער ווי־סענשאַפט האָט שוין געשאַפן די נויטיגע גייסטיגע אַטמאָספערע, כדי אַרויסצורופן אין לעבן די געהעריגע קרעפטן, און זי האָט אונז שוין געגעבן די קענטעניש, וואָס זיינען נויטיג אויף צו דערפילן די דאָזיגע גרויסע אויפגאַבע.

זיך אומקערנדיג צו אַ געזונטער פילאָסאָפיע פון דער נאַטור, וועלכע איז געבליבן פאַרנאַכלעסיגט פון די צייטן פון אַלטן גרי־כענלאַנד, ביז וואַנען בעקאָן האָט די וויסענשאַפטליכע פאָרשונג אויפגעוועקט פון איר לאַנגן שלאָף, האָט די מאָדערנע וויסענשאַפט אויסגעאַרבעט די יסודות פון אַ פילאָסאָפיע פון דער וועלטשאַפונג, וואָס איז פריי פון איבערנאַטירליכע היפּאָטעזן און פון דער מע־טאַפיזישער „מיטהאָלאָגיע פון געדאַנקן“ — פון אַ פילאָסאָפיע, וואָס איז אַזוי גרויס, אַזוי פּאָעטיש און באַגייסטערנד, און אַזוי דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון באַפרייאונג, אַז זי איז גאַנץ נאַטירליך בכח אַרויסצורופן אין לעבן נייע קרעפטן. דער מענש האָט שוין מער ניט נויטיג צו איינוויקלען אין אַ צודעק פון אָבער־גלויבן זיינע אידעאַלן פון מאָראַלער שיינקייט און זיינע פאָר־שטעלונגען וועגן אַ געזעלשאַפט געבויט אויף גערעכטיקייט; ער האָט שוין מער ניט וואָס צו וואַרטן אויף אַן איבערבוי פון דער גע־זעלשאַפט פון דער „העכסטער „אַלוויזהייט“. ער קאָן באַקומען זיינע אידעאַלן פון דער נאַטור, און אויסלערנענדיג איר לעבן קאָן ער שעפן די נויטיגע כחות.

איינס פון די הויפט געווינסן פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט איז געווען דאָס, וואָס זי האָט דערוויזן די אומצעשטער-באַרקייט פון דער ענערגיע, וויפיל מען זאָל נישט ענדערן אירע פאָרמען. פאַר די פיזיקער און מאַטעמאַטיקער איז אָט דער געדאַנק געווען אַ רייכער קוואַל פון די פאַרשיידנסטע אַנטדעקונגען: מיט אָט דעם געדאַנק זיינען באמת דורכגעדרונגען אַלע מאָדערנע אויספאָרשונגען. אַבער אויך די פילאָסאָפישע באַ-דייטונג פון אָט דער אַנטדעקונג איז פונקט אַזוי וויכטיג. זי גע-ווינט איין דעם מענשן צו באַגרייפן דאָס לעבן פון דעם וועלטאַל ווי אַ ניט־איבערגעריסענע, אומענדליכע קייט פון ענערגיע־פאַר-וואַנדלונג: מעכאַנישע באַוועגונג קאָן פאַרוואַנדלט ווערן אין קלאַנג, אין היץ, אין ליכט, אין עלעקטריציטעט; און פאַרקערט, יעדע איינע פון אָט די פאָרמען פון ענערגיע קאָן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַנדערע פאָרמען. און צווישן אָט די אַלע פאַרוואַנדלונגען איז די אַנטשטייאונג פון אונזער פלאַנעט, די שטופּענאַרטיגע אַנטוויקלונג פון איר לעבן, איר ענדליכע צעשטערונג אין דער צוקונפט און איר איבערגיין צוריק אין גרויסן קאָסמאָס, איינגעשלונגען צו ווערן אין דעם וועלטאַל — נישט מער ווי אומענדליך־קליינע ערשיינונגען, פשוט אַ מינוט אין דעם לעבן פון די שטערן־וועלטן.

דאָס אייגענע קומט אויך פאַר אויסלערנענדיג דאָס אָרגאַנישע לעבן. די פאָרשונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אויף דעם ברייטן צווישנדיגן געביט, וואָס טיילט אָפּ די ניט־אָרגאַנישע וועלט פון דער אָרגאַנישער, וואו די איינפאַכסטע פּראָצעסן פון לעבן אין די נידעריגסטע שוועמלאַך קאָנען קוים אונטערשיידט ווערן, און דאָס אויך ניט אינגאַנצן, פון דער כעמישער איבערשטעלונג פון אַטאָמען, וואָס קומט שטענדיג פאַר אין צונויפגעזעצטע קערפּערס — אָט די פאָרשונגען האָבן אוועקגענומען פון די לעבענס־ערשיי-נונגען זייער געהיימניספולן, מיסטישן כאַראַקטער. צוזאַמען מיט דעם האָבן זיך אונזערע באַגריפן פון לעבן אַזוי אויסגעברייטערט, אַז מיר געוויינען זיך איצטער קוקן אויף אַלע זאַכן אין וועלטאַל — הארטע, פליסיגע און גאַזענאַרטיגע (אַזוינע זיינען איינציגע דונס-טיגקייטן פון דער שטערן־וועלט), ווי אויף עטוואָס לעבעדי-געס, וואָס מאַכט דורך דיזעלביגע ציקלען פון אַנטוויקלונג און צעשטערונג, ווי עס מאַכן דורך די לעבעדיגע וועזנס. דערנאָך, זיך

צוריקקערנדיג צו די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך אַמאָל דורכגעשלאָגן אין אַלטן גריכנלאַנד, האָט די מאָדערנע וויסנשאַפט אויסגעפאָרשט טריט נאָך טריט די וואונדערבאַרע אַנטוויקלונג פון די לעבעדיגע וועזנס, אָנהויבענדיג פון די איינפאַכסטע פאָרמען, וואָס פאַרדינען קוים דעם נאָמען אָרגאַניזמען, ביז די אומענדליך־פאַרשיידענאַרטיגע וועזנס, וואָס באַוואוינען אונזער פּלאַנעט און פאַרשאַפן איר בעסטע שיינקייט. און לסוף, צוגעוויינענדיג אונז צום געדאַנק, אַז יעדעם לעבעדיג וועזן איז אין אַ גרויסער מאָס דער פּראָדוקט פון דער סביבה וואו עס לעבט, האָט די ביאָלאָגיע געלייזט איינס פון די גרעסטע רעטענישן פון דער נאַטור: זי האָט דערקלערט די צופּאַסונגען צו די אומשטענדן פון לעבן, מיט וועלכע מיר באַגעגענען זיך אויף יעדן שריט.

אפילו אין דער געהיימניספולסטער פון אַלע לעבנסערשיינונגען, אויף דעם געביט פון געפיל און געדאַנק, וואו דעם מענשנס שכל קומט אויס אויפצוכאַפּן דיזעלביגע פּראָצעסן, מיט וועמעס הילף עס ווערן איינגעדריקט אין אים די איינדרוקן, וואָס באַקומען זיך פון דרויסן — אפילו אויף אָט דעם געביט, דער טונקלסטער נאָך פון אַלע, האָט זיך שוין איינגעגעבן דעם מענשן אַריינצוקוקן אין דעם מעכאַניזם פון דענקען, פאָלגנדיג די מעטאָדן פון פאָרשונג, וואָס זיינען אָנגענומען אין דער פיזיאָלאָגיע.

ענדליך, אויף'ן ברייטן געביט פון די מענשליכע אינסטיטוציעס, מנהגים און געזעצן, אַבערגלויבענס, אמונות און אידעאַלן, איז אויסגעגאָסן געוואָרן אַזאַ ליכט פון די אַנטראָפּאָלאָגישע שולן פון געשיכטע, רעכט־וויסנשאַפט און פּאָליטישער עקאָנאָמיע, אַז מען קאָן שוין זאָגן מיט זיכערקייט, אַז די שטרעבונג צום „גרעסטן גליק פון דער גרעסטער צאָל מענשן“ איז שוין ניט מער קיין פאַנטאַזיע, ניט קיין אוטאָפּיע. ז י א י ז מ ע ג ל י ך: דערביי איז אויך באַוויזן געוואָרן, אַז דאָס וואוילזיין און גליק, ניט פון אַ גאַנצן פאָלק, ניט פון אַ באַזונדער קלאַס, קאָנען ניט זיין געבויט אפילו צייטווייליג, אויף דער אונטערדריקונג פון אַנדערע קלאַסן, פעלקער אָדער ראַסן.

די מאָדערנע וויסנשאַפט האָט אויף דעם אופן דערגרייכט אַ טאָפּלטן ציל. פון איין זייט האָט זי געגעבן דעם מענשן אַ זייער ווערטפולע לערע פון באַשיידענקייט. זי לערנט אים צו האַלטן

זיך בלויז פאר אן אומענדליך־קליינעם טיילכל פון דעם וועלטאל. זי האט אים ארויסגעשלאגן פון דער שמאלער עגאיסטישער פאר־זיכקייט און האט צעשטרייט זיין זעלבסטמיינונג, וואס האט אים געמאכט צו האלטן זיך פאר'ן מיטלפונקט פון דער וועלט און פאר דעם געגענשטאנד פון דעם באשעפערס השגחה פרטית. זי לערנט אים צו פארשטיין, אז אהן דאס גרויסע גאנצע איז אונזער „איך" גאר־נישט; אז דער „איך" קאן זיך אפילו ניט באשטימען אהן א וועלכן עס איז „דו". און אין דערזעלביגער צייט האט די וויסנשאפט באוויזן, ווי מאכטיג די מענשהייט איז אין איר פראגרעסיווער אנטוויקלונג, ווען זי באנוצט זיך ווי געהעריג מיט דער אומבא־שרענקטער ענערגיע פון דער נאטור.

אויף אט דעם אופן האבן די וויסנשאפט און די פילאזאפיע אונז געגעבן אי די מאטעריעלע כחות, אי די פרייהייט פון גע־דאנק, וואס מען מוז האבען כדי ארויסצורופן אין לעבן די טוער, וואס זיינען בכח צו שטופן די מענשהייט אויפ'ן נייעם וועג פון אלגעמיינעם פראגרעס. עס איז פאראן אבער איין צווייג פון וויסן, וואס איז געבליבן הינטערשטעליג לגבי די אנדערע. דער דאזיגער צווייג איז די עטיק — די לערע וועגן די גרונדפרינציפן פון מא־ראל. אזא לערע, וואס זאל זיין אין איינקלאנג מיט דעם הייניגן צושטאנד פון דער וויסענשאפט און זאל זיך באנוצן מיט אירע ער־אבערונגען, כדי אויפצובויען די יסודות פון מאראל אויף א ברייטן פילאסאפישן פונדאמענט, און וואס וואלט די געבילדעטע פעלקער געגעבן כח און באגייסטערונג פאר דעם גרויסן איבערבוי, וואס שטייט זיי פאר — אזא לערע האט זיך נאך ניט באוויזן. און דאך פילט זיך אין דעם א באדערפעניש אומעטום. א נייע רעאליסטישע לערע וועגן מאראל, א באפרייטע פון רעליגיעזן דאגמאטיזם, פון אבערגלויבן און מעטאפיזישער מיטאלאגיע, פונקט ווי די מאדערנע נאטורוויסנשאפטליכע פילאסאפיע איז שוין באפרייט, און דערצו א באגייסטערטע פון די העכערע געפילן און ליכטיגע האפענונגען, וואס זיינען דערוועקט געווארן אין אונז דורך דער מאדערנער ווי־סנשאפט וועגן מענשן און זיין געשיכטע — אט דאס איז די דרינגליכע פאדערונג פון דער מענשהייט.

אז אזא לערע איז מעגליך, איז דעריין ניטא קיין שום ספק. אויב די נאטורפארשונג האט אונז געגעבן די יסודות פון א פילא־

סאָפיע, וואָס נעמט ארום דאָס לעבן פון דער גאנצער וועלט, די ענטוויקלונג פון לעבעדיגע באשעפעניסן אויף דער ערד, די געזעצן פון פסיכישן לעבן און די אנטוויקלונג פון געזעלשאפטן — דאַן דאַרף אונז דיזעלביגע פאָרשונג געבן א נאטירליכע דערקלערונג פון די קוואַלן פון דעם מאָראַלן געפיל. און זי דאַרף אונז אָנווייזן וואו עס ליגן די קרעפטן, וואָס זיינען בכח צו הויבן דעם מאָראַלן געפיל אויף אלץ א גרעסערער הויך און ריינקייט. אויב די באַ־טראַכטונג פון דעם וועלטאַל און די נאָהענטע באקאנטשאפט מיט דער נאטור האָבן געקאָנט ארויסרופן א הויכע באגייסטערונג ביי די גרויסע נאטורפאָרשער און פּאָעטן פון 19טן י. ה.; אויב דאָס אריינדרינגען אין דער טיפעניש פון דער נאטור האָט געקאָנט פאַרשטאַרקן דאָס טעמפּאָ פון לעבן אין געטע, בייראָן, שעללי און לערמאנטאוו, באטראכטנדיג דעם רוישנדיגן שטורעמווינט, די רוהיגע און מעכטיגע בערג אדער דעם פינסטערן וואלד מיט זיינע איינ־וואוינער — איז פאַרוואָס זאָל א טיפערעס אריינדרינגען אין לעבן און שיקזאל פון מענשן ניט קאָנען אויך אזוי באגייסטערן דעם פּאָעט. ווען דער פּאָעט געפינט דעם ריכטיגן אויסדרוק פאר זיין געפיל פון געמיינשאפט מיט דעם קאָסמאָס און פאראייניגונג מיט דער גאנצער מענשהייט, איז ער בכח צו באגייסטערן מיליאָנען מענשן מיט זיין הויכן שוואונג. ער צווינגט זיי פילן אין זיך אליין די בעסטע קרעפטן, ער וועקט אין זיי דעם פארלאנג צו ווערן נאָך בעסער. ער דערוועקט אין די מענשן דעמזעלביגן עקסטאַז, וועלכן מען האָט פריער געהאלטן פאר דער אייגענשאפט פון רעליגיע. — אין דער אמת'ן, וואָס זיינען די פסאַלמען (תהילים), אין וועלכע פילע זעהן דעם העכסטען אויסדרוק פון רעליגיעזן געפיל, אדער די מער פּאָעטישע טיילן פון די הייליגע ביכער פון מזרח, אויב ניט פארזוכן אויסצודריקן דעם מענשענס עקסטאַז בעת ער באטראכט דעם וועלטאַל, אויב ניט א דערוואכונג אין אים פון דעם געפיל פון דער פּאָעזיע פון דער נאטור.

די נויט אין א רעאליסטישער עטיק האָט זיך געפילט שוין פון די ערשטע יאָרן אָן פון דער וויסנשאפטליכער ווידערגעבורט, ווען בעקאָן, אויסארבעטנדיג די יסודות פאר דער ווידערגעבורט פון די וויסנשאפטן האָט אין דערזעלביגער צייט אויך אָנגעמערקט די

גרונטשטריכן פון אן עמפיריש־וויסענשאפטליכער עטיק — ניט אזוי גענוי ווי זיינע נאכפאלגער האבן דאס געטאן, אבער מיט אזא ברייטקייט פון אומפאסונג, וואס ניט פילע נאך אים האבן דער־גרייכט, און מיר זיינען ווינציג־וואס געגאנגען ווייטער פון איר אין אונזערע טעג.

די בעסטע דענקער פון 17טן י. ה. זיינען ווייטער געגאנגען אין דערזעלביגער ריכטונג, אויך זוכנדיג אויסצוארבעטן סיסטעמען פון עטיק, וואס הענגען ניט אפ פון די פארשריפטן פון רעליגיע. האבבס, קאדוואָרטה, לאקק, שעפטסבערי, פעילי האטשיסאן, יום און אדאם סמיטה האבן דרייסט געארבעט אין ענגלאנד אויף דער לייזונג פון דער דאזיגער פראגע, באטראכטנדיג זי פון פארשיידענע זייטן. זיי האבן אנגעוויזן אויף די נאטירליכע קוואלן פון דעם מאראלן געפיל, און אין זייערע דעפיניציעס פון די מאראלע פראבלעמען זיינען זיי מערסטנטיילס (אחוץ פעילי'ן) געשטאנען אויף דעמ־זעלביגן באדן פון די עקזאקטע וויסנשאפטן. זיי האבן געזוכט אויף פארשיידענע וועגן צו פאראייניגן דעם „אינטעלעקטואליזם" און „אוטיליטאריזם" פון לאקק מיט דעם „מאראלן געפיל" און דעם שיינקייטס געפיל פון האטשיסאן, מיט דער „אסאציאציאנס טעאריע" פון הארטלעי און מיט שעפטסבעריס עטיק פון געפיל. ריידנדיג וועגן די צילן פון דער עטיק, האבן איניגע פון זיי שוין גערעדט וועגן א „הארמאניע" צווישן אייגנליבע און דער זארג פאר אונזערע מיטמענשן, וועלכע האט באקומען אזא באדייטונג אין די טעאריעס פון מאראל אין 20סטן י. ה.; און זיי האבן זי באטראכט אין פארבינדונג מיט האטשיסאנ'ס טעאריע וועגן „זוכן בייפאל" און מיט דער טעאריע פון „סימפאטיע" פון יום און אדאם סמיטה. ענדליך, אויב זיי האבן זיך געמיט צו געפינען א ראציאנאלע דערקלערונג פון דעם געפיל פון פליכט, האבן זיי זיך געווענדט צו דעם איינפלוס פון רעליגיע אין די פרימיטיווע צייטן, אדער צו דער טעאריע פון „מיטגעבוירענעם געפיל", אדער צו האבבס'עס מער אדער ווייניגער מאדיפיצירטער טעאריע, וואס האלט די געזעצן פאר דער הויפט אורזאך פון דער פארמירונג פון געזעלשאפטן, באטראכטנדיג דעם פרימיטיוון ווילדן פאר ניט קיין געזעלשאפטליכע חיה.

די פראנצויזישע מאַטעריאליסטן און ענציקלאָפּעדיסטן האָבן באהאנדלט די פראגע אין דערזעלביגער ריכטונג, זיך אפשטעלנדיג עטוואָס מער אויף דער אייגנליבע און זוכנדיג צו פאראייניגן די צוויי געגנגעזעצטע שטרעבונגען פון דער מענשליכער נאַטור — די ענג־פערזענליכע און די געזעלשאפטליכע. דאָס געזעלשאפטליכע לעבן, האָבן זיי באוויזן, העלפט אומפארמיידליך דער אנטוויקלונג פון די בעסטע זייטן פון דער מענשליכער נאַטור. רוססאָ, מיט זיין ראַציאָנאַלער רעליגיע, איז געווען דער פארבינדנדער רינג צווישן די מאַטעריאליסטן און די גלויביגע, און צוטרעטנדיג אָהן מורא צו די סאָציאַלע פראַגן פון יענער עפּאָכע, האָט ער געהאט אַ פיל גרע־סערן איינפלוס איידער די אנדערע. פון דער אנדער זייט האָבן אפילו די עקסטרעמע אידעאַליסטן, ווי ד ע ק אַ ר ט און זיין נאָכפאָלגער דער פּאַנטעאיסט ס פּ י נ אָ ז אָ, און צו איין צייט אויך דער „טראַנסצענדענטאַלער אידעאַליסט“ ק אַ נ ט, ניט אינ־גאנצן געגלויבט אין דער אנטשטייאונג פון די מאָראַלע יסודות דורך דער „געטליכער אנטפּלעקונג“. זיי האָבן דעריבער געזוכט צו געבן דער עטיק אַ ברייטערן פונדאַמענט — ניט אפּזאָגנדיג זיך פונדעסטוועגן פון דעם געדאַנק פון דער איבער־מענשליכער אנטשטייאונג פון מאָראַלן געזעץ.

דיזעלביגע שטרעבונג צו געפינען אַ רעאַלן באַזיס פון דער מאָ־ראַל באווייזט זיך נאָך שטאַרקער אין דעם 19טן י. ה., ווען עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן מערערע דורכגעטראַכטע סיסטעמען פון עטיק אויפ'ן גרונט פון עגאָאיזם, אדער גאָר אויף דער „ליבע צו דער מענשהייט“ (אָגוסט קאָנט, ליטרע און פילע אנדערע ווע־ניגער באקאַנטע נאָכפאָלגער זייערע), אויף „סימפּאַטיע“ און דער „גייסטיגער אידענטיפיצירונג פון דער אייגענער פערזענליכקייט מיט דער מענשהייט“ (שאָפּענהויער), אויף דעם „אוטיליטאַריזם“, ד. ה. אויף דער „נוצליכקייט טעאָריע“ (בענטאַם און מילל), און ענדליך אויף דער טעאָריע פון אנטוויקלונג (דאַרווין, ספּענסער, גיאָ). מיר רעדן שוין ניט וועגן די סיסטעמען, וואָס לייקענען גאָר אָפּ די מאָראַל, וועלכע שטאַמען אָפּ פון ל י אַ ר אָ ש פ ו ק אָ און מ אַ נ ד ע ו ו י ל און זיינען אנטוויקלט געוואָרן אין 19טן י. ה. פון ניצשע און אייניגע אנדערע; זיי באַהויפּטן די אַלערהעכסטע רעכט פון יעדער פּערזאָן, אבער שטרעבן צוזאַמען מיט דעם אויפ־

צוהויבן דעם גראד פון מאָראל דורך זייערע שאַרפע אָנפאַלן אויף די האַלביגע מאָראַלע באַגריפן פון אונזער צייט.

צוויי טעאָריעס פון מאָראַל, קאַנט׳ס פּאָזיטיוויזם און בענטאַם׳ס אוטיליטאַריזם, האָבן געהאַט, ווי עס איז באַקאַנט, אַ טיפן איינפלוס אויף׳ן דענקען פון אונזער יאָרהונדערט; קאַנט׳ס לערע האָט פּאַקטיש ארויפגעלייגט איר שטעמפּל אויף אַלע געלערנטע פאָרשונגען, וועלכע שטעלן צוזאַמען דעם שטאַלץ פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. אויף זיי איז אויך געבויט אַ גאַנצע גרופּע פון דעריוואַטיווע (אָפּשטאַמענדע) סיסטעמען, אַזוי אַז כמעט אַלע באַרימטע מאָדערנע פאָרשער אין פּסיכאָלאָגיע, אין דער טעאָריע פון עוואָלוציע און אין אַנטראָפּאָלאָגיע האָבן באַרייכערט די ליטעראַטור איבער עטיק מיט מער אדער ווייניגער זעלבשטענדיגע פאָרשונגען פון אַ הויכן ווערט. עס איז גענוג אָנצורופן פון זיי די נעמען פּ י י ע ר ב א ך, ב ע י ן, ל ע ס ל י ס ט י פ ע ן, פּ ר ו ד אָ ן, ו ו א ו נ ד ט, ס י ד ז ש ו ו י ק, מ א ר ק ג י אָ, י אָ ד ל, ניט רעדנדיג וועגן אַ סך אַנדערע ווייניגער באַקאַנטע. לסוף דאַרף מען אויך דערמאָנען וועגן דער גרינדונג פון אַ גאַנצער צאָל עטישע געזעלשאַפטן פאַר דער ברייטער פּראָפּאַגאַנדע פון מאָראַל־לערן, וואָס זיינען ניט געבויט אויף רעליגיע. און אין איין צייט מיט זיי האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גרויסע באַוועגונג, אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י. ה., וואָס איז אין עצם געווען אַ עקאָנאָמישע, אָבער אין אמת׳ן אַ טיף עטישע, אונטער די נעמען פוריערזם, אָוועניזם, סען־סימאָניזם, און עטוואָס שפּעטער אונטער׳ן נאָמען אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם. אָט די באַוועגונג, וואָס פאַרשפּרייט זיך אַלץ מער און מער, שטרעבט מיט דער באַטייליגונג פון די אַרבייטער פון אַלע לענדער ניט נאָר איבערצוקוקן די גרונט־פּרינציפּן פון אַלע מאָראַלע באַגריפן, נאָר אויך איבערצובויען דאָס לעבן אַזוי, אַז עס זאָל זיך קענען אויפעפענען אַ ניי בלאַט פון מאָראַלע באַגריפן ביי דער מענשהייט.

עס קען זיך אויסווייזן, אַז האָבנדיג אַזויפיל ראַציאָנאַליסטישע סיסטעמען פון עטיק, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין די לעצטע צוויי יאָרהונדערטן, איז גאָר ניט מעגלאַך אריינצוטראָגן אויף דעם געביט קיין זאַך, וואָס וואָלט ניט געווען אַ ווידערהאָלונג

פון דאָס, וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרן, אדער א פארזוך צונויפ־צושטוקעווען פארשיידענע טיילן פון פריהער־אויסגעארבעטע סיס־טעמען. אבער שוין דער פאקט אליין, וואָס יעדערער פון די הויפּט סיסטעמען, וועלכע זיינען פארגעלעגט געווארן אין 19טן י. ה. — קאַנט׳ס פּאָזיטיוויזם, די טעאָריע פון נוצליכקייט (אוטיליטאַריזם) פון בענטאַם און מילל, און דער אלטרואיסטישער עוואָלוציאָניזם, ד. ה. די טעאָריע פון דער געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג פון דער מאָראַל, וואָס איז פאָרגעלעגט געוואָרן פון דארווין, ספּענסער און גיאָ — האָט צוגעגעבן עפּעס וויכטיגעס צו די טעאָריעס פון די פריהערדיגע סיסטעמען, דאָס אליין באווייזט שוין, אז די פראגע וועגן עטיק איז נאָך ניט אויסגעשעפּט געוואָרן.

ווען מיר נעמען בלויז די לעצטע דריי טעאָריעס, זעהען מיר, אז ספּענסער האָט ליידער ניט אויסגענוצט אלע דאַטען, וועלכע געפינען זיך אין דעם אַנטוואורף פון עטיק ביי דארווינען, אין זיין „אָפּשטאַמונג פונ׳ם מענשן“, בעת גיאָ האָט אריינגעבראכט אין דער אויספאָרשונג פון די מאָראַלע מאָטיוון אזא העכסט וויכ־טיגן עלעמענט, ווי דער איבערפלוס פון ענערגיע אין די געפילן, געדאנקען און אין דעם ווילן, וואָס איז נאָך ניט גענומען געווארן אין אַנבאטראכט פון די פריהערדיגע פאָרשער. אָט דער אייגענער פאקט, וואָס יעדער נייער סיסטעם האָט געקאָנט אריינברייגנען א נייעם און וויכטיגן עלעמענט, באווייזט שוין, אז די לערע וועגן די עטישע מאָטיוון איז נאָך ווייט ניט אויפגעפּאַסט געוואָרן אין איר גאַנצקייט. אין דער אמת׳ן קאָן מען אפילו זאָגן, אז אזא גאַנצקייט וועט קיינמאָל ניט זיין, היות ווי עס וועט אלעמאָל אויס־קומען צו נעמען אין באטראכט די נייע שטרעבונגען און די נייע קרעפטן וואָס ווערן באַשאַפן פון די נייע אומשטענדן פון לעבן, לפי ערך פון דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט.

דערווייזלע איז קיין ספק ניט, אז קיין איינציגער פון די עטישע סיסטעמען, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן אין 19טן י. ה., האָט ניט געהאט בכח צו באַפרידיגן אפילו דעם געבילדעטן טייל פון די ציוויליזירטע פעלקער. אלס דער בעסטער באַווייז דערפון, שוין ניט רעדנדיג וועגן די צאָלרייכע פילאָסאָפישע ארבעטן, אין וועל־כע די ניט־זיכערקייט פון דער מאָדערנער עטיק ווערט קלאָר אויס־

געשפראכן,* קאָן דינען דער באַשטימטער צוריקקער צום אידעאַ־ליזם, וואָס מיר באַמערקן צום ענד פון 19טען יאָהרהונדערט. דער מאַנגל אין פּאָעטישער באַגייסטערונג אין דעם פּאָזיטיוויזם פון ליטטרע און הערבערט ספּענסער, און זייער אומפּייאיקייט צו געבען א צופרידענשטעלנדיגן ענטפער אויף די גרויסע פראַגן פון מאָדערנעם לעבן; די שמאָלקייט פון אייניגע אַנשויאונגען, מיט וועלכער עס צייכנט זיך אויס דער הויפּט פילאָסאָף פון דער טעאָריע פון עוואָלוציע, ספּענסער; נאָך מער, דער פאַקט, וואָס די שפּעטיגערע פּאָזיטיוויסטן פאַרוואַרפן די הומאַניטערע טעאָריע פון די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן פון 18טען י. ה. — דאָס אַלץ האָט געהאָלפן דער שטאַרקער רעאַקציע לטובת פון עפּעס א נייעם מיסטיש־רעליגיעזן אידעאַליזם. ווי פּולליע זאָגט זייער ריכטיג: די איינזייטיגע אויסטייטשונג פון דאַרוויניזם, וואָס עס האָבן איהם געגעבן די הויפּט פאַרשטייער פון דער טעאָריע פון אַנטוויקלונג, (אגב, איז אין פאַרלויף פון די ערשטע צוואַנציג יאָר נאָך דער דערשיינונג פון דעם „אורשפּרונג פון די מינים“ ניט געקומען קיין איין פּראָטעסט־וואָרט מצד דאַרווינען אליין אַנטקעגן אַזאַ אויסטייטשונג) האָט בלי ספק געגעבן א באַזונדער קראַפט די געגנער פון דער נאַטירליכער דערקלערונג פון דעם מענשנס מאָראַלער נאַטור, פון דעם אַזוי אַנגערופענעם „נאַטוריזם“.

די קריטיק, וואָס האָט אָנגעפאַנגען מיט איינווענדונגען קעגן אייניגע טעות'ן פון דער נאַטור־וויסנשאַפטליכער פילאָסאָפיע, האָט זיך באַלד א קער געטאָן אויך קעגן דאָס פּאָזיטיווע וויסן בכלל. מען האָט אָנגעהויבן פייערליך פאַנאַנדערפּויקן דעם „באַנקראָט פון דער וויסענשאַפט“.

די וויסנשאַפט־מענשן ווייסן, אז יעדע עקזאַקטע וויסנשאַפט גייט אַלעמאָל פון איין „דערנעהענטערונג“ צו דער אַנדערער, ד.ה. פון דער ערשטער נאָהענטער דערקלערונג פון א גאַנצער ריי דערשיינונגען צו דער נעקסטער גענויערער דערנעהענטערונג. אבער

---

* עס איז גענוג דאָ אָנצורופן די קריטישע און היסטאָרישע ארבעטן פון פאולסען, וו. וואונדט, לעסלי סטיפען, ליכטענבערזשע, פולליע, דע־ראָבערטי און אזויפיל אנדערע.

אַז די איינפאַכע וואַרהייט הויבן ניט אָן צו וועלן וויסן די „גלויבי־גע“ און בכלל די ליבהאָבער פון מיסטיק. דערוויסנדיג זיך, אַז אין דער ערשטער דערנעהענטערונג באַווייזן זיך ניט־פּינקטליכקייטן, כאַפּן זיי זיך גלייך שרייען וועגן דעם „באַנקראָט פון דער וויסנשאַפט“ בכלל. פאַר די מענשן פון וויסנשאַפט איז דאָס דוקא אַ באַקאַנטע זאַך, אַז אפילו די העכסט עקזאַקטע וויסנשאַפטן, ווי צום ביישפּיל די אַסטראָנאָמיע, גייען אַקוראַט אויף אָט דעם וועג פון שטופּנ־ווייזיגע דערנעהענטערונגען. דערוויסן זיך, אַז אַלע פּלאַנעטן גייען אַרום דער זון, איז געווען אַ גרויסע אַנטדעקונג; און די ערשטע „דערנעהענטערונג“ איז געווען משער צו זיין, אַז זיי מאַכן קרייזן אַרום דער זון. דערנאָך איז אויסגעפונען געוואָרן, אַז זיי גייען אין עטוואָס אויסגעצויגענע קרייזן, ד. ה. אין עליפּסן, איז דאָס געווען אַ צווייטע „דערנעהענטערונג“. נאָכדעם איז געקומען אַ „דריטע דערנעהענטערונג“, ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז אַלע פּלאַנעטן דרייען זיך אין וועלנאַרטיגע ליניעס, אָפּבויגענדיג זיך נאָכאַנאַנד אין דער אָדער יענער זייט פון עליפּס, און גייען קיינ־מאָל ניט איבער פּינקטליך אויף דעמזעלביגן וועג. און ענדליך איצטער, אַז מיר ווייסן, אַז די זון איז ניט אומבאַוועגליך, נאָר זי אַליין טראָגט זיך אַרום אין רוים, זוכן די אַסטראָנאָמען צו באַ־שטימען דעם כאַראַקטער און די לאַגע פון די ספּיראַלן, אויף וועל־כע די פּלאַנעטן לויפן, מאַכנדיג שטענדיג עטוואָס וועלענאַרטיגע עליפּסן אַרום דער זון.

די אייגענע איבערגאַנגען פון איין נאָהענטער לייזונג פון אַן אויפגאַבע צו דער נעקסטער גענויערער לייזונג קומען פאַר אין אַלע וויסנשאַפטן. אַזוי צום ביישפּיל קוקן די נאַטורוויסנשאַפטן איצט איבער די „ערשטע דערנעהענטערונגען“ בנוגע דאָס לעבן, דער פּסיכישער טעטיקייט, דער אַנטוויקלונג פון די געוויקס־פאָרמען און בעלי חיים, דער סטרוקטור פון שטאָף א. אַז. וו., צו וועלכער זיי זיינען געקומען אין דער עפּאָכע פון די גרויסע אַנטדעקונגען, אין די יאָרן 1856־1862. עס איז נויטיג איבערצוקוקן די דאָזיגע „דער־נעהענטערונגען“, כדי צו באַקומען די נעקסטע „דערנעהענטערונג“, ד. ה. די נעקסטע טיפערע גענעראַליזאַציעס. איז, מיט אָט דעם איבערקוקן באַנוצן זיך מענשן, וואָס ווייסן ניט גענוג, כדי איינ־צורייזן אַנדערע, וואָס ווייסן נאָך ווייניגער, אַז די וויסנשאַפט

בכלל האט זיך ארויסגעוויזן ניט פארמעגליך אין איר פארזוך צו דערקלערן די גרויסע פראגן פון דער וועלט־שאפונג.

אין דער איצטיגער צייט שטרעבן זייער פילע צו פארבייטן די וויסנשאפט אויף „אינטואיציע“, ד. ה. פשוט אויף טרעפן און בלינדן גלויבען. אומקערנדיג זיך אפריהער צו קאנט'ן, דערנאך צו שעללינג'ן און אפילו צו לאטצע'ן, פריידיגן איצטער אלע שרייבער דעם „אינדעטערמיניזם“, „ספיריטואליזם“, „אפריאריזם“, „פערזענליכן אידעאליזם“, „אינטואיציע“ א. אז. וו., באווייזענדיג, אז דאס גלויבן און ניט די וויסנשאפט איז דער קוואל פון דער אמת'ער דערקענטניש. אבער אפילו דאס איז, ווי עס שיינט, ניט גענוג. אין מאדע איז איצטער דער מיסטיציזם פון הייליגן בערנארד און די נייַ־פלאטאניקער. עס באווייזט זיך א פאדערונג אויף „סימבאליזם“, אויף דאס, וואס מען „קאן ניט תופס זיין“, וואס מען „קאן ניט משיג זיין מיט'ן שכל“. מען האט אויפגעלעבט אפילו דעם גלויבן אין דעם מיטעלאלטערליכן שטן.*

אמת, קיין איינע פון אט די נייע שטרעמונגען האט ניט באקומען קיין ברייטן און טיפן איינפלוס, מען מוז אבער אנדערקענען, אז די געזעלשאפטליכע מיינונג וואקלט זיך צווישן צוויי עקסטרעמען: צווישן דער האפענונגלאזער שטרעבונג זיך אומצוקערן צו די מיטלאלטערליכע גלויבונגען, מיט אלע זייערע אבערגלויבנס, געצנדינעריי און אפילו דעם גלויבן אין כשוף; און פון דער אנדער זייט, צו באזינגען דעם „אמאראליזם“ (אוממאראלישקייט) און בוקן זיך צו די „העכערע נאטורן“, די היינט אזוי אנגערופענע „אויבערמענשן“, אדער „העכערע אינדיווידואליזאציעס“ (די העכסטע אויסדרוקן פון פערזענליכקייט), וואס אייראפא האט שוין איינמאל איבערגעלעבט אין די צייטן פון דעם בייראניזם און דער ראמאנטיק.

עס איז דעריבער ספעציעל נויטיג איצטער איבערצוקוקן, צי

* זע פולליע, „די אידעאליסטישע באוועגונג און די רעאקציע אנקעגן דער פאזיטיווער וויסנשאפט“ (פראנצויזיש); אויך פאל דעזשארדען, „די פליכט פון דער איצטיגער צייט“, וואס האט אויסגעהאלטן 5 אויפלאגן אין א קורצ'ער צייט; און פילע אנדערע.

האָט אויף אַן אמתן אַ גרונט דער צווייפל בנוגע דער אויטאָריטעט פון דער וויסנשאַפט אין מאָראַלע פראַגן, און צי גיט אונז ניט די וויסנשאַפט די פּרינציפּן פון אַ עטיק, וועלכע זאָלן קאָנען, אויב זיי וועלן ריכטיג אויסגעדריקט ווערן, געבן אַן ענטפער אויף די פאָדערונגען פון דער היינטיגער צייט.

דער שוואַכער ערפאָלג פון די עטישע סיסטעמען, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אין פאַרלויף פון די לעצטע הונדערט יאָר, באַווייזט, אַז דער מענש קאָן זיך ניט צופרידענשטעלן נאָר מיט דער נאַטור וויסנשאַפטליכער דערקלערונג אליין וועגן דער אַנטשטייאונג פון דעם מאָראַלן געפיל. ער פאָדערט אַ באַרעכטיגונג פון דעמדאָזיגן געפיל. אין פראַגן פון מאָראַל ווילן מענשן זיך ניט באַשריינקען אויף דער דערקלערונג פון די קוואַלן פון דעם מאָראַלן געפיל און אויף דער אַנווייזונג, ווי אַזוי די און די אורזאַכן האָבן מיטגעהאָלפן זיין וואוקס און פאַרפיינערונג. דערמיט קאָן מען זיך צופרידענשטעלן בעת מען לערנט אויס די געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון אַ געוויסן בלימעל. אבער דאָ איז דאָס ניט גענוג. מענשן ווילן געפינען דעם גרונט פון דער זאַך, כדי צו פאַרשטיין דעם מאָראַלן געפיל גופא. וואו פירט ער אונז? צו ווינשענסווערטע רעזולטאַטן, אָדער גאָר, ווי איינינגע באַהויפּטן, צו אַן אַפּשוואַכונג פון די כחות און שעפערישקייט פון דעם מענשליכן מין, און סוף כל סוף צו זיין דעגענעראַציע?

אויב דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ און די אויסראָטונג פון די פיזיש־שוואַכע איז אַ געזעץ פון דער נאַטור, און אויב אָהן דעם איז ניט מעגלאַך קיין פּראָגרעס — איז וועט ניט דער פרידליכער „אינדוסטריעלער צושטאַנד", וואָס קאָנט און ספּענסער האָבן אונז פאַרשפּראָכן, זיין דער אָנהויב פון דעם מענשנס דעגענעראַציע, ווי ניצשע באַהויפּטעט דאָס אַזוי קרעפטיג? און אויב אַזאַ אויסגאַנג איז ניט ווינשענסווערט, איז דאַרפן מיר אפשר טאַקע אויף אַן אמת זיך נעמען איבערשאַצן יענע מאָראַלע „ווערטן", וועלכע שטרעבן אָפּצושוואַכן דעם קאַמף, אָדער לכל הפחות מאַכן אים וועניגער שמערצלאַך?

די הויפּט אויפגאַבע פון דער מאָדערנער רעאַליסטישער עטיק באַשטייט דעריבער, ווי וואונדט האָט דאָס באַמערקט אין זיין

„עטיק“, אין באשטימען פריהער פאר אלץ דעם **מאראלן ציל** צו וועלכן מיר שטרעבן. אבער דער דאזיגער ציל אדער די צילן, ווי אידעעל זיי זאלן ניט זיין, אדער ווי ווייט מיר זאלן ניט זיין פון זייער פארווירקליכונג, מוזן על כל פנים געהערן צו דער רעא־לער וועלט.

דער ציל פון מאראל קאן ניט זיין עטוואס „טראנסצענדענטא־לעס“, ד. ה. אריבער דאס ווירקליכע, ווי דאס ווילן האבן איניגע אידעאליסטן: ער מוז זיין רעאל. די מאראלע באפרידיגונג מוזן מיר געפינען **אין דעם לעבן**, ניט אין א וועלכן עס איז צושטאנד אויסערן לעבן.

ווען דארווין איז ארויסגעקומען מיט זיין טעאריע וועגן דעם „קאמף פאר עקזיסטענץ“ און האט פארגעשטעלט דעמדאזיגן קאמף ווי דעם הויפט באוועגער פון דער פראגרעסיווער אנטוויקלונג, האט ער דערמיט גופא אויפגעהויבן פון דאס ניי די אלטע פראגע וועגן דעם מאראלן אדער ניט־מאראלן פנים פון דער נאטור. דער אור־שפרונג פון די באגריפן וועגן גוטס און שלעכטס, וואס האט באַ־שעפטיגט די מוחות זינט זענדאוועסטא׳ס צייטן, איז ווידער גע־ווארן א ענין פאר באטראכטונג, נאר מיט א נייער ענערגיע און מיט מער טיפקייט איידער ווען־עס־איז פריהער. די נאטור האבן די דארוויניסטן פארגעשטעלט ווי אן אומגעהויער גרויסן שלאכט־פעלד, אויף וועלכן מען זעט נאר אן אויסראטונג פון די שוואכע דורך די שטארקערע און פלינקערע און שלויערע. עס איז אויסגע־קומען, אז פון דער נאטור האט דער מענש זיך נאר געקאנט אפלער־נען שלעכטס.

דידאזיגע אנשויאונגען זיינען, ווי באקאנט, ווייט און ברייט פארשפרייט געווארן. אבער אויב זיי וואלטן געווען ריכטיג, וואלט דער פילאסאף־עוואלוציאניסט געהאט צו פארענטפערן א טיפן ווי־דערשפרוך, וואס ער האט אליין ארייגעבראכט אין זיין פילאסא־פיע. ער קאן, פארשטייט זיך, ניט אפלייקענען, אז דער מענש האט א העכערע פארשטעלונג וועגן „גוטעס“, און אז דער גלויבן אין דעם שטופנמעסיגן נצחון פון דאס גוטע איבער דאס שלעכטע איז טיף איינגעווארצלט אין דער מענשליכער נאטור. היינט ווי־באלד אזוי, איז ער דאך מחויב צו דערקלערן פונוואנען האט זיך גענומען דידאזיגע פארשטעלונג וועגן גוטעס? פונוואנען האט זיך

גענומען דערדאָזיגער גלויבן אין פּראָגרעס? ער קאָן זיך ניט באַנוגענען מיט'ן גלויבן, וואָס דער פּאָעט טעניסאָן האָט אויסגעדריקט מיט די ווערטער: „אויף אַ וועלכן עס איז אופן וועט ענדליך פון דאָס שלעכטע אַרויסקומען גוטעס". ער קאָן זיך ניט פאָרשטעלן די נאַטור אַ באַפאַרבטע מיט בלוט red in tooth and claw ווי דערזעלביגער טעניסאָן און דער דאַרוויניסט האַקסלי האָבן געשריבן — וואָס געפינט זיך אומעטום אין קאַמף מיט דעם פּרינציפּ פון גוטעס; אַ נאַטור, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאַרלייקענונג פון גוטעס אין יעדער לעבעדיגער באַשעפעניש, און פונדעסטוועגן באַהויפּטן, אַז סוף כל סוף וועט דער פּרינציפּ פון גוטעס אַרויסקומען דער זיגער. ער מוז לכל הפחות זאָגן, ווי אַזוי ער דערקלערט זיך אָט דעם ווידערשפּרוך.

אויב דער געלערטער אַנדערקענט, אַז „די איינציגע לערע, וואָס דער מענש קאָן שעפּן פון דער נאַטור, איז די לערע פון שלעכטס", וועט ער זיין געצוואונגען צוצוגעבן די עקזיסטענץ פון אַ וועלכן עס איז אַנדער איינפלוס, וואָס שטייט אויסער דער נאַטור, אַ איבערנאַטירליכן, וואָס גיט אַריין אין דעם מענשן דעם באַגריף פון אַן „אויבערשטער גוטסקייט" און פירט די מענשהייט צו אַ העכערן ציל. און אויף דעם אופן מוז ער דאָך מאַכן צו גאָרנישט זיין אייגענעם פאַרזוך צו דערקלערן די אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט דורך דער ווירקונג פון נאַטירליכע קרעפטן אליין. *

אין דער ווירקליכקייט איז די לאַגע פון דער טעאָריע פון אַנטוויקלונג גאָרניט אַזאַ וואַקלדיגע, און זי פירט לגמרי גאָרניט צו אַזוינע ווידערשפּרוכן, אין וועלכע האַקסלי איז אַריינגעפאַלן; וואָרים די אויספאָרשונג פון דער נאַטור הויבט גאָר ניט אָן צו באַשטעטיגן די אויבן געבראַכטע פּעסימיסטישע פאָרשטעלונג וועגן

---

* אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט מיט האַקסלי'ן אין זיין לעקציע „עוואָלוציע און עטיק", וואו ער האָט אין אָנפאַנג געלייקענט, אַז עס איז פאַראַן אין דעם לעבן פון דער נאַטור אַ וועלכער עס איז מאָראַלער פּרינציפּ, און איז דערמיט אליין געווען געצוואונגען אָנצודערקענען אַן עטישען פּרינציפּ א ו י ס ע ר דער נאַטור; דערנאָך אָבער האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אויך פון דעם שטאַנדפּונקט, אין אַ שפּעטער צוגעגעבענער באַמערקונג, אין וועלכער ער האָט אָנדערקענט, אַז עס איז פאַראַן אַן עטישער פּרינציפּ אין דעם געזעלשאַפטליכן לעבן פון חיות.

איר לעבן — ווי דאָס האָט שוין באַוויזן דאַרווין אַליין אין זיין צווייטן ווערק, „די אָפּשטאַמונג פון מענשן". טעננייסאָנ'ס און האַקסלי'ס פאָרשטעלונג איז ניט קיין פולשטענדיגע; זי איז איינזייטיג און פאַלגליך א פאַלשע; און זי איז נאָך מער ניט־ו ו י ס נ־ש אַ פ ט ל י ך דערמיט, וואָס דאַרווין אַליין האָט אָנגעוויזן אויף אַנאַנדער זייט פון לעבן פון דער נאַטור אין א באַזונדער קאַפּיטל פון דעם נאָר־וואָס דערמאָנטן בוך.

אין דער נאַטור גופא, האָט ער געשריבן, זעהען מיר צוגלייך מיט דעם געגענזייטיגן קאַמף אַנאַנדער קאַטעגאָריע פאַקטן, וואָס האָבן גאָר אַנאַנדער זין: דאָס איז דער פאַקט פון געגענזייטיגער שטיצע אין דעמזעלביגן מין; און אָט די פאַקטן זיינען נאָך וויכטיגער אפילו איידער די ערשטע, וואָרים זיי זיינען נויטיג פאַרן קיום און פאַנאַנדערבליאונג פון דעם מין. אָט דעם אין העכסטן גראַד וויכטיגן געדאַנק, וואָס די מערסטע דאַרוויניסטן ווילן אים ניט שיינקען קיין אויפמערקזאַמקייט, און אפילו אַלפרעד ראַססעל וואַללייס לייקנט אים אָפּ, האָב איך זיך געמיט צו אַנטוויקלען, און האָב אים באַשטעטיגט מיט א מאַסע פאַקטן אין א ריי אַרטיקלען, וואו איך האָב באַוויזן די אומגעהויער גרויסע וויכטיקייט פון דער געגענזייטיגער הילף פאַר דעם קיום פון די מינים פון חיות און פון דער מענשהייט, באַזונדערס פאַר זייער פּ ר אָ ג ר ע ס י ו ו ע ר אַ נ ט וו י ק ל ו נ ג, און פאַר זייער פאָרפאָלקאָמונג.*

ניט זוכנדיג וויפיל עס איז צו פאַרקלענערן דעם פאַקט, וואָס אַן אומגעהויערע צאָל חיות לעבן אויף מינים, וואָס געהערן צו אַנדערע אָפּטיילונגען פון דער וועלט פון בעלי חיים, אָדער אויף די קלענערע מינים פון דעמזעלביגן אָפּטייל, האָב איך אָנגעוויזן, אַז דער קאַמף אין דער נאַטור איז א י ן ג ר ע ס ט ן ט י י ל באַ ש ר ע נ ק ט א ו י ף ד ע ם ק אַ מ ף צ ו ו י ש ן פ אַ ר־ש י י ד ע נ ע מ י נ י ם; און אַז א י ן י ע ד ע ן מ י ן, און זייער אָפּט אויך אין גרופּן, וואָס באַשטייען פון פאַרשיידענע מינים, וועלכע לעבן געמיינשאַפטליך, א י ז ד י ג ע ג ע נ ז י י־

* זע דעם פּראָפעסאָר'ס ווערק „די געגענזייטיגע הילף" אין דער אידישער איבערזעצונג פון דעם שרייבער פון אָט די צייַלן, אַרויסגעגעבן פון דער קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט.

*טיגע הילף דער אלגעמיינער רעגל.* און דעריבער שפילט די געזעלשאפטליכע זייט פון לעבן פון די חיות א סך א גרעסערע ראָליע אין לעבן פון דער נאַטור איידער די געגענזייטיגע אויסראָטונג. זי איז אויך א סך מער פארברייט. דער פאַקט איז, אז די צאָל געזעלשאפטליכע מינים צווישן די מעלי גרה, די מערסטע גריזונעס, א סך פויגלען, די בינען, מוראשקעס א. אז. וו., וועלכע לעבן ניט פון געיעג אויף אַנדערע מינים, איז זייער א באדייטענדע; און די צאָל וואַריעטעטן אין יעדן פון די דאָזיגע געזעלשאפטליכע מינים איז אויסערגעוועגליך גרויס. אויסער דעם געפינען מיר, אז כמעט אלע רויב טירן און פויגלען, און באזונדערס אזוינע פון זיי, וועלכע ווערן ניט פארשוואונדן דורך דער שנעלער אויסראָטונג פון מענשן אדער פון אנדערע אורזאכן, פּראַקטיצירן אויך אין א געוויסער מאָס געגענזייטיגע הילף. *די געגענזייטיגע הילף איז אן איבערוועלטיגענדער פאַקט אין דער נאַטור.*

אויב אָבער די געגענזייטיגע הילף איז אזוי פארשפרייט, איז דאָס פאָרגעקומען דערפאַר, ווייל זי גיט די מינים חיות, וואָס פּראַקטיצירן זי, אזוינע פאָרצוגן, אז דער גאנצער חלוק צווישן שטאַרקע און שוואכע ווערט אומגעביטן, און ניט לטובת די רויבער. זי שטעלט מיט זיך פאָר די בעסטע וואָפן אין דעם גרויסן קאַמף פאַר עקזיסטענץ, וואָס די בעלי חיים פירן שטענדיג אנטקעגן דעם קלימאַט, פארפלייצונגען, שטורמווינטן, פרעסט א. ד. ג., און וועלכער פאָדערט שטענדיג פון די בעלי חיים נייע צופּאַסונגען צו די שטענדיג ענדערנדיגע באַדינגען פון לעבן. איינגאנצן גענומען, באווייזט זיך די נאַטור בשום אופן ניט ווי א באשטעטיגונג פון דעם נצחון פון פיזישער קראַפט, פון דעם כח צו לויפן שנעלער, פון שלויקייט און אנדערע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען ניצליך אין קאַמף. אין דער נאַטור זעהען מיר פארקערט א סך אין אלע הינזיכטן שוואכע מינים, וועלכע האָבן ניט קיינע שוץ־מיטלען, קיין שטאַרקן שנאָבל אדער קין־באַק, צו פארטיידיגן זיך אנטקעגן זייערע פיינט, און זיינען אין יעדן פאַל גאָרניט קריגעריש; און פונדעסטוועגן זיינען זיי ערפאָלגרייך בעסער איידער אנדערע אין דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ, און א דאַנק זייער אייגנשאַפט פון געזעלשאַפטליכקייט און געגענזייטיגער פאַרטיידיגונג, שטופּן זיי אפילו

ארוים זייערע קאנקורענטן און שונאים, וועלכע זיינען אומפאר־גלייכליך בעסער באוואפנט איידער זיי. אזוינע זיינען די מוראש־קעס, די בינען, די טויבן, די ענטלאך, די סוסליקעס און אנדערע גריזונעס, די ציגען, די הירשען א. אז. וו. ענדליך קאן מען עס האלטן פאר פאלשטענדיג באוויזן, אז בעת דער קאמף פאר עק־זיסטענץ פירט צו אנטוויקלונג, גאנץ גלייך צו א פראגרעסיווער ווי צו א רעגרעסיווער, ד. ה. אמאל צו א פארבעסערונג פון דעם מין, אבער אמאל אויך צו זיין פארערגערונג, שטעלט פאר די פראקטיק פון געגענזייטיגער הילף א קראפט, וואס פירט אלעמאל צו א פראגרעסיווער אנטוויקלונג. אין דער פראגרעסיווער עוואָ־לוציע פון דער וועלט פון בעלי חיים — אין דער אנטוויקלונג פון לאנג־לעבן, פון פארשטאנד און פון דאס, וואס מיר רופן אן אין דער קייט פון לעבעדיגע באשעפענישן א העכערער טיפ, באווייזט זיך די געגענזייטיגע הילף אלס די הויפט קראפט. אט די באהויפ־טונג מיינע האט נאך קיין ביאלאג ניט אפגעלייקענט ביז היינטיגן טאג. *

דער אינסטינקט פון געגענזייטיגער הילף, וואס ווייזט זיך ארוים אויף דעם אופן אזוי נויטיג פאר דעם קיום, וואוקס און פראגרעסיווער אנטוויקלונג פון יעדען מין, איז געווארן דאס, וואס דארווין האט אנגע־רופן א פערמאנענטער אינסטינקט, וועלכער געפינט זיך שטענדיג אין ווירקונג ביי אלע געזעלשאפטליכע חיות און, פארשטייט זיך, אויך ביים מענשן. אט דער אינסטינקט, וואס האט זיך באוויזן שוין גאר אין אנפאנג פון דער אנטוויקלונג פון דער טירן־וועלט, איז אהן ספק פונקט אזוי טיף איינגעוואר־צלט ביי אלע חיות, די נידעריגערע און די העכערע, ווי דער מור־טערליכער אינסטינקט; עס קאן זיין, אז נאך אפילו טיפער, היות ווי ער געפינט זיך אפילו ביי אזוינע באשעפענישן, ווי די מאליוסקן, איינינגע אינסעקטן און דעם גרעסטן טייל פיש, ביי וועלכע עס געפינט זיך קוים א וועלכער עס איז מוטערליכער אינסטינקט. דארווין איז דעריבער געווען פולשטענדיג גערעכט ווען ער האט

* זע ללאיד מארגאן׳ס באמערקונגען וועגן דער פראגע און מיין ענטפער אויף זיי.

באַהויפּטעט, אַז דער אינסטינקט פון „געגענזייטיגער סימפּאַטיע" איז ביי די געזעלשאַפטליכע חיות מער פּערמאַנענט איידער דער ריין־עגאָאיסטישער אינסטינקט פון דער פּערזענליכער זעלבסטדערהאַלטונג. ער האָט געזען אין אים, ווי באַקאַנט, די שפּראָצן פון דעם מאָראַלן געוויסן, אָבער ליידער פאַרגעסן דאָס צו־אָפּט די דאַרוויניסטן.

אָבער דאָס איז נאָך אויך ניט אַלץ; אין אָט דעם אינסטינקט ליגט דער אָנהויב פון די געפילן פון גוטמוטיגקייט און פון דער פּערזענליכער אידענטיפיצירונג מיט דער אייגענער גרופּע, וואָס שטעלן צונויף דעם אויסגאַנגפּונקט פון אַלע הויך־עטישע געפילן. אויף אָט דעם באַזיס האָט זיך אַנטוויקלט דער העכערער געפיל פון גערעכטיקייט אָדער גלייכבאַרעכטיגונג, פון גלייכהייט; און דערנאָך אויך דאָס, וואָס דער שטייגער איז אָנצורופן זעלבסט־אָפּפערונג.

ווען מיר זעהען, אַז צענדליגע טויזענטער פאַרשיידענע וואַסער־פויגלען קומען צו פליהען אין גרויסע מחנות פון דעם וויטן דרום, כדי צו מאַכן נעסטן אויף די משופּע'דיגע זייטן פון די „פויגל־בערג", ביים ברעג פון אייז־ים, און לעבן דאָ, ניט קריגענדיג זיך צווישן זיך פאַר די בעסטע ערטער; אַז מחנות פעליקאַנען לעבן פרידליך איינע לעבן די אַנדערע אויפ'ן ברעג ים, וואו יעדע מהנה האַלט זיך אָן איר טייל ים אויף צו כאַפּן פיש; אַז טויזענטער מינים פויגלען און זויגטירן קומען אויף איין אופן אָדער אַנדערן צו אַ וועלכער עס איז איינשטימונג בנוגע זייערע ראַיאָנען וואו צו באַקומען שפּייז, זייערע ערטער וואו צו בויען נעסטן, זייערע פּלעצער וואו צו נעכטיגן, זייערע געיעג־געגענדן, ניט רייסנדיג זיך צווישן זיך; ווען מיר זעהען, ענדליך, אַז אַ יונג פויגעלע, וואָס האָט אויסגעשלעפּט עטליכע שטרויעלאַך אָדער צווייגעלאַך פון אַ פרעמדער נעסט, ווערט באַשטראָפט דערפאַר פון אירע קרובים, כאַפּן מיר שוין אויף אין דעם לעבן פון די געזעלשאַפטליכע חיות דעם אָנפאַנג און אויך די אַנטוויקלונג פון דעם געפיל פון גלייכבאַרעכטיגונג און גערעכטיגקייט.

און ענדליך, ווען מיר גייען אין יעדן קלאַס פון די ברואים צו די העכערע פאַרשטייער פון די דאָזיגע קלאַסן (צו די מוראַש־

קעס, וועספּן און בינען ביי די אינסעקטן; צו די בושלען און פּאַפּוגייען צווישן פויגלען; צו די העכערע מעלי גרה, אַפּען און לסוף צום מענשן צווישן זויגטירן), געפינען מיר, אַז די אידענטי־פיצירונג פון דעם יחיד מיט זיין גרופּע, און אמאָל אויך די זעלבסט־אָפּפערונג פון וועגן דער גרופּע, וואַקסט לפי ערך וויפיל מיר גייען אריבער פון די נידעריגע פאַרשטייער פון יעדן קלאַס צו די הע־כערע — דעריין, פארשטייט זיך, איז אוממעגליך ניט צו זען אַן אָנווייז אויף דעם אורשפּרונג ניט נאָר פון די שפּראַצן פון עטיק, נאָר אויך פון די העכערע עטישע געפילן.

אויף אַט דעם אופן ווייזט זיך ארויס, אַז ניט נאָר גיט אונז ניט די נאַטור קיין לערע פון אַ־מאָראַליזם, ד. ה. פון אַ גלייכ־גילטיגער באַציהונג צו מאָראַליטעט, מיט וועלכער אַ געוויסער פּרינציפּ, וואָס איז פרעמד צו דער נאַטור, מוז קעמפען כדי צו באַזיגען; נאָר מיר זיינען געצוואונגען אנצודערקענען, אַז די סאַמע באַגריפן וועגן גוטס און שלעכטס, און אונזערע שלוסן וועגן „דאָס העכסט־גוטע" זיינען גענומען פון דעם לעבן פון דער נאַטור. זיי זיינען ניט קיין אנדער זאך ווי אַן אָפּשפּיגלונג אין דעם מענשנס אורטיילן פון דאָס, וואָס ער האָט געזען אין דעם לעבן פון די היות; דערצו, אין דעם משך פון דעם וויטערדיגן געזעלשאַפטליכן לעבן, און אלס פאָלגע פון אזא לעבן, האָבן די דערמאָנטע איינדרוקן זיך צונויפגלייגט אין דעם אַל־געמיינעם באגריף וועגן גוטס און שלעכטס. און מען דאַרף באַמערקן, אַז מיר האָבן דאָ דורכאויס אין אויג ניט די פּער־זענליכע אורטיילן פון אויסנאַם־מענשען, נאָר די אורטיילן פון די מערסטע מענשן. אַט די אורטיילן אנטהאלטן שוין אין זיך די גרונט־פּרינציפּן פון גערעכטיקייט און געגנזייטיגן מיטפילן, וואו און ביי וועמען פון די פילענדע באַשעפענישן מען זאָל זיי ניט אָנטרעפן — פּונקט אזוי ווי די באַגריפן וועגן מעכאַניקע, וואָס זיינען ארויסגעבראַכט געוואָרן פון די באָאָבאַכטונגען אויף דער אויבערפלעך פון דער ערד, לאָזן זיך אָנווענדן אויף דעם שטאָף אין די צווישן־שטערנדיגע רוימען.

דאָס אייגענע מוז מען אנדערקענען בנוגע דער וויטערדיגער אנטוויקלונג פון דעם מענשנס אינסטיטוציעס. די אנטוויקלונג

פון מענשן איז פארגעקומען אין דערזעלביגער אומגעבונג פון דער
נאַטור און האָט באַקומען פון איר די אייגענע ריכטונג; און דער־
ביי האָבן דידאָזיגע אינסטיטוציעס גופא פון געגנזייטיגער הילף
און שטיצע, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין די מענשליכע
געזעלשאַפטן, אַלץ מער און מער אַנגעוויזן דעם מענשן וויפיל
פאַרפליכטעט ער איז געווען צו דער דאָזיגער קראַפט. אין אזא
געזעלשאַפטליכער אומגעבונג האָט זיך אַלץ מער און מער אויס־
געאַרבעט די מאָראַלע געשטאַלט פון דעם מענשן. אויפן גרונט
פון די נייעסטע פאָרשונגען אין היסטאָריע, קאָנען מיר איצט
פאָרשטעלן די געשיכטע פון דער מענשהייט פון דעם שטאַנד־
פונקט פון דער אַנטוויקלונג פון דער פאָדערונג, וואָס ליגט אין
דער נאַטור פון דעם מענשן, צו אָרגאַניזירן זיין לעבן אויף די
יסודות פון געגנזייטיגער שטיצע, צוערשט אין דעם קרייז פון
זיינע קרובים און דערנאָך אין דער דאָרפישער געמיינדע און אין
די רעפובליקן פון די פרייע שטעדט; דערצו זיינען אָט די פאָרמען
פון געזעלשאַפטליכער אָרדענונג, ניט קוקנדיג אויף די רעגרעסיווע
פעריאָדן, אַליין געוואָרן די קוואַלן פון וויטערדיגן פראָגרעס.

געוויס מוזן מיר זיך אָפזאָגן פון דעם געדאַנק אויסצוטייטשן
די געשיכטע פון דער מענשהייט אַלס אַן אומאיבערגעריסענע קייט
פון אַנטוויקלונג, וואָס ציט זיך פון די צייטן פון דער שטיין־
עפּאָכע ביז צו דעם היינטיגן טאָג. די אַנטוויקלונג פון די מענש־
ליכע געזעלשאַפטן איז ניט געווען אומאיבערגעריסן. זי האָט זיך
עטליכע מאָל אָנגעהויבן פון דאָס ניי — אין אינדיע, עגיפטן,
מעסאָפּאָטאַמיע, גריכנלאַנד, רוים סקאַנדינאַוויע און מערב־איי־
ראָפּא — אַרויסגייענדיג יעדעס מאָל פון דער אורשפּרינגליכער
„פאַמיליע" און דערנאָך פון דער דאָרף־געמיינדע. באַטראַכטן מיר
אָבער יעדערע פון אָט די אַנטוויקלונג־ליניעס זעהען מיר, פאַר־
שטייט זיך, אין יעדערער פון זיי — באַזונדערס אין דער אַנט־
וויקלונג פון מערב־אייראָפּא זינט די רוימישע אימפּעריע איז גע־
פאַלן, — אַ שטענדיגע אויסברייטערונג פון די באַגריפן וועגן גע־
גנזייטיגער שטיצע און געגנזייטיגער פאַרטיידיגונג פון דער פאַמי־
ליע צום פאָלק, צו דער נאַציאָן, און ענדליך צו דעם פאַרבאַנד פון
נאַציאָנען. פון דער אַנדער זייט, ניט קוקנדיג אויף די צייטוויי־
ליגע ריקשריטליכע באַוועגונגען, וואָס קומען פאָר אפילו ביי די

מער געבילדעטע פעלקער, זעהען מיר א פארלאנג — זוועניגסטענס ביי די פאָרשטייער פון פּראָגרעסיוון געדאנק און אין די פּראָגרעסיווע פאָלקס־באַוועגונגען — שטענדיג אויסצובררייטערן די גאַנגבארע באגריפן וועגן דער מענשליכער געגנזייטיקייט און גערעכטיקייט. אין זיי זעט זיך קלאָר א שטרעבונג צו פארבעסערן דעם כאראַקטער פון די געגנזייטיגע באציהונגען, און עס באווייזט זיך אויך, אין דער פאָרם פון א אידעאַל, דער באגריף וועגן דאָס, וואָס איז ווינשנסווערט צו דערגרייכן אין דער ווייטערדיגער אנטוויקלונג.

אָט דאָס גופא, וואָס דער געבילדעטער טייל פון דער געזעלשאפט קוקט אויף די רעגרעסיווע באַוועגונגען, וועלכע קומען פאָר ציטנווייז ביי פארשיידענע פעלקער, ווי אויף ציטווייליגע קראנקהאפטע ערשיינונגען, וואָס מען דארף פארהיטן זיי זאָלן זיך ווידער ניט אומקערן — אָט דאָס אליין באווייזט, אז די עטישע מאָס איז איצטער א העכערע ווי זי איז געווען פריהער. און לפי ערך ווי די מיטלען צו באפרידיגן די באדערפענישן פון אלע איינוואוינער פארגרעסערן זיך אין די געבילדעטע געזעלשאפטן, און אזוי ארום ווערט צוגעגרייט דער וועג פאר א העכערן באגריף פון גערעכטיקייט בשייכות צו אלעמען, ווערן די עטישע פאָדערונגען נויטיגערווייז אלץ מער און מער פארפיינערט.

איז דעריבער, שטייענדיג אויפ׳ן שטאַנדפונקט פון דער וויסנשאַפטליכער רעאליסטישער עטיק, קאָן א מענש ניט נאָר גלויבן אין א מאָראלן פּראָגרעס, נאָר אויך באגרינדן דעמדאָזיגן גלויבן וויסנשאפטליך, ניט קוקנדיג אויף די אלע באקומענע פעסימיסטישע לעקציעס. ער זעט, אז דער גלויבן אין פּראָגרעס, וואָס איז אין אָנהויב אפילו מער ניט געווען ווי א פשוטע השערה (אין יעדער וויסנשאַפט קומט דער איינפאל פריהער איידער די וויסנשאַפטליכע אנטדעקונג), איז פונדעסטוועגן געוועזן א גאנץ ריכטיגע און ווערט איצט באשטעטיגט פון דער וויסנשאפט.

## צווייטער קאפיטל.

# די מערקבארע פרינציפן פון א נייער עטיק.

וואס שטערט דעם פראגרעס פון דער מאראל? — די אנטוויקלונג פון דעם אינסטינקט פון געזעלשאפטליכקייט. — די באגייסטערנדע קראפט פון א עוואלוציאנערער עטיק. — אידעען און מאראלע באגריפן. — דער פליכט־געפיל. — צוויי סארטן מאראלע האנדלונגען. — די באדייטונג פון זעלבסטשטעטיקייט. — די באדערפעניש פון פערזענליכן שאפן. — **געגענזייטיגע הילף, גערעכטיקייט, מאראליטעט**, אלס פרינציפן פון א וויסנשאפטליכער עטיק.

אויב די עמפירישע פילאסאפן, בויענדיג אויף דער נאטורוויסנשאפט, האבן נאך ביז איצטער ניט באוויזן די עקזיסטענץ פון א שטענדיגן פראגרעס פון די מאראלע באגריפן (וועלכן מען קאן אנרופן דער גרונד־פרינציפ פון עוואלוציע), זיינען שולדיג אין דעם אין א גרויסן ערך די ספעקולאטיווע, ד. ה. די ניט־וויסנשאפטליכע פילאסאפן. זיי האבן מיט אזא עקשנות אפגעלייקנט די עמפירישע, נאטירליכע אנטשטייאונג פון דעם מאראלן געפיל; זיי האבן אויסגע׳פלפול׳ט אזוינע פיינע חקירות, כדי צוצושרייבן צו דעם מאראלן געפיל אן איבערנאטירליכע אפשטאמונג; און זיי האבן זיך אזוי פיל פארשפרייט מכח דער „פאראויסבאשטימונג פון דעם מענשן“, וועגן דעם „צוועק צוליב וואס מיר עקזיסטירן“, וועגן „די צילן פון דער נאטור און פון דער באשאפונג“, אז עס האט אומפארמיידליך געמוזט קומען א רעאקציע אנטקעגן די מיטאלאגישע און מעטאפיזישע באגריפן, וואס האבן זיך אנגעקליבן ארום דערדאזיגער פראגע. די היינטיגע עוואלוציאניסטן, ווידער, וועלכע האבן באוויזן, אז אין דער וועלט פון חיות עקזיסטירט א פאר־

עקשנ׳טער קאמף פאר׳ן לעבן צווישן די פארשיידענע מינים, האבן ניט געקאנט צולאזן דעם געדאנק, אז אזא גראבע ערשיינונג, וואס איז גורם אזויפיל ליידן צווישן פילענדע באשעפענישן, זאל זיין דער אויסדרוק פון א העכערן ווען, און דעריבער האבן זיי געלייקנט די מעגליכקייט צו קאנען אנטדעקן אין דעם א וועלכן עס איז עטישן פרינציפ. ערשט איצטער, ווען די שטופנווייזע אנטוויקלונג פון די מינים, ווי אויך פון די מענשליכע ראסן, מענשליכע אינסטיטוציעס און אפילו די עטישע פרינציפן גופא, האבן אנגעהויבן באטראכט צו ווערן ווי רעזולטאטן פון א נאטירליכער אנטוויקלונג; ערשט איצטער איז מעגליך געווארן אויסצושטודירן, ניט ארײנפאלנדיג אין א איבערנאטירליכער פילאסאפיע, די פארשיידענע קרעפטן, וואס האבן אנטייל גענומען אין דער דאזיגער אנטוויקלונג: צווישן זיי אויך די באדייטונג פון געגנזייטיגער שטיצע און פון דעם וואקסנדיגן געגנזייטיגן מיטגעפיל אלס א נאטירליכע מאראלע קראפט.

אבער וויבאלד אז אזוי, דערגרייכן מיר א מאמענט פון גרויסער וויכטיגקייט פאר דער פילאסאפיע. מיר האבן א רעכט צו באשליסן, אז די לערע, וואס דער מענש האט באקומען אויספארשנדיג די נאטור און זיין אייגענע ריכטיג־פארשטאנענע געשיכטע, איז — די שטענדיגע אנוועזנהייט פון א **צווייפאכיגער שטרעמונג**: פון איין זייט צו **געזעלשאפטליכקייט**, און פון דער אנדער זייט צו א גרעסערער אינטענסיוויטעט פון לעבן, וואס קוועלט ארויס פון דער געזעלשאפטליכקייט, און פירט פאלגליך צו א גרעסערער גליקליכקייט פאר דער פערזאן און צו איר שנעלערן פיזישן, גייסטיגן און מאראלן פראגרעס.

אזא צווייפאכיגע שטרעמונג איז א כאראקטעריסטישער שטריך פון לעבן בכלל. זי ליגט בטבע אין אים און שטעלט צונויף איינע פון די גרונט־אייגנשאפטן פון לעבן (איינעם פון זיינע אטריבוטן), וואס פאר א געשטאלט דאס לעבן זאל ניט אננעמען אויף אונזער פלאנעט אדער וואו עס איז. און אט דער כלל איז ניט קיין מעטאפיזישע באהויפטונג וועגן דער „אלוועלטליכקייט פון דעם מאראלן געזעץ“, און ניט קיין פשוט׳ע השערה. אהן דער שטענדיגער פארשטארקונג פון געזעלשאפטליכקייט, און ממילא פון דער אינטענסיוויטעט פון לעבן און דער פארשיידנארטיקייט פון זיינע עמפינדונגען, איז דאס לעבן ניט מעגליך. דעריין באשטייט זיין

עצם. אויב דאָס איז ניטאָ, ווערט דאס לעבן איינגעצערט, דעגע־נערירט, פאַרניכטעט. דאָס קאָן מען אנדערקענען לויט א באַווי־זענעם געזעץ פון דער נאַטור.

עס קומט דעריבער אויס, אז ניט נאָר גראָבט די וויסנשאַפט ניט אונטער די יסודות פון עטיק, נאָר פאַרקערט, זי גיט א קאָנ־קרעטן אינהאלט צו די נעבלהאַפטיגע מעטאַפיזישע באַהויפּטונגען, וואָס ווערן געמאַכט פון דער טראַנסצענדענטאַלער, ד. ה. איבער־נאַטירליכער עטיק. און לפי ערך וואָס די וויסנשאַפט דרינגט אריין טיפער אינ׳ם לעבן פון דער נאַטור, גיט זי צו דער עוואָלוציאָ־ניסטישער עטיק א *פּילאָסאָפישע אומצוויפלהאַפטיקייט*. דאָרט וואו דער טראַנסצענדענטאַלער דענ־קער האָט זיך בלויז געקאָנט שטיצן אויף נעבלהאַפטיגע השערות.

נאָך וועניגער באַגרינדעט איז דער אַפּט־ווידערהאָלטער פאָר־וואורף, וואָס ווערט געמאַכט דעם דענקען, וואָס איז געבויט אויף דער אויספאָרשונג פון דער נאַטור. אזא דענקען, זאָגט מען אונז, קאָן אונז פירן בלויז צו דער דערקענטעניש פון א וועלכן עס איז קאַלטן מאַטעמאַטישן אמת, אבער אזוינע אמת׳ן האָבן א קנאַפּע ווירקונג אויף אונזערע האַנדלונגען. אין בעסטן פאַל קאָן די נאַטור־פאָרשונג אריינגעבן אין אונז א ליבע צום אמת, אבער א באַגייס־טערונג פאַר אזוינע העכערע געפילן, ווי צום ביישפּיל „אומענד־ליכע גוטסקייט“, דאָס קאָן נאָר געבן די רעליגיע.

עס איז ניט שווער צו באַווייזן, אז אזא באַהויפּטונג איז באַ־גרינדעט אויף גאָרנישט, און דעריבער איז זי פולשטענדיג פאַלש. די ליבע צו אמת מאַכט שוין אויס א גוטע העלפט — די בעסערע העלפט — פון יעדער מאָראַלער לערע. קלוגע רעליגיעזע מענשן פאַרשטייען עס גאַנץ גוט. וואָס איז שייך דעם באַגריף פון „גו־טעס“ און די שטרעבונג צו אים, שטעלט צוזאַמען דער נאָר־וואָס דערמאָנטער „אמת“, ד. ה. די אנדערקענונג פון געגענזייטיגער הילף אלס דער גרונט־שטריך אין לעבן פון אלע באַשעפענישן, אָהן שום ספק א באַגייסטערדיגן אמת, וועלכער וועט ווען עס איז געפינען זיין געהעריגן אויסדרוק אין דער פּאָעזיע פון דער נאַטור, וואָרים ער ברענגט אריין אין דער דערקענטעניש פון דער נאַטור א נייעם שטריך—א הומאַניטאַרישן שטריך. געטע, מיט דער דורכדרינגליכקייט פון זיין פּאַנטעאיסטישען זשעניע, האָט גלייך פאַרשטאַנען די גאַנ־

צו פילאָסאָפישע באַדייטונג פון דעמדאָזיגן אמת, ווען ער האָט דערהערט דעם ערשטן אָנווייז אויף אים פון דעם זאָאָלאָג עקקערמאַן. *

אין דעם ערד וואָס מיר באַקענען זיך נעהענטער מיט דעם פרימיטיוון מענשן, איבערצייגן מיר זיך אַלץ מער און מער, אַז ער האָט באַקומען פון דעם לעבן פון די חיות, מיט וועלכע ער האָט געלעבט אין ענגער פאַרבינדונג, די ערשטע לערען פון אַ געוואַגטער פאַרטיידיגונג פון זיינע חברים, זעלבסטאָפּפערונג לטובת זיין גרופּע, אומבאַשרענקטע ליבע פון עלטערן און די נוצן פון געזעלשאַפטליכקייט בכלל. די באַגריפן פון „גוטע טאַטן" און „שלעכטע" זיינען זאָאָלאָגישע באַגריפן, ניט בלויז מענשליכע.

אַ חוץ דעם איז קוים נויטיג צו באַטאָנען די ווירקונג פון א י ד ע ע ן און אידעאַלן אויף די מאָראַלע באַגריפן; און פּונקט אַזוי אויך אויף דעם פאַרקערטן איינפלוס פון די מאָראַלע באַגריפן אויף דעם גייסטיגן פּנים פון יעדער עפּאָכע. דער גייסטיגער צוזאַמענשטעל און די גייסטיגע אַנטוויקלונג פון אַ געגעבענער געזעלשאַפט קאָנען צייטנווייז אַננעמען אַ גאַנץ פאַלשע ריכטונג אונטער דעם איינפלוס פון אַלערליי אויסערליכע אומשטענדען, ווי למשל פון דורשט נאָך רייכקייט, פון מלחמות און דערגלייכען; אָדער גאָר פאַרקערט, זיי קאָנען זיך אויפהויבן אויף אַ גרעסערער הויך. אָבער אין דעם איינעם, ווי אין דעם אַנדערן פאַל ווירקט אַלעמאָל די גייסטיקייט פון דער געגעבענער עפּאָכע גאַנץ טיף אויף דעם צוזאַמענשטעל פון די מאָראַלע באַגריפן פון דער געזעלשאַפט.

---

* זע עקקערמאַן „געשפּרעכן מיט געטע," 1848, באַנד 3. ווען עקקערמאַן האָט דערציילט געטע'ן, ווי אַ יונג פייגעלע, וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון נעסט, בעת ער, עקקערמאַן, האָט דערשאָסן די מוטער, איז אויפגעהויבן געוואָרן פון אַ מוטער פון אַנאַנדער מין, איז געטע שטאַרק נתפּעל געוואָרן. „אויב דאָס, האָט ער געזאָגט, זאָל זיך אַרויסווייזן אַלס אַן אַלגעמיין פאַרברייטערטער פאַקט, דאַן דערקלערט עס דאָס געטליכע אין דער נאַטור". די זאָאָלאָגן פון אָנהויב 19טן י.ה., וועלכע האָבן אויסגעפאָרשט דאָס לעבן פון די טירן אין אַמעריקא, וואו דאָס לאַנד איז ניט באַפעלקערט פון מענשן, ווי אויך אַזאַ נאַטורפאָרשער ווי ברעהם, האָבן באַשטעטיגט, אַז דער פאַקט, וואָס עקקערמאַן האָט באַמערקט, קומט ווירקליך אָפט פאָר אין דעם לעבן פון חיות.

דאס אייגענע איז אויך ריכטיג בנוגע די באזונדערע פערזענליכ־ קייטן.

עס איז קיין צווייפל ניט, אז געדאנקען — א י ד ע ע ן — שטעלן מיט זיך פאר ק ר ע פ ט ן. ווי דאס האט פולליע ארויס־ געזאגט; און זיי זיינען עטישע, מאראלע קרעפטן, אויב זיי זיינען אמת׳ע און גענוג ברייטע צו קאנען אויסדריקן דעם אמת׳ן לעבן פון דער נאטור אין איר גאנצן צונויפשטעל און ניט נאר פון איין זייט אירן. דעריבער איז דער ערשטער טריט, וואס מען מוז מאכן כדי אויסצוארבעטן א מאראל, וועלכע זאל זיין בכח צו האבן אן אנהאלטענדיגן איינפלוס אויף דער געזעלשאפט, זי צו באגרינדן אויף פעסטגעשטעלטע ווארהייטן. אין דער ווירקליכקייט איז איי־ נע פון די הויפט שטערונגען פון אויסארבעטן א פולשטענדיגן סיסטעם פון עטיק, וואס זאל אנטשפרעכן די מאדערנע פאדערונ־ גען, דאס וואס די וויסנשאפט וועגן דער געזעלשאפט געפינט זיך נאך אין דעם קינדערשן פעריאד. די סאציאלאגיע האט ערשט געענדיגט קלייבן מאטעריאלן און הויבט ערשט אן זיי אויסצו־ פארשן מיט דעם צוועק צו באשטימען די ווארשיינליכע ריכטונג פון דער וויטערדיגער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט. אבער דא טרעפט זי זיך די גאנצע צייט אן מיט א מאסע איינגעווארצל־ טע פאראורטיילן.

די הויפט פאדערונג, וואס מען שטעלט איצט דער עטיק, איז — זוכן אויסצוגעפינען אין דער פילאסאפישער פארשונג פון דעם ענין דאס געמיינשאפטליכע צווישן צוויי רייהען געגנגעזעצטע געפילן, וואס עקזיסטירן אין דעם מענשן, און אויף דעם אופן העלפן די מענשן צו געפינען ניט קיין קאמפראמיס, ניט קיין פשרה צווישן זיי, נאר זייער סינטעז, זייער גענעראליזאציע. איינער פון די דא־ זיגע געפילן ציט דעם מענשן צו באהערשן אנדערע מענשן פאר זיינע פערזענליכע צוועקן; בעת אנדערע געפילן ציען אים צו פאר־ אייניגן זיך מיט אנדערע מענשן, כדי צו דערגרייכן מיט געמיינ־ שאפטליכע כחות געוויסע צילן. די ערשטע פארענטפערן איין גרינטליכע פאדערונג פון דעם מענשן, די פאדערונג פון קאמף, בעת די אנדערע פארענטפערן אנאנדערע אויך א גרינטליכע פא־ דערונג, דעם פארלאנג פון אייניגקייט און געגענזייטיגן מיטגעפיל. אט די צוויי גרופן געפילן מוזן, פארשטייט זיך, קעמפן צווישן זיך;

אבער געפינען זייער סינטעז אין א וועלכער עס איז פאָרם, איז אומבאַדינגט נויטיג. און נאָכמער נויטיג דערפאַר, וואָס דער היינטיגער מענש, וועלכער האָט ניט קיין באַשטימטע איבערצייגונגען צו קאָנען זיך פאַנאַנדערקלייבן אין דעמדאָזיגן צוזאַמענשטויס, פאַרלירט זיין אַקטיווע קראַפט. ער קאָן ניט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דער קאַמף פאַר באַהערשונג, וואָס פירט זיך אויף מעסערס צווישן באַזונדערע מענשן און פעלקער, זאָל זיין דאָס לעצטע וואָרט פון דער וויסנשאַפט; און אין דערזעלביגער צייט גלויבט ער ניט אין לייזן די פראַגע דורך פריידיגן ברידערליכקייט און זעלבסט־פאַרלייקענונג, וואָס דאָס קריסטנטום האָט אַנגעפירט אַזויפיל יאָר־הונדערטן און איז קיינמאָל ניט געווען אימשטאַנד צו דערגרייכן ניט די ברידערשאַפט פון פעלקער און מענשן, און ניט אפילו קיין געגנזייטיגע טאָלעראַנץ פאַר די פאַרשיידענע קריסטליכע לערען. און וואָס איז שייך די לערע פון די קאָמוניסטן, איז צוליב דערזעלביגער אורזאַך גלויבט ניט די גרויסע מערהייט פון די מענשן אויך אין דעם קאָמוניזם.

אויף אַט דעם אופן איז די הויפט אויפגאַבע פון דער עטיק איצטער — צו העלפן דעם מענשן געפינען די לייזונג פון אַט דעם גרינטליכן ווידערשפרוך.

פאַר אַט דעם צוועק מוזן מיר פריהער ווי אַלץ גענוי אונטערזוכן די מיטלען, וואָס די מענשן אין פאַרשיידענע צייטן האָבן אָנגענומען, כדי צו באַקומען פון דער סומע אָנשטרענגונגען פון די באַזונדערע פערזענליכקייטן דעם גרעסטן וואוילשטאַנד פאַר אַלעמען, אין דערזעלביגער צייט ניט פאַראַליזירנדיג די ענערגיע פון דעם איינצעלנעם. מיר מוזן אויך אויספאָרשן די שטרעבונגען, וואָס ווייזן זיך איצטער אַרויס אין דערזעלביגער ריכטונג, אַי אַזעלכע וואָס דריקן זיך שוין אויס אין פאַרזיכטיגע פּראָבעס, אַי די נאָך באַהאַלטענע מעגליכקייטן, וואָס ליגן אין דער היינטיגער געזעלשאַפט, כדי צו דערגיין צו דעם נויטיגן סינטעז. און אַזוי ווי קיין נייע באַוועגונג איז ניט דורכגעפירט געוואָרן ניט אַרויסרופנדיג א געוויסן ענטוזיאַזם, וואָס איז נויטיג כדי ביייצוקומען די אינערציע פון די מוחות, דאַרף דעריבער זיין די גרינטליכע אויפגאַבע פון א נייער עטיק אַריינצוגיסן אין דעם מענשן **אידעאַלן, וואָס זיינען בכח צו דערוועקן ענטוזיאַזם**

און זיי געבן כחות דורכצופירן אין לעבן דאס, וואס עס וואלט געקאָנט פאראייניגן די פערזענליכע ענערגיע מיט דער ארבייט לטובת הכלל.

די פאָדערונג פון א רעאלן אידעאל פירט אונז צו באטראכטן די הויפּט איינווענדונג, וואס ווערט ארויסגעשטעלט אנטקעגן אלע ניט־רעליגיעזע סיסטעמען פון עטיק. זיי האָבן ניט, זאָגט מען אונז, די נויטיגע אויטאָריטעט; זייערע שלוסן קאָנען ניט דער־וועקן דעם געפיל פון פ ל י כ ט, פון ה ת ח י ב ו ת.

עס איז גאנץ ריכטיג, אז די עמפּירישע עטיק האָט קיינמאל ניט ארויסגעשטעלט קיין פּרעטענזיעס אויף אזא התחיבות, ווי דאָס פאָדערן צום ביישפּיל די עשרת הדברות. אמת, קאַנט, וועל־כער האָט ארויסגעשטעלט ווי א „קאטעגאָרישן אימפּעראטיוו“ פון יעדער מאָראל דעם כלל: „פיר זיך אזוי, אז דער מאָטיוו פון דיין ווילן זאָל קאָנען דינען ווי א פּרינציפּ פאר אן אלוועלטליכער גע־זעצגעבונג“, האָט באוויזן, אז אָט דער כלל נויטיגט זיך ניט אין קיין העכערער באשטעטיגונג, כדי צו ווערן אָנדערקענט ווי א מוז פאר דער גאנצער וועלט. דער כלל, האָט ער געזאָגט, שטעלט פאָר א נ ו י ט י ג ע פאָרם פון דענקען, א ק א ט ע ג אָ ר י ע פון אונזער פארשטאנד; ער קומט ניט ארויס פון וועלכע עס איז אוטיליטארישע אויסרעכענונגען, ד. ה. פון אויסרעכענונגען וועגן די נוצן, וואס ער קאָן ברייינגען.

די מאָדערנע קריטיק אבער, אָנהויבענדיג מיט שאָפּענהויער'ן, האָט באוויזן, אז קאַנט האָט א טעות געהאט. ער ה אָ ט נ י ט ב א ו ו י ז ן פארוואס דער מענש איז מחויב צו אונטערוואַרפן זיך אונטער זיין „געבאָט“, זיין אימפּעראטיוו. דערביי איז איי־נטערעסאנט צו באמערקן, אז פון קאַנט'ס דענקען גופא קומט אויס, אז דער איינציגער גרונט פארוואס זיין געבאָט קאָן פּרעטענדירן אויף אן אלגעמיינער אָנדערקענונג, באשטייט אין זיין געזעלשאפטלי־כער נ ו צ ל י כ ק י י ט; אין דערזעלביגער צייט זיינען איינציגע פון קאַנט'ס בעסטע זייטלאך אקוראט די, וואו ער באווייזט, אז די אויסרעכענונגען וועגן נוצליכקייט טאָרן בשום אופן ניט באַ־טראכט ווערן פאר דעם גרונט פון דער מאָראל. אין דער ווירק־ליכקייט האָט ער אנגעשריבן א שיינעם לויבגעזאנג צו דעם געפיל פון פליכט, נאָר ער האָט ניט געפונען פאר דעם דאָזיגן געפיל קיין

אנדער גרונט אחוץ דעם אינערליכן געוויסן פונם מענשן און זיין פארלאנג אַנצוהאלטן א האַרמאָניע צווישן זיינע גייסטיגע באַגריפן און זיינע מעשים. *

די עמפּירישע מאָראַל, פאַרשטייט זיך, זוכט ניט אנטקעגן צו שטעלן וואָס עס איז דעם רעליגיעזן געבאט, וואָס דריקט זיך אויס מיט די ווערטער: „איך בין דיין גאָט"; אבער דער טיפער ווידערשפּרוך, וואָס עקזיסטירט נאָך אַלץ אין לעבן צווישן די לערען פון קריסטענטום און דעם ווירקליכן לעבן פון די געזעלשאַפטן, וועלכע רופן זיך קריסטליכע, נעמט אוועק די קראַפט פון דעם פריער־דערמאָנטן פאַרוואורף. דערצו מוז מען אויך זאָגן, אז גאָר אָהן א וועלכער עס איז קאָנדיציאָנעלער התחיבות איז די עמפּירישע מאָראַל אויך ניט. די פאַרשיידענע געפילן און האנדלונגען, וועלכע ווערן אָנגערופן זינט אָגוסט קאָנט'ס צייט „אַלטרואיסטישע", קאָנען לייכט איינגעטיילט ווערן אין צוויי סאָרטן. עס זיינען פאַראַן האנדלונגען, וואָס זיינען אומבאדינגט נויטיגע, ווייבאלד נאָר מיר ווילן לעבן אין געזעלשאַפט, און זיי האָט מען קיינמאָל ניט געדאַרפט אָנרופן אַלטרואיסטישע: זיי טראָגן דעם כאַראַקטער פון געגנזייטיקייט און ווערן געטאָן פון דער פּערזאָן פונקט אזויפיל אין אירע אייגענע אינטערעסן ווי יעדע האנדלונג פון זעלבסטדערהאַלטונג. אבער אין איין ריי מיט אזוינע האנדלונגען זיינען פאַראַן אויך אנדערע, וואָס האָבן לגמרי ניט דעם כאַראַקטער פון געגנזייטיקייט. דער וואָס באַגייט אזוינע האנדלונגען, גיט אוועק זיינע כחות, זיין ענערגיע, זיין ענטוזיאַזם, ניט דערוואַרטנדיג קיין אָפּענטפער, קיין באַלוינונג; און אבוואויל גראַד אַט די האנדלונגען דינען אלס די הויפּט באַוועגער פון דער מאָראַלער פאַרפאָלקאָמענונג, פונדעסטוועגן באַטראַכטן זיי ווי מ ח ו י ב־

* שפּעטער איז ער על כל פּנים געגאַנגען ווייטער. פון זיין „פילאָסאָפישער טעאָריע דעם גלויבענס", וואָס ער האָט ארויסגעגעבן אין 1792, קאָן מען זען, אז אויב ער האָט אָנגעהויבן מיט דעם, וואָס ער האָט געוואָלט אויפשטעלן א ראַציאָנאַלע עטיק אנטקעגן די אנטי־קריסטליכע לערען פון יענער צייט, האָט ער געענדיגט דערמיט, וואָס ער האָט אָנדערקענט „די אומבאַגרייפליכקייט פון א מאָראַלער אייגנשאַפט, וואָס ווייזט אָן אויף איר געטליכער „אָפּשטאַמונג". קאַנט'ס ווערק, האַרטענשטיינ'ס אויסגאַבע, באַנד 6, ז. 143-144.

ד י ג ע איז אוממעגליך. אבער אט די צוויי סארטן האנדלונגען פארטומלען שטענדיק די שרייבער וועגן מאראל, און דעריבער געפינען מיר אין די פראגן וועגן עטיק אזויפיל ווידערשפרוכן.

אייגנטלאך איז גאנץ לייכט צו באפרייען זיך פון אט דער טומלעניש. פריהער פאר אלץ איז קלאר, אז עס איז בעסער ניט צונויפצומישן די אויפגאבן פון דער עטיק מיט די אויפגאבן פון דער געזעצגעבונג. די לערע וועגן מאראל לייזט אפילו גארניט די פראגע, צי מען דארף א געזעצגעבונג אדער ניט. די מאראל שטייט העכער פון דעם. פאקטיש ווייסן מיר פון פילע עטישע שרייבער, וועלכע האבן אפגעלייקנט די נויטיקייט פון וועלכער עס איז געזעצגעבונג, און האבן דירעקט אפעלירט צו דעם מענשליכן געוויסן; און אין דעם ערשטן פעריאד פון דער רעפארמאציע האבן די דאזיגע שרייבער געהאט א גאנץ היפשן איינפלוס. אין דער אמת'ן, ניט אין דעריין באשטייען די אויפגאבן פון דער עטיק כדי צו באטאנען דעם מענשנס פעלערן און אים מאכן פארוואורפן פאר זיינע „זינד"; זי דארף ווירקן אין א פ א ז י ט י ו ו ע ר ריכטונג, אפעלירנדיג צו דעם מענשנס בעסערע אינסטינקטן. זי באשטימט און קלערט אויף איינציגע גרונט־פרינציפן, וואס אהן זיי וואלטן ניט די חיות, ניט די מענשן געקאנט לעבן אין געזעלשאפטן. דערפאר אבער אפעלירט זי צו עטוואס העכערעס: צו ליבע, צו מענשליכקייט, צו ברידערליכקייט, צו זעלבסטאכטונג, צו א לעבן לויט דעם אידעאל. ענדליך זאגט זי דעם מענשן, אז אויב ער וויל לעבן אזוי, אז זיינע אלע קרעפטן זאלן געפינען א פולן אויסדרוק, מוז ער איינמאל פאר אלע מאל זיך אפזאגן פון דעם געדאנק, אז מען קאן לעבן זיך ניט רעכענענדיג מיט די פאדערונגען און פארלאנגען פון אנדערע.

נאר דאמאלסט, ווען עס שטעלט זיך איין א וועלכע עס איז הארמאניע צווישן דער פערזאן און אלע אנדערע ארום איר, איז מעגליך א דערנעהענטערונג צו אזא לעבן, זאגט די עטיק; און זי לייגט צו: „קוקט זיך צו צו דער נאטור; לערנט אוים די פארגאנגענהייט פון דעם מענשליכן מין; זיי וועלן אייך באווייזן, אז דאס איז אמת". דערנאך, ווען דער מענש, צוליב א וועלכער עס איז אורזאך, וואקלט זיך און ווייס ניט ווי צו האנדלען אין א וועלכען עס איז פאל, קומט אים די עטיק צו הילף און ווייזט אים אן

ווי ער וואָלט אליין געוואָלט, מען זאָל אים באהאנדלען אין א ענליכן פאַל. *

אבער אפילו אין אזא פאַל צייגט די עטיק ניט אָן קיין שטרענגע ליניע פון אויפפיר, ווארום דער מענש אליין דארף אָפּשאַצן דעם ווערט פון די טעמים, וואָס שטעלן זיך אים פאָר. דעם, וואָס איז ניט אימשטאנד אריבערצוטראָגן קיין אומגליקליכן צופאַל, איז קיין פּעולה ניט צו ראָטן גיין אויף ריזיקע; אזוי אויך איז נוצלאָז צו ראָטן א יונגן מענשן, וואָס איז פול מיט ענערגיע, די פאָרזיכטיקייט פון א אַלטן. ער וועט ענטפערן דערויף מיט יענע טיף־ריכטיגע, שיינע ווערטער, מיט וועלבע עגמאָנט ענטפערט דעם אלטן גראף אַליוויע אין געטע'ס דראמע. און ער וועט זיין גערעכט. „ווי אנגעטריבענע פון אומזיכטבארע גייסטער טראָגן זיך די זוניגע פערד פון דער צייט מיט דעם לייכטן פורל פון אונזער שיקזאַל; און אלץ וואָס אונז בלייבט צו טאָן, איז פעסט האַלטן די לייצעם און אָפּקערעווען די רעדער — דאָ פון שטיינער צו לינקס, דאָ פון א גראָבן רעכטס. וואוהין טראָגן מיר זיך? ווער ווייס? געדענקען מיר דען איפילו פונוואנען מיר גייען?" — „די בלום מוז בליען, זאָגט גיאָ, אפילו ווען דאָס בליען וואָלט געווען איר טויט. **

און פונדעסטוועגן איז ניט דער הויפּט צוועק פון דער עטיק צו געבן עצות יעדערן באזונדער. איר צוועק איז גיכער אוועקצושטעלן פאַר די מענשן אלס גאנצעס א העכערן ציל — א אידעאַל, וואָס זאָל בעסער ווי יעדע עצה זיי פירן אינסטינקטיוו צו האנדלען אין דער געהעריגער ריכטונג. פונקט אזוי ווי דער ציל פון בילדן דעם שכל באשטייט אין דעם, אז מיר זאָלן זיך צוגעוויינען מאכן אלערליי לאָגישע שלוסן כמעט אומבאוואוסטזיניג, אזוי אויך איז דער ציל פון דער עטיק — באשאפן אין דער געזעלשאפט אזא אטמאָספערע, אז די מערסטע מענשן זאָלן פולשטענדיג אימפּולסיוו, ד. ה. אָהן וואקלעניש, באגיין גראד די טאטן, וואָס פירן צום וואוילזיין פון אלע און צום גרעסטן גליק פון יעדערן באזונדער.

* די עטיק וועט אים ניט זאָגן: „דו דאַרפסט אזוי און אזוי האנדלען," נאָר זי פרעגט אים: „וואָס ווילסטו טאָן, באַשטימט און ענדליך, און ניט צוליב א מאָמענטאַנער שטימונג". (פ. פאולסען, „סיסטעם דער עטיק," בערלין, 1896, ב. 1, ז. 20).

** מאַרק גיאָ, „די מאָראַל אָהן התחיבות און באַנקציעס".

אַט דאָס איז דער ענדליכער ציל פון דער מאָראַל. אבער כדי דאָס צו דערגרייכן, מוזן מיר באפרייען אונזערע מאָראַלע לערען פון זייערע אינערליכע ווידערשפּרוכן. די מאָראַל, צום ביישפּיל, וואָס פּריידיגט „טאָן גוטעס" אויס מיטלייד און רחמנות, אנטהאלט אין זיך א טויטליכן ווידערשפּרוך.

זי פאנגט אָן מיט דער באהויפּטונג פון גערעכטיקייט אין באַצוג צו אַלעמען, ד. ה. פון גלייכהייט, אדער פון פולקאמער ברידערליכקייט, וואָס עס מיינט ווידער אמאָל גלייכהייט, אדער לכל הפּחות פון גלייכבארעכטיגונג. און גלייך נאָכדעם איילט זי זיך צו צולעגן, אז שטרעבן דערצו איז ניטאָ וואָס. די ערשטע איז ניט דערגרייכבאר... און וואָס איז שייך ברידערליכקייט, דעם הויפּט יסוד פון אַלע רעליגיעס, דאַרף מען עס ניט פארשטיין אין בוכשטעבליכן זין: דאָס איז נאָר געוועזן א פּאָעטישער אויסדרוק פון ענטוזיאַסטישע פּריידיגער. — „אומגלייכהייט איז א געזעץ פון דער נאַטור" זאָגן אונז די רעליגיעזע פּריידיגער, דערמאָנענדיג דאָ אגב אורחא די נאַטור; אין דער פראַגע לערנען זיי אונז נעמען לעקציעס ביי דער נאַטור און ניט ביי דער רעליגיע, וואָס קריטיקירט די נאַטור. ווען אבער די אומגלייכהייט אין דעם לעבן פון מענשן ווערט שוין צופיל שרייענדיג, און די סומע פון די פּראָדוצירטע רייכטימער ווערט פארטיילט אזוי ניט גלייכמעסיג, אז די גרעסטע צאָל מענשן לעבט אין דער שרעקליכסטער אָרימקייט, דאמאָלסט — ווערט א הייליגער חוב צו טיילן זיך מיט די אָרימע „אַלץ מיט וואָס מען קאָן זיך טיילן", ניט בארויבנדיג זיך פון דער אייגענער פּריווילעגירטער לאַגע.

אזא מאָראַל קאָן, פארשטייט זיך, אָנהאַלטען א געוויסע צייט, אדער אפילו א לאנגע צייט, אויב זי ווערט געשטיצט פון דער רעליגיע — לויט דער אויסטייטשונג פון דער הערשענדער קירך. אבער אזויבאלד ווי דער מענש הויבט אָן זיך באַציען צו דער רעליגיע קריטיש און זוכט איבערצייגונגען, וואָס זיינען פעסטגעשטעלט פון דער פארנונפט אנשטאט פון דער בלינדער געהאָרכזאמקייט און מורא, דאן קאָן שוין אזא ווידערשפּרוך זיך לאנג ניט האלטן. עס קומט אויס זיך מיט אים צו שיידן — און וואָס פריער, אַלץ בעסער. א אינערליכער ווידערשפּרוך איז א טויט־אורטייל פאר יעדער עטיק און א וואָרם, וואָס פרעסט אויף די ענערגיע פון מענשן.

איין גרונט־באַדינג מוז אויסגעהאַלטן ווערן פון יעדער מאָ־
דערנער טעאָריע פון מאָראַל. זי טאָר ניט איינשמידן די זעלבסט־
שטענדיקייט פון דער פּערזאָן אַפילו צוליב אַזאַ הויכן צוועק ווי דאָס
וואוילזיין פון דער געזעלשאַפט אָדער פון דער מענשהייט. וואונדט,
אין אַן אויסגעצייכנטן איבערבליק איבער די עטישע סיסטעמען,
האָט באַמערקט, אַז אָנהויבנדיג פון דעם „אויפקלערונגס פּעריאָד"
פון מיטן 18טן י. ה. ווערן כמעט אַלע עטישע סיסטעמען אינדי־
ווידואַליסטיש. אָבער די באַמערקונג איז ריכטיג נאָר ביז אַ גע־
וויסן גראַד, ווארים די רעכט פון דער פּערזאָן זיינען פּאַרטיידיגט
געוואָרן מיט אַ באַזונדערער ענערגיע בלויז אויף איין געביט —
אויף דעם עקאָנאָמישן. און אַפילו דאָ איז די פּערזענליכע פריי־
הייט געבליבן אי אויף דער פּראַקטיקע, אי אין טעאָריע מער
לפנים ווי אין דער ווירקליכקייט. וואָס איז שייך די אַנדערע גע־
ביטן — די פּאָליטישע, גייסטיגע און קונסט־געביטן — קאָן מען
זאָגן, אַז אין דעם ערך וואָס דער עקאָנאָמישער אינדיווידואַליזם
האָט זיך באַפעסטיגט מיט אַלץ מער קראַפט, אויף אַזויפיל איז
שטענדיג געוואַקסן די אונטערדריקונג פון דער פּערזענליכקייט צו
דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע פון דער רעגירונג און איר ער־
ציאונג־סיסטעם, ווי אויך צו דער גייסטיגער דיסציפּלין, וואָס איז
נויטיג אויפצוהאַלטן די עקזיסטירנדע אינסטיטוציעס. אַפילו
דער גרעסטער טייל עקסטרעמע רעפאָרמאַטאָרן פון דער היינטיגער
צייט נעמען אָן, אַז אין זייערע פאָרשטעלונגען פון דער צוקינפטיגער
אָרדענונג, ווי אַן אומבאַשטרייטבאַרע הנחה, אַז די געזעלשאַפט
וועט נאָך מער פאַרשלינגען די פּערזענליכקייט ווי איצטער.

אַזאַ שטרעבונג האָט נאַטירליך אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט,
וואָס גאָדווין האָט אויסגעדריקט אין אָנהויב 19טען י. ה. און ספּענ־
סער אין דער אַנדער העלפט פון דעמזעלביגן יאָרהונדערט, און האָט
געפירט ניטצשען צו דער באַהויפּטונג, אַז עס איז בעסער אַרויס־
וואַרפן דרויסן יעדע מאָראַל, אויב זי קאָן ניט געפינען קיין אַנדער
באַזיס אַ חוץ ווי צו ברענגען די פּערזענליכקייט פאַר אַ קרבן
צו די אינטערעסן פון דעם מענשליכן מין. אָט די קריטיק פון די
גאַנגבאַרע לערען וועגן מאָראַל שטעלט מעגליך פאַר אַ העכסט
כאַראַקטעריסטישן שטריך פון אונזער צייט; נאָך מער דערמיט,
וואָס איר הויפּט באַוועג־קראַפט איז ניט אַזוי די ענג־פּערזענליכע

שטרעבונג צו עקאנאמישער אומאפהענגיקייט (ווי דאס איז געווען אין 18טען י. ה. ביי אלע פארטיידיגער פון די רעכט פון דער פערזאן, אחוץ גאדווינען), ווי א ליידנשאפטליכער ווונש פון פערזענליכער אומאפהענגיקייט, כדי אויסצוארבעטן א נייע בעסערע געזעלשאפטליכע ארדענונג, וואו דער וואוילשטאנד פאר אלעמען זאל ווערן דער באזיס פאר דער פולער אנטוויקלונג פון דער פערזאן. *

די ניט־גענוגענדע אנטוויקלונג פון דער פערזענליכקייט (וואס פירט צו סטאדעשאפט) און דער מאנגל אין פערזענליכער שאפונגס־קראפט און איניציאטיווע מאכן אהן צווייפל אויס איינעם פון די הויפט פעלערן פון אונזער צייט. דער עקאנאמישער אינדיווידואליזם האט ניט געהאלטן זיינע צוזאגן: ער האט אונז ניט געגעבן קיין קלארע אנטוויקלונג פון אינדיווידואליטעט... ווי אין די אלטע צייטן, קומט פאר די שאפונג אין די געזעלשאפטליכע קאנסטרוקטיווע ארבייטן זייער און זייער לאנגזאם, און די נאכאמונג בלייבט נאך אלץ דער הויפט מיטל אויף צו פארשפרייטן די פראגרעסיווע נייע איינפירן אין דער מענשהייט. די מאדערנע פעלקער חזרן איבער די היסטאריע פון די בארבארישע פעלקער און מיטלאלטערליכע שטעט, ווען זיי האבן איבערגענומען איינע פון די אנדערע די פאליטישע, רעליגיעזע און עקאנאמישע באוועגונגען און זייערע „כארטן פון פרייהייט“. גאנצע נאציעס האבן די לעצטע צייט איבערגענומען מיט ערשטוינענדער שנעלקייט די אינדוסטריעלע און מיליטערישע ציוויליזאציע פון אייראפא, און אין אט די אפילו ניט איבערגעקוקטע נייע אויסגאבן פון אלטע מושטערן זעט זיך אמבעסטן ווי אויבערפלעכליך עס איז דאס, וואס ווערט אנגערופן קולטור: וויפיל פשוטע נאכאמונג עס געפינט זיך אין איר.

---

* וואונדט מאכט זייער אן אינטערעסאנטע באמערקונג: „אויב, זאגט ער, מען זאל ניט אננעמען, אז אלע סמנים זיינען פאלשע, קומט איצט פאר א רעוואלוציע אין דער געזעלשאפטליכער מיינונג, אין וועלכער דער עקסטרעמער אינדיווידואליזם פון דער אויפקלערונגס עפאכע טרעט אפ זיין פלאץ צו דער אויפוואכונג פון דעם אוניווערסאליזם פון די אמאליגע דענקער, דערגענצט מיט דעם באגריף וועגן דער פרייהייט פון דער מענשליכער פערזענליכקייט — אן אויסבעסערונג, פאר וועלכער מיר האבן צו פארדאנקען דעם אינדיווידואליזם“. (די עטיק, ז. 459).

עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירליך צו שטעלן די פראַגע: צי חעלפן ניט די איצט פאַרשפרייטע מאָראַלע לערען דער דאַזיגער נאָכאַמענדיגער אונטערוואַרפנקייט? צי האָבן זיי ניט שוין צו־פיעל זיך געמיעט מאַכן פון דעם מענשן אַן „אידעעזירנדן אויטאָ־מאַט", וועגן וועלכן הערבאַרט האָט געשריבן, וואָס איז פאַרטיפט אין באַטראַכטונגען און שרעקט זיך מער ווי אַלץ פאַר דעם שטורם פון ליידנשאַפטן? איז שוין ניט צייט איינצושטעלן זיך פאַר די רעכט פון לעבעדיגן מענשן, פון דעם וואָס איז פול מיט ענערגיע, וואָס קאָן שטאַרק ליבן דאָס, וואָס איז ווערט ליב צו האָבן, און האַסן דאָס, וואָס פאַרדינט געהאַסט צו ווערן; פון דעם מענשן, וואָס איז שטענדיג גרייט צו קעמפן פאַר דעם אידעאַל, וואָס דערהויבט זיין ליבע און באַרעכטיגט זיין אַנטיפּאַטיע? זינט די צייטן פון די פילאָסאָפן פון דער אַלטער וועלט איז אַלעמאָל געווען אַ שטרעבונג פאַרצושטעלן די „טוגענד" ווי אַן אַרט „חכמה", וואָס דערמונטערט דעם מענשן גיכער „צו אַנטוויקלען די שיינקייט פון זיין נשמה", איידער צו קעמפן אַנטקעגן דאָס בייזע פון זיין צייט צוזאַמען מיט די „ניט־חכמים". שפּעטער האָט מען די טוגענד אַנגערופן „אומ־ווידערשטאַנד צו דאָס שלעכטע" און אין פאַרלויף פון פילע יאָר־הונדערטן איז די פערזענליכע „רעטונג" צוזאַמען מיט אַן אונטער־טעניקייט צום מזל און אַ פּאַסיווער פאַרהאַלטן זיך צו שלעכטס געוואָרן דער עצם פון דער קריסטליכער עטיק. אין רעזולטאַט האָט זיך באַקומען אַ חקירה פון פיינע באַווייזן צו פאַרטיידיגן דעם טו־גענדהאַפטיגן אינדיווידואַליזם און צו לויבן די קלויסטערשע גלייכ־גילטיקייט געגנאיבער דאָס געזעלשאַפטליכע בייז. צום גליק הויבט זיך שוין אָן אַ רעאַקציע אַנקעגן אַזאַ עגאָאיסטישער טוגענד, און עס ווערט אָוועקגעשטעלט די פראַגע, צי איז ניט דאָס פּאַסיווע פאַר־האַלטן זיך צו שלעכטס אַ פאַרברעכערישע פייגהייט? איז ניט די זענד־אָוועסטאַ גערעכט, ווען זי באַהויפּטעט, אַז דער אַקטיווער קאַמף אַנטקעגן דעם בייזן אַהרימאַן איז דער ערשטער באַדינג פון דער טוגענד? אַ מאָראַלער פּראָגרעס איז אודאי נויטיג, אבער אָהן מאָראַלן קוראַזש איז ער אוממעגליך.

אָט דאָס זיינען אייניגע פון די פאָדערונגען, וואָס ווערן גע־שטעלט דער לערע וועגן מאָראַל, וועלכע מען קאָן אונטערשיידן צווישן די היינטיגע חלוקי דעות. זיי אַלע פירן צו איין גרינט־

ליכן געדאנק. עס פאָדערט זיך אַ נייער באַגריף פון מאָראַל אין אירע גרונט־פּרינציפּן, וועלכע מוזן זיין גענוג ברייט, כדי צו געבן אונזער ציוויליזאַציע אַ נייעם לעבן, און אין אירע אַנווענדונגען, וועלכע דאַרפן ווערן באַפרייט פון די שיריים פון דעם איבערנאַ־טירליכן טראַנסצענדענטאַלן דענקען, ווי אויך פון די ענגע באַגריפן פון דעם בורזשואזן אוטיליטאַריזם.

די עלעמענטן פאַר דעם נייעם באַגריף פון מאָראַל זיינען שוין פאַראַנען. די באַדייטונג פון ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ק י י ט א ו ן ג ע ג נ ז י י ט י ג ע ר ה י ל ף אין דער אַנטוויקלונג פון דער טירן־וועלט און אין דער געשיכטע פונם מענשן, קאָן לויט מיין מיינונג אָנגענומען ווערן ווי אַ פּאָזיטיוו פעסטגעשטעלטע וויסנ־שאַפטליכע וואַרהייט, וואָס איז פריי פון השערות. מיר קאָנען אויך האַלטן פאַר אַ באַוויזענעם פאַקט, אַז אין דעם ערך, וואָס די געגנ־זייטיגע הילף ווערט אַ פעסטגעשטעלטע געוויינהייט אין דער מענשליכער געזעלשאַפט און ווערט אַזוי צו זאָגן פּראַקטיצירט אינסטינקטיוו, פירט די דאָזיגע פּראַקטיק גופא צו דער אַנטוויקלונג פון דעם געפיל פון גערעכטיקייט מיט זיין אומפאַרמיידליכן געפיל פון גלייכהייט אָדער גלייכבאַרעכטיגונג און אַ גלייכהייטליכן זעלבסט־קאָנטראָל. דער געדאַנק, אַז די פּערזענליכע רעכט פון יעדערן זיינען פונקט אַזוי ניט אָנגרייפבאַר ווי די נאַטירליכע רעכט פון יעדן אַנדערן, וואַקסט אין דעם ערך וואָס עס ווערן פאַרלאָרן די קלאַסן־אונטערשיידן. און דער דאָזיגער געדאַנק איז געוואָרן אַ גאַנגבאַרער באַגריף, ווען די אינסטיטוציעס פון דער געגעבענער געזעלשאַפט האָבן זיך געענדערט אויף דעם אַנטשפּרעכנדן אופן.

ביז אַ געוויסן גראַד האָט דאָס אידענטיפיצירן די אייגענע פּער־זאָן מיט די אינטערעסן פון דער אייגענער גרופּע נויטיגערווייז עק־זיסטירט פון דעם סאַמע אָנהויב פון געזעלשאַפטליכן לעבן, און דאָס באַווייזט זיך שוין ביי די נידעריגע ברואים. אָבער אין דעם ערך וואָס די פאַרהעלטענישן פון גלייכהייט און גערעכטיקייט וואָרצלען זיך איין אין די מענשליכע געזעלשאַפטן, אַזוי ווערט צוגעגרייט דער באָדן פאַר דער ווייטערדיגער און מער אויסגעבריי־טערטער אַנטוויקלונג פון אַלץ פיינערע באַציאונגען. אַ דאַנק זיי געוויינט זיך דער מענש אויף אַזויפיל צו באַגרייפן און פילן די אָפּשפּיגלונג פון זיינע האַנדלונגען אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט,

אז ער מיידט אויס אַנצורירן אנדערע אפילו ווען ער מוז צוליב דעם זיך אָפּזאָגן פון צו באַפרידיגן זיינע פאַרלאַנגען. ער אידענטי־פיצירט אויף אַזויפיל זיינע אייגענע געפילן מיט די געפילן פון אנדערע, אַז ער איז גרייט אָפּצוגעבן זיינע כחות לטובת די אַנ־דערע, ניט דערוואַרטנדיג דערפאַר קיין באַלוינונג. אַט אַזאַ סאָרט ניט־זעלבסטזיכטיגע געפילן און געוווינהייטן, וואָס ווערן געוויינליך אנגערופן מיט די ניט גאָר ריכטיגע נעמען „אַלטרואיזם“ און „זעלבסטאָפּפערונג“, זיינען די איינציגע, נאָך מיין מיינונג, וואָס פאַרדינען אייגענטליך דעם נאָמען מאָראַל, הגם די מערסטע שריי־בער האָבען זיי ביז איצטער צונויפגעמישט אונטערן נאָמען אַלט־רואיזם מיט דעם איינפאַכן געפיל פון גערעכטיקייט.

געגנזייטיגע הילף — גערעכטיקייט — מאָראַל — דאָס זיינען די כסדר'דיגע טריט פון דער שטייגנ־דער ריי געפילן, וואָס מיר דערקענען אויספאָרשנדיג די טירן־וועלט און דעם מענשן. זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַן אָרגאַ־נישע נויטוועג דיקייט, וואָס טראָגט איר באַרעכ־טיגונג אין זיך אליין און ווערט באַשטעטיגט פון דער גאַנצער אַנט־וויקלונג פון דער טירן־וועלט, אַנהויבענדיג פון זיינע ערשטע שטופן (אין דער פאָרם פון קאָלאָניעס פון די איינפאַכסטע ברואים) און אויפהויבענדיג זיך בּיסלאַכווייז ביז די העכסטע מענשליכע גע־זעלשאַפטן. רעדנדיג פיגוראַטיוו, האָבן מיר דאָ אַן אַלגע־מיינעם וועלטליכן געזעץ פון אָרגאַני־שער עוואָלוציע, און ווי אַ פאָלגע פון אים זיינען די געפילן פון געגנזייטיגער הילף, גערעכטיקייט און מאָראַליטעט טיף איינגעוואָרצלט אין דעם מענשן מיט דער גאַנצער קראַפט פון מיטגעבוירענע אינסטינקטן. דער ערשטער פון זיי, דער אינס־טינקט פון געגנזייטיגער הילף, איז גאַנץ קלאָר שטאַרקער ווי אַלע, און דער דריטער, וואָס האָט זיך אַנטוויקעלט שפּעטער איידער די אנדערע צוויי, איז אַ ניט באַשטענדיגער געפיל און רעכנט זיך פיל וויניגער אָבליגאַטאָריש.

פונקט ווי די באַדערפעניש פון שפייז, באַשיצונג און שלאָף, אַזוי שטעלן אָט די דריי אינסטינקטן מיט זיך פאָר אינסטינקטן פון זעלבסטדערהאַלטונג. גאַנץ געוויס קאָנען זיי צייטנווייז ווערן אָפּגעשוואַכט אונטער דעם איינפלוס פון געוויסע באַדינגונגען, און

מיר ווייסן פון פיעלע פאלן, וואו צוליב איין אורזאך אדער אנאנ־דערער קומען פאר אפשוואכונגען פון אט די אינסטינקטן ביי דער אדער יענער גרופע חיות אדער אין דער אדער יענער מענשליכער געזעלשאפט. אבער דעמאלט ליידט אזא גרופע אומפארמיידליך א מפלה אין קאמף פאר עקזיסטענץ: אירע כחות ווערן אפגע־שוואכט. און אויב די דאזיגע גרופע קערט זיך ניט אום צו די באדינגונגען, וואס זיינען נויטיג פאר אויפלעבונג און פראגרעסיווער אנטוויקלונג, ד. ה. צו געגנזייטיגער הילף, גערעכטיקייט און מאַ־ראליטעט, דאן — מעג זי זיין א פאלק אדער א גאטונג — שטארבט זי אוים און פארשווינדט. וויבאלד זי האט ניט דערפילט די נוי־טיגע תנאים פון דער פראגרעסיווער אנטוויקלונג מוז זי אומפאר־מיידליך ארונטערקומען און פארשווינדן.

אט דאס איז דער פעסטער גרונט, וואס די וויסנשאפט האט אונז געגעבן אויף אויסצוארבעטן א נייעם סיסטעם פון עטיק, און דאס איז איר בארעכטיגונג. איז דעריבער, אנשטאט צו פראקלא־מירן דעם „באנקראט פון דער וויסנשאפט“, שטייט אונז איצט פאר צו באטראכטן ווי אזוי אויפצובויען א וויסנשאפטליכע עטיק פון די דאטן, וואס האבן זיך באקומען פאר דעם דורך די מאדערנע פאר־שונגען, אונטער דער באגייסטערונג פון דער טעאריע פון אנטוויק־לונג.

## דריטער קאפיטל.

# דער מאראלער פרינציפ אין דער נאטור.

דארווינ'ס טעאריע וועגן דער אפשטאמונג פונם מאראלן געפיל ביים מענשן. — די שפראצן פון מאראלע געפילן ביי חיות. — די אפשטאמונג פונם געפיל פון פליכט ביים מענשן. — די געגנזייטיגע הילף אלס דער קוואל, פון וואנען עס זיינען געבוירן געווארן די עטישע געפילן ביים מענשן. — געזעלשאפטליכקייט אין דעם לעבן פון חיות. — דאס געמיינשאפטליכע לעבן פון די ווילדע מיט די חיות. — די געבורט פון די באגריפן פון גערעכטיקייט ביי די פרימיטיווע פעלקער.

די ארבייט וואס דארווין האט געטאן, האט זיך ניט באשרענקט מיט דעם געביט פון ביאלאגיע אליין. שוין אין 1837טען יאר, ווען ער האט נאר־וואס אנגעמערקט די אלגעמיינע שטריכן פון זיין טעאריע וועגן דער אנטשטייאונג פון די מינים, האט ער געשריבן אין זיין נאטיץ־בוך: „מיין טעאריע וועט פירן צו א נייער פילאסאפיע“. און אזוי איז עס טאקע ארויסגעקומען אין דער ווירקליכקייט. ארייַנטראגנדיג די אידעע פון אנטוויקלונג אין דער פארשונג פון ארגאנישן לעבן, האט ער דערמיט אויפגעדעקט א נייע ערא אין דער פילאסאפיע; און די אפהאנדלונג, וואס ער האט שפעטער אנגעשריבן וועגן דער אנטוויקלונג פונם מאראלן געפיל ביים מענשן, האט אויפגעעפנט א נייעם קאפיטל אין דער וויסנשאפט וועגן מאראל. *

---

* דער דענישער פראפעסאר העראלד האפדינג האט אין זיין געשיכטע פון דער מאדערנער פילאסאפיע געגעבן אן אויסגעצייכנטן בילד פון דער פילאסאפישער באדייטונג פון דארווינס ארבייט. זע די דייטשע איבערזעצונג פון בענדיקסאן, לייפציג, 1896, באנד, 2, ז. 487 און ווייטער.

אין דער דאָזיגער אָפּהאַנדלונג האָט דאַרווין פאָרגעשטעלט אין א נייעם ליכט דעם אמתן אורשפּרונג פונם מאָראַלן געפיל און האָט די גאַנצע פראַגע אַוועקגעשטעלט אויף אזא וויסנשאַפטליכן באָדן, אַז אויב אפילו זיינע אָנשויאונגען קאָנען באַטראַכט ווערן אלס א ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די אָנשויאונגען פון שאַפטסבורי און האַטשעסאָן, פונדעסטוועגן מוז מען צוגעבן, אַז ער האָט אַנטדעקט פאַר דער וויסנשאַפט וועגן דעם מאָראַלן אורשפּרונג א נייעם וועג אין דער ריכטונג, וואָס בעקאָן האָט קורץ אָנגעוויזן. ער איז אויף דעם אופן געוואָרן איינער פון די באַגרינדער פון די עטישע שולן, גלייך ווי יום, האָבבס און קאַנט.

דעם גרונט־געדאַנק פון דער דאַרווינישער עטיק קאָן מען אַי־בערגעבן אין עטליכע ווערטער. ער אַליין האָט אים זייער גענוי דעפינירט שוין אין די ערשטע שורות פון זיין אָפּהאַנדלונג. אָנגע־הויבן האָט ער מיט א לויב צו דעם געפיל פון פליכט, באַשרייבנדיג אים מיט די וואויל־באַקאַנטע פּאַטעטישע ווערטער (פון עמאַנועל קאַנט): „פליכט! וואונדערבאַרער געדאַנק, דו, וועלכער ווירקסט ניט דורך ווייכע רייד און חניפות, און ניט דורך וועלכער עס איז דראָהונג.... " א. אז. וו. און אָט דעם פליכט־געפיל, ד. ה. דעם מאָ־ראַלן געוויסן, האָט ער דערקלערט „אויסשליסליך פון דעם שטאַנד־פּונקט פון דער נאַטורפאָרשונג — א דערקלערונג, האָט ער צוגע־לייגט, וואָס ביז זיין צייט האָט נאָך קיין ענגלישער שרייבער ניט געפּרובירט געבן. *

אין דער ווירקליכקייט איז שוין געווען אַן אָנווייז אויף אזא דערקלערונג ביי בעקאָנ'ען.

דעם געדאַנק, אַז דער מאָראַלער געפיל ווערט דערוואָרבן פון יעדן מענשן באַזונדער, אין דער צייט פון זיין לעבן, האָט דאַרווין נאַטירליך געהאַלטן „צו זאָגן דאָס ווייניגסטע, אלס ניט וואַרשיינ־ליך פון דעם אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט פון דער טעאָריע פון עוואָ־לוציע". ער דערקלערט די אָפּשטאַמונג פון דעם מאָראַלן געפיל פון די געפילן פון געזעלשאַפטליכקייט, וועלכע עקזיסטירן אינסטינק־

* די אָפּשטאַמונג פונם מענשן" קאַפּ. 4; ז. 197 און ווייטער אין דער אידישער איבערזעצונג.

טיוו אדער זײַנען אײַנגעבאָרן בײַ די נידעריקע טירן און, וואָר־שײַנליך, אויך בײַם מענטשן. דעם אמת׳ן גרונט פון אַלע מאָראַלע געפילן האָט דאַרווין געזען „אין די געזעלשאַפטליכע אינסטינקטן, וועלכע ברענגען מיט, אַז אַ חיה זאָל האָבן אַ פאַרגעניגן אין דער געזעלשאַפט פון אירע חברים, זאָל פילן אַ געוויסע סימפּאַטיע מיט זיי און טאָן פאַר זיי פאַרשיידענע דינסטן“. דערבײַ האָט דאַרווין פאַרשטאַנען דעם געפיל פון סימפּאַטיע אין זײַן ריכטיקן זין, ניט אין דעם זין פון מיטלייד אדער „ליבע“, נאָר אין דעם זין פון אַ „געפיל פון חבר׳שאַפט“, פון „געגנזײַטיקער עמפּינדליכקייט“ — אין דעם זין ווי עס ווירקן אויף׳ן מענטשן די געפילן פון אַנאַנדער מענטשן אדער פון אַנדערע מענטשן.

אַרויסזאָגנדיק אָט דעם ערשטן געדאַנק, האָט דאַרווין ווײַטער אָנגעוויזן, אַז אין יעדען מין פון די חיות, אויב עס זאָלן זיך אין אים שטאַרק אַנטוויקלען די גײַסטיקע פיִיקייטן אין דערזעלביקער מאָס ווי בײַם מענטשן, וועט זיך אומפאַרמײַדליך אויך אַנטוויקלען דער געזעלשאַפטליכער אינסטינקט. און די ניט־באַפרידיקונג פון דעם דאָזיקן אינסטינקט וועט גורם זײַן דעם אינדיווידום אַ געפיל פון ניט־צופרידענשטעלונג און אפילו ליידן, אויב דער אינדיווי־דום, בעת ער וועט באַטראַכטן זײַנע האַנדלונגען, וועט אײַנזען, אַז אין דעם פאַל „האָט דער שטענדיקער, אַלעמאָל אַנוועזנדער געזעל־שאַפטליכער אינסטינקט אָפּגעטראָטן דעם וועג פאַר וועלכע עס איז אַנדערע אינסטינקטן, וואָס זײַנען אין דער מינוט טאַקע געווען שטאַרקער, אָבער זיי זײַנען ניט קיין שטענדיקע און לאָזן ניט נאָך זיך קיין זייער שטאַרקן אײַנדרוק“.

אויף דעם אופן האָט דאַרווין פאַרשטאַנען דעם מאָראַלן געפיל נאָר ניט אין דער פאָרם פון אַ מיסטישן געדאַנק, אומבאַקאַנט און מיסטעריעז אין זײַן אָפּשטאַמונג, ווי קאַנט האָט זיך דאָס פאָרגע־שטעלט. יעדע איין חיה, האָט דאַרווין געשריבן, וואָס באַזיצט באַ־שטימטע געזעלשאַפטליכע אינסטינקטן — אײַנשליסנדיק אָהער די צוגעבונדקייט פון עלטערן צו זייערע קינדער און פון די קינדער צו זייערע עלטערן — וועט אומפאַרמײַדליך באַקומען אַ מאָראַלן געפיל אדער אַ געוויסן (די קאַנטישע „פליכט־דערקענטנים“), ווי נאָר אירע גײַסטיקע אײגנשאַפטן וועלן זײַן אַנטוויקלט אין דער־זעלביקן גראַד ווי בײַם מענטשן.

צו אט די צוויי גרונט־זאצן האט דארווין מוסיף געווען צוויי זאצן פון צווייטן גראד. ווען עס אנטוויקלט זיך די שפראך־פיאיקייט, האט ער געשריבן, און עס באווייזט זיך שוין א מעגליכקייט אויסצודריקן די פארלאנגען פון דער געזעלשאפט, דאמאלסט ווערט די „געזעלשאפטליכע“ מיינונג בנוגע דער פראגע ווי אזוי יעדעס מיטגליד פון דער געזעלשאפט דארף זיך אויפפירן, א שטארקער און אפילו דער הויפט וועגווייזער פון אלע האנדלונגען. דער איינפלוס פון דעם, וואס די געזעלשאפט גיט אדער גיט ניט איר הסכמה אויף געוויסע האנדלונגען, הייננגט אפ פון דעם ווי שטארק עס איז אנטוויקלט די געגנזייטיגע סימפאטיע. מיר גיבן־צו א באדייטונג צו די מיינונגען פון אנדערע מענשן נאר דעריבער, ווייל מיר געפינען זיך מיט זיי אין סימפאטיע (אין פריינטשאפט); און די געזעלשאפטליכע מיינונג ווירקט אין א מאראלער ריכטונג נאר אין דעם פאל אויב דער געזעלשאפטליכער אינסטינקט איז גענוג שטארק אנטוויקלט.

די ריכטיקייט פון אט דער באמערקונג איז קלאר פון אויבענאויף; זיי לייקנט אפ די אנשויאונג מאנדעווויל'ס (דעם פארפאסער פון דער „פאבל וועגן די בינען“) און זיינע מער אדער ווייניגער אפענע נאכפאלגער פונם 18טען י. ה., וועלכע האבן פרובירט פארשטעלן די מאראל ווי א זאמלונג פון איינגעפירטע מנהגים על פי אפמאך.

צום סוף האט דארווין אויך דערמאנט וועגן די **געוויינהייטן** ווי איינע פון די טעטיגע קרעפטן אין דער אויסארבעטונג פון אונזערע באציהונגען צו אנדערע מענשן. די געוויינהייט פארשטארקט דעם געזעלשאפטליכן אינסטינקט און דעם געפיל פון געגנזייטיגער סימפאטיע, ווי אויך די געהארכזאמקייט צו די אורטיילן פון דער געזעלשאפט.

ארויסזאגנדיג דעם עצם פון זיינע אנשויאונגען אין די דאזיגע פיר זאצן, האט דארווין זיי דערנאך אנטוויקלט. צוערשט האט ער באטראכט די געזעלשאפטליכקייט ביי חיות, אויף וויפיל זיי האבן ליב צו זיין אין געזעלשאפט און ווי שלעכט זיי פילן זיך אין איינזאמקייט; זייער געמיינשאפטליכקייט צווישן זיך, זייערע געגנזייטיגע ווארנונגען און געגנזייטיגע שטיצע ביים געיעג און פאר זעלבסטפארטיידיגונג. — „עס איז קיין ספק ניט, האט ער געזאגט,

אז די געזעלשאפטליכע חיות פילן א געגנזייטיגע ליבשאפט, וועל־
כע עס האבן ניט די דערוואקסענע ניט־געזעלשאפטליכע חיות". אין
פארגעניגנס קאנען זיי ניט באזונדערס מיטפילן איינע מיט די אנ־
דערע, אבער פולקאם־באוויזענע פאלן פון געגנזייטיגן מיטגעפיל
אין אומגליקן זיינען גאנץ געוויינליך; און דארווין האט געבראכט
עטליכע אזוינע העכסט מערקווירדיגע פאקטן. אייניגע פון זיי,
ווי צום ביישפיל, דער בלינדער פעליקאן, וואס סענטסבערי האט
באשריבן, און דער בלינדער ראט, וואס זייערע אייגענע האבן זיי
געקארמעט, זיינען שוין געווארן קלאסישע ביישפילן.

„דערצו, זאגט דארווין ווייטער, ווייסן מיר וועגן אנדערע אייגנ־
שאפטן ביי חיות, אחוץ ליבע און סימפאטיע, וועלכע זיינען אויך
פארבונדן מיט די געזעלשאפטליכע אינסטינקטן, און וועלכע מיר,
מענשן, וואלטן אנגערופן מאראלע אייגנשאפטן", און ער האט גע־
בראכט עטליכע ביישפילן פון מאראלע געפילן ביי הינט און על־
פאנטן. *

עס איז בכלל באגרייפליך, אז פאר יעדער האנדלונג, וואס
ווערט געטאן געמיינשאפטליך, (און ביי אייניגע חיות זיינען אזוינע
האנדלונגען גאנץ געוויינליך: דאס גאנצע לעבן באשטייט פון
אזוינע האנדלונגען) פאדערט זיך עס זאל זיין עפעס א געפיל, וואס
האלט זיי צוזאמען. אגב מוז מען באמערקן, אז דארווין האט ניט
אויסגעארבעט די פראגע וועגן געזעלשאפטליכקייט ביי חיות און
וועגן די שפראצן פון מאראלע געפילן ביי זיי, אין דעם ערך ווי דאס
וואלט נויטיג געווען צו טאן, אין אנבאטראכט פון דער וויכטיגער
באדייטונג פון דידאזיגע געפילן פאר זיין טעאריע פון מאראליטעט.

אריבערגייענדיג דערנאך צו דער מענשליכער מאראליטעט, האט
דארווין באמערקט, אז הגם ביי דעם מענשן, ווי ער געפינט זיך
איצטער, זיינען פאראן ווייניג געזעלשאפטליכע אינסטינקטן, איז
ער דאך פונדעסטוועגן א געזעלשאפטליכע באשעפעניש, וואס האט

---

* זינט דאן האט הערבערט ספענסער, וועלכער האט פריהער ניט גער־
האלטן פון דעם געדאנק פון מאראליטעט ביי חיות, געבראכט אין דעם
זשורנאל „ניינטינטה סענטיורי" נאך אייניגע אזוינע פאקטן. זיי זיי־
נען איבערגעדרוקט אין זיין ווערק „די פרינציפן פון עטיק" באנד 2,
ביילאגע „ד", „וועגן געוויסן ביי חיות".

אויפגעהאלטן אין זיך פון גאָר אמאָליגע צייטן א געוויסע אַרט אינסטינקטיווע ליבע און מיטגעפיל צו זיינע אייגענע. אָט די געפילן ווירקן ווי האַלב־באוואוסטזיניגע באַוועגענדע (אימפולסיווע) אינסטינקטן, און זיי ווערן געשטיצט פון דעם פארשטאנד, דער ערפארונג און דעם וואונש צו קריגן בייפאל פון אנדערע מענשן.

„אויף אָט דעם אופן“, איז ער געקומען צום שלוס, „דינען נאָך איצטער די געזעלשאפטליכע אינסטינקטן, וועלכע דער מענש האָט זיי שוין געמוזט דערווערבן אויף זיינער זייער א פרימיטיווער שטופע פון אנטוויקלונג — ווארשיינליך ביי זיינע אפען־ענליכע אורעלטערן — אלס אן אורזאך פאר איינציגע פון זיינע פערזענליכע האנדלונגען“. די איבעריגע זיינען א רעזולטאט פון זיין אלץ מער און מער זיך אנטוויקלענדיגן פארשטאנד און פון דער קאלעקטי־ווער בילדונג.

עס איז קלאָר, אז אָט די מיינונגען דארווינס וועלן אנגענומען ווערן אלס ריכטיגע נאָר פון די, וועלכע גיבן־צו, אז די גייסטיגע פייאיקייטן פון די חיות אונטערשיידן זיך פון דיזעלביגע פייאי־קייטן ביי מענשן בלויז דורך דער שטופע פון זייער אנטוויקלונג, אבער ניט לויט זייער עצם. צו אָט דעם שלוס זיינען שוין אבער איצט געקומען דאָס רוב פון די, וואָס האָבן שטודירט די פאר־גלייכנדע פּסיכאָלאָגיע פון מענשן און חיות; דאַגעגן, די פּראָבעס, וואָס איניגע פּסיכאָלאָגן האָבן אומלעגנסט געמאכט אפּצוטיילן מיט אן אָפּגרונט דעם מענשנס אינסטינקטן און גייסטיגע פייאי־קייטן פון די אינסטינקטן און פייאיקייטן פון די חיות, האָבן ניט דערגרייכט זייער ציל. * עס פארשטייט זיך, אז עס פאָלגט ניט

* דאָס, וואָס מוראשקעס, הינט אדער קעץ זיינען ניט פייאיג צו מאַכן אנטדעקונגען אדער פאַלן אויף דער ריכטיגער לייזונג פון א וועלכן עס איז פּראָבלעם, ווי עס ווייזן אָפּט דאַרויף אָן איניגע פון די וואָס שרייבן וועגן דעם ענין — באַווייזט לגמרי ניט קיין וועזענטליכן חלוק צווישן די פייאיקייטן פון מענשן און חיות, היות ווי מען טרעפט אָן שטענדיג פונקט אזא מאַנגל אין איינפאַלן און ערפינדערישקייט אויך ביי מענשן. פונקט ווי א מוראַשקע, אין איינעם פון לאַבאָק׳ס עקספּערימענטן, אזוי אויך וועלן טויזנטער מענשן וואָס זיינען פון פריהער ניט באַקאַנט מיט די געגנדען, פּרובירן אריבערצושוויבן א טייך, און דערטרונקען ווערן, איידער זיי וועלן פאַלן אויפן שכל אריבערצוואַרפן

פון דער דאזיגער ענליכקייט אין די אינסטינקטן און דעם פארשטאנד פון מענשן און חיות, אז די מאראלע אינסטינקטן, די אנטוויקלונג ביי פארשיידענע גאטונגען חיות און דעסטא מער ביי פארשיידענע קלאסן, זאלן זיין פונקט גלייך איינע צו די אנדערע. פארגלייכנדיג צום ביישפיל די אינזעקטן מיט די זויגטירן, דארף מען קיינמאל ניט פארגעסן, אז די ליניעס, אויף וועלכע עס איז געגאנגען די אנטוויקלונג פון אט די באזונדערע קלאסן, זיינען ווייט אוועקגעגאנגען איינע פון די אנדערע שוין אין זייער א פריהער צייט פון דער אנטוויקלונג פון דער טירן־באפעלקערונג פון דעם ערד־קוגל. דער רעזולטאט איז, אז ביי די מוראשקעס, בינען, וועספען א. ד. ג. האט זיך באקומען א טיפע פיזיאלאגישע צעטיילונג, אין זייער געבוי און אין זייער גאנצן לעבן, צווישן די פארשיידענע איינטיילונגען פון דעמזעלביגן מין (ארבייטער, זכרים־בינען און קיניגין), און צוזאמען דערמיט אויך א טיפע פיזיאלאגישע צעטיילונג פון דער ארבייט אין זייערע געזעלשאפטן (אדער ריכטיגער: א צעטיילונג פון דער ארבייט און א פיזיאלאגישע צעטיילונג אין געבוי). אזא צעטיילונג איז ביי די זויגטירן

---

איבערן טייך א פרימיטיוון בריק, א שטייגער אן איינגעפאלענעם בוים. איך ווייס דאס פון ערפארונג, און דאס וועלן אויך באשטעטיגן אלע פארשער פון די ווילדע פרימיטיווע לענדער. פון דער אנדער זייט באגעגענען מיר ביי חיות א קאלעקטיוון שכל פון דעם נעסט פון די מוראשקעס אדער פון דעם בינשטאק. און אויב איין מוראשקע אדער איין בין פון טויזנט פאלט איין אויף דער ריכטיגער ליזונג, וועלן די איבעריגע איר נאכטאן; און דאן לייזן זיי פיל שווערערע אויפגאבן איידער די, אין וועלכע א מוראשקע, א בין אדער א קאץ זיינען אזוי קאמיש דורכגעפאלן אין די עקספערימענטן פון אייניגע נאטורפארשער, און — איך וואג צו זאגן — ווי די נאטורפארשער אליין מיט דעם אופן ווי זיי האבן געשטעלט זייערע עקספערימענטן און געצויגן זייערע שלוסן. די בינען אויף דער פאריזער אויסשטעלונג און דער מיטל, וואס זיי האבן אויסגעטראכט זיך צו באשיצן פון די שטענדיגע שטערונגען אין זייער ארבייט, ווען זיי האבען פארקלעפט דאס פענסטערל מיט זייער שטאפ־וואקס (זע „געגנזייטיגע הילף“, ערשטן קאפיטל), אדער וועלכער עס איז פון די גוט־באקאנטע פאקטן פון ערפינדערישקייט ביי בינען, מוראשקעס אדער וועלף אויף זייערע געיעגן, באשטעטיגן פולשטענדיג וואס איז פריהער געזאגט געווארן.

ניטא. דעריבער קאָנען מענשן ניט אורטיילן וועגן דער „מאָראַל“ פון די ארבייטענדע בינען בעת זיי טויטן די זכרים אין זייער ביג־שטאָק. צוליב דעם מאָקע איז דער ביישפּיל, וואָס דאַרווין האָט געבראַכט פונם לעבן פון די בינען, אזוי פיינדליך אויפגענומען געוואָרן אין דעם רעליגיעזן לאַגער. די געזעלשאַפטן פון בינען, וועספּען און מוראַשקעס, און די געזעלשאַפטן פון די זויגטירן זיי־נען אזוי לאַנג אוועקגעגאַנגען אויף זייערע אייגענע וועגן פון אנט־וויקלונג, אז אין פיל פּרטים קאָנען זיי מער איינע די אנדערע ניט פאַרשטיין. פּונקט אזא ניט פאַרשטיין איינע די אנדערע, הגם אין א קלענערער מאָס, זעהען מיר אויך צווישן די מענשליכע געזעלשאַפטן אויף די פאַרשיידענע שטופן פון זייער אנטוויקלונג.

אין דערזעלביגער צייט איז פאַראַן אזויפיל געמיינשאַפטלי־כעס צווישן דעם מענשנס מאָראַלע באַגריפן און די האַנדלונגען פון די אינזעקטן, וואָס לעבן אין געזעלשאַפטן, אז די גרעסטע מאָ־ראַלע לערער פון דער מענשהייט האָבן זיך ניט צוריקגעהאַלטן פון אוועקשטעלן פאַר'ן מענשן ווי א ביישפּיל איינציגע שטריכן פון דעם לעבן פון די מוראַשקעס און בינען. מיר מענשן האָבן זיי ניט אריבערגעשטיגן אין דער איבערגעבענקייט פון יעדן איינעם צו זיין גרופּע; פון דער אנדער זייט — שוין ניט ריידנדיג וועגן מלחמות, אדער וועגן די צייטנווייז פּאַסירנדיגע מאַסן־אויסראָ־טונגען פון רעליגיעזע אָפּטריניגע, אדער פּאָליטישע געגנער — איז אין די געזעצן פון דער מענשליכער מאָראַל פאַרגעקומען, אין פאַר־לויף פון די יאָרהונדערטן, די טיפסטע ענדערונגען און ענטשטעל־טונגען. עס איז גענוג צו דערמאָנען די מענשליכע קרבנות, וואָס זיי־נען געבראַכט געוואָרן צו די געטער, דעם „עין תחת עין“ (אן אויג פאַר אן אויג) און „א לעבן פאַר א לעבן“ פון תורת משה, די ענוים און שטראָפן און דערגלייכן, און פאַרגלייכן אָט די „מאָראַל“ מיט דעם געבאָט צו אַכטן יעדעם לעבעדיג וועזן, וואָס באַדיסאַטוואַ האָט געפּריידיגט, אדער מיט דער פאַרגעבונג פון אַלע באַליידי־גונגען, וואָס די ערשטע קריסטן האָבן געפּריידיגט, כדי איינצו־זען, אז די מאָראַלע פּרינציפּן זיינען פּונקט אזוי אונטערוואָרפן צו אזא אנטוויקלונג, און צייטנווייז אויך צו אן ענטשטעלטונג ווי אַלעס איבעריגע.

מיר זיינען אויף דעם אופן געצוואונגען אַנצודערקענען, אז אויב

די אונטערשיידן צווישן די מאראלע באגריפן פון די בינען און דעם מענשן זיינען א פועל יוצא פון א פיזיאלאגישער צעשיידונג. באווייזט אונז די מערקווירדיגע ענליכקייט צווישן זיי אין אנדערע וועזנטליכע שטריכן אויף א איינהייטליכער אפשטאמונג. דארווין איז אויף דעם אופן געקומען צום שלוס, אז דער געזעלשאפטליכער אינסטינקט שטעלט מיט זיך פאר אן אלגעמיינעם אינסטינקט, פון וועלכן אלע מאראלע יסודות האבן זיך אנטוויקלט. און ער האט פרובירט באשטימען אויף א וויסנשאפטליכן אופן, וואס אזוינס איז א אינסטינקט.

ליידער איז די וויסנשאפטליכע פסיכאלאגיע פון חיות נאך זייער שוואך באארבעט. דעריבער איז נאך זייער שווער זיך פאר־נאנדערצוקלייבן אין די קאמפליצירטע שייכותן צווישן די איי־גענטליך־געזעלשאפטליכע אינסטינקטען און די עלטערנליכע, קינ־דערליכע און ברידערליכע אינסטינקטן, ווי אויך צווישן די פאר־שיידענע אנדערע אינסטינקטן און פייאיגקייטן: דהיינו צווישן דער געגנזייטיגער סימפאטיע פון איין זייט און די אורטיילן, דערפא־רונג און נאכאמונג פון דער אנדער זייט. דארווין האט אינגאנצן איינגעזען אט די שוועריקייט און דעריבער האט ער זיך אויסגע־דריקט זייער פארזיכטיג. די עלטערנליכע און קינדערליכע אינס־טינקטן „ליגן ווי עס ווייזט אויס אין גרונט פון די אינסטינקטן פון געזעלשאפטליכקייט" האט ער געשריבן; * און אין אנאנדער ארט האט ער זיך אויסגעדריקט אזוי: „דער פארגעניגן־געפיל, וואס מען האט פון געזעלשאפט, איז ווארשיינליך אן אויסוואוקס פון די ליבעס געפילן פון עלטערן און קינדער, ווארים עס זעט אויס, אז דער געזעלשאפטליכער אינסטינקט ווערט אנטוויקלט ביי די יונגע, וועלכע האלטן זיך אויף א לענגערע צייט ביי זייערע עלטערן. **

אזא פארזיכטיקייט אין אויסדרוק איז גאנץ נאטירליך, ווייל אין אנדערע פלעצער ווייזט דארווין אן, אז דער געזעלשאפטליכער אינסטינקט איז א באזונדער אינסטינקט, פארשיידן פון

---

* דארווין, „די אפשטאמונג פון מענשן" קאפיטל 4.

** דארווין, „אפשטאמונג פון מענשן". ז. 211 פון דער אידישער איבערזעצונג.

די אנדערע; דער נאַטירליכער אָפּקלייב האָט געהאָלפן זיין אנטוויקלונג *פון זיינטוועגן אליין*, צוליב די נוצן, וואָס ער ברענגט פאר דעם קיום און וואוילזיין פון דעם מין. דאָס איז אזא גרינגטליכער אינסטינקט, אז אויב ער קומט אין ווידערשפרוך מיט אנדערע אויך אזוינע שטארקע אינסטינקטן, ווי למשל, מיט דער צוגעבונדקייט פון די עלטערן צו זייערע קינדער, איז ער אָפּטמאָל זיי גובר. אזוי זעהען מיר, אז פויגלען, בעת עס קומט די צייט פון זייער אוועקפליען אין הערבסט, ווארפן זיי אָפטמאָל אוועק זייער קלייניקע עופ'הלאך (פון די צווייטע אויסבריאונגען), וועלכע קאָנען נאָך ניט מיטפליען, כדי זיך צו פאראייניגן מיט זייערע חברים.

צו אָט דעם וויכטיגן פאקט קאָן איך צוגעבן, אז אָט אזא אינסטינקט פון געזעלשאפטליכקייט איז שטאַרק אנטוויקלט ביי א סך נידעריגע בעלי חיים, ווי צום ביישפיל ביי דעם לאנדקראב, און אויך ביי אייניגע פיש, וואָס די דערשיינונג ביי זיי פון דעם דאָזיגן אינסטינקט איז שווער צו באטראכטן ווי אן אויסברייטערונג פון דעם עלטערנליכן אדער קינדערליכן אינסטינקט. אין אָט די פאלן בין איך גיכער גענייגט צו זען אין דעם אן אויסברייטערונג פון די ברידערליכע און שוועסטערליכע באַציאונגען, אדער חברש'ע געפילן, וועלכע אנטוויקלען זיך ווארשיינליך אין יענע אלע פאלן, ווען א היפּשע צאָל יונגווארג, וואָס זיינען ארויסגעקומען אין א באשטימטער צייט אין א געוויסן אָרט (אינזעקטן, אדער אפילו פויגלען פון פארשיידענע מינים) זעצן פאָרט זייער לעבן צוזאמען, מיט די עלטערן אדער אליין פאר זיך. לויט אלע ווארשיינליכקייטן וואָלט געווען ריכטיגער צו באטראכטן די געזעלשאפטליכע און עלטערנליכע, ווי אויך די ברידערליכע אינסטינקטן, ווי צוויי ענג־פארבונדענע אינסטינקטן, און דערביי קאָן זיין, אז דער ערשטער, דער געזעלשאפטליכער, איז אנטשטאַנען פריער איידער דער צווייטער, און דעריבער איז ער שטארקער פאר אים, נאָר זיי ביידע זיינען אנטוויקלט געוואָרן צוזאמען אין דער עוואָלוציע פון דער טירן־וועלט. דער נאַטירליכער אפּקלייב האָט, פארשטייט זיך, געהאָלפן זייער ביידנס אנטוויקלונג און האָט אויפגעהאלטן דאָס גלייכגעוויכט צווישן זיי ווען זיי האָבן ווידער־

שפּראַכן איינער דעם אַנדערן, און אויף דעם אופן האָט ער מיט־געווירקט צום וואוילזיין פון גאַנצן מין. *

דער סאַמע וויכטיגסטער טייל אין דאַרווינס עטיק איז גאַנץ געוויס זיין דערקלערונג פון דעם מאָראַלן באַוואוסטזיין ביים מענשן מיט זיין געפיל פון פליכט און געוויסנסביסן. אין דער דערקלע־רונג פון דידאָזיגע געפילן האָט זיך אַממערסטן ארויסגעצייגט די שוואכקייט פון אַלע עטישע טעאָריעס. ווי באַוואוסט, האָט זיך קאַנט'ן, אין זיין בכלל פאָרטרעפליך געשריבענעם ווערק וועגן מאָ־ראַל, ניט איינגעגעבן צו באַווייזן, פאַרוואָס עס פאָדערט זיך צו פאָלגן זיין קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו, אויב ער שטעלט נאָר ניט אַרויס די דערקלערונג פון דעם ווילן פון א העכערן וועזן. מיר קאָנען פולשטענדיג צוגעבן, אַז קאַנט'ס „מאָראַלער געזעץ" (אויב מען זאָל עטוואָס אומבייטן זיין פאָרמולע אבער אנהאַלטן זיין עצם) שטעלט פאָר א נויטיגע שלוספאָלגערונג פון דעם מענשליכן שכל. עס פאַרשטייט זיך, מיר זעצן אוים אַנטקעגן דער מעטאַפיזישער פאָרם, וואָס קאַנט האָט צוגעגעבן צו זיין געזעץ, אבער סוף כל סוף איז דאָך דער עצם פון דעמדאָזיגן געזעץ, וועלכן קאַנט האָט ליידער ניט אויסגעדריקט, ניט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר די גערעכטיקייט — די גלייכע גערעכטיקייט (עקוויטע) פאַר אַלע מענשן. און ווען מען זאָל איבערזעצן קאַנט'ס מעטאַפיזישע שפּראַך אויף דער שפּראַך פון די אינדוקטיווע וויסנשאַפטן, קאָנען מיר געפינען א צונויפ־שטימונג־פונקט צווישן זיין דערקלערונג פון דעם אורשפּרונג פון מאָראַלן געזעץ און די דערקלערונג פון די נאַטור־וויסנשאַפטן.

---

* פּראָפ. ללאָיד מאָרגאַן, דער פּראָפעסער פון גוט־באַוואוסטע אר־ביטן וועגן דעם אינסטינקט און פאַרשטאַנד פון חיות, זאָגט אין אן אויסגעצייכנטן אַנאַליז פון דעם געזעלשאַפטליכן אינסטינקט: „אויף אָט דער פראַגע וואָלט קראָפּאָטקין, אינאיינעם מיט דאַרווין און עספּינאַס, געוויס געענטפערט אָהן ספיקות, אז דער אורשפּרינגליכער קוואַל פון דער געזעלשאַפטליכער גרופּע איז געווען דאָס לייגערע צוזאמענלעבן פון די גרופּעס עלטערן מיט זייערע יונגע." גאַנץ ריכטיג: נאָר איך וואָלט צוגעגעבן די ווערטער: „אדער פון די יונגע אָהן זייערע עלטערן", ווייל אָט דער צוגאָב וואָלט בעסער געשטימט מיט די פריער געבראַכטע פאַקטן, און וואָלט אויך ריכטיגער איבערגעגעבן דאַרווינס געדאַנק.

אבער דאס לייזט נאר א העלפט פון דעם פּראָבלעם. אננעמענדיג (כדי נים צו פארציען די דיסקוסיע), אז קאנט'ס „ריינע פארנונפט" אליין, אהן קיינע באַאָבאַכטונגען, אהן יעדן געפיל אדער אינסטינקט, בלויז מיט דעם כח פון אירע מיטגעבוירענע איינגעשאפן... קומט אומפארמיידליך צום געזעץ פון גערעכטיקייט, ד. ה. צו קאנט'ס „אימפּעראטיוו"; צוגעבנדיג אפילו, אז קיין דענקענדע באשעפעניש קאן בשום אופן נים קומען צו קיין אנדער באשלוס — ווארים אט אזוי זיינען שוין די איינגעבוירענע איינגעשאפטן פון דער פארנונפט — איז צוגעבנדיג דאס אלעס און אנדערקענענדיג פולשטענדיג דעם דערהויבנדיגן כאראקטער פון דער קאנטישער מאראל־פילאסאפיע, בלייבט פונדעסטוועגן אלץ נים פארענטפערט די גרויסע פראגע פון יעדער לערע וועגן מאראל: פארוואס מוז דער מענש פאלגן דעם מאראלן געזעץ אדער דעם געדאנק, וואס זיין שכל באהויפּטעט? אדער ווייניגסטנס די פראגע: פונוואנען נעמט זיך אט דער געפיל פון התחיבות, וואס דער מענש אנדערקענט?

איינינע קריטיקער פון דער קאנטישער מאראל־פילאסאפיע האבן שוין אנגעוויזן, אז זי האט דידאזיגע גרונט־פראגע געלאזן נים פארענטפערט. נאר זיי האבן נאך געקאנט צולייגן, אז ער אליין האט איינגעזען זיין אומפייאיקייט זי צו פארענטפערן. נאכדעם ווי ער האט אין פארלויף פון פיר יאר שטארק געטראכט וועגן דער פראגע און געשריבן וועגן איר, האט ער מודה געווען אין זיין „פילאסאפישער טעאריע פון גלויבן" * (אן אפּהאנדלונג, וואס ווערט געוועגליך נים גענומען אין אנבאטראכט) אז ער האט *נאך אלעמען נים געקאנט געפינען א דערקלערונג פאר דעם אורשפּרונג פונם מאראלן געזעץ.* אין דער אמת'ן האט ער זיך אפּגעזאגט פון דער לייזונג פון דערדאזיגער גאנצער פראגע, איינזעהענדיג „די אומדערגרייכבארקייט פון אזא פייאיקייט — *א פייאיקייט, וואס ווייזט אן אויף א געטליכער אפּשטאמונג*". דידאזיגע אומדערגרייכבארקייט גופא, האט ער געשריבן „דארף אויפהויבן דעם מענשנס גייסט ביז צו ענטוזיאזם

* קאנטס ווערק, הארטלעבענס אויסגאבע, ב. 6, טייל 1, „וועגן דעם ווזענטליכן פעלער פון דער מענשליכער נאטור", געדרוקט אין 1792.

און אים געבן דעם כח איינצוגיין אויף אלע מעגליכע קרבנות, וואס די אכטונג צו זיין אייגענער פליכט קאן פון אים פאדערן". (דארט גופא, ז. 143).

אזא ענטפער, נאך א פיר־יאריגן דענקען איז אזוי גוט ווי אפ־זאגן אינגאנצן דער פילאסאפיע די מעגליכקייט צו לייזן די אויפ־גאבע, און איר איבערגעבן אין די הענט פון דער רעליגיע.

די אינטואיטיווע פילאסאפיע האט אויף דעם אופן אנדער־קענט איר אומפייאיקייט צו פארענטפערן דידאזיגע פראגע. איז לאמיר זען, ווי פארענטפערט זי דארווין פון דעם שטאנדפונקט פון א נאטורפארשער.

אט, זאגט ער, איז א מענש, וואס האט נאכגעגעבן זיין געפיל פון זעלבסטדערהאלטונג און ניט ריזיקירט מיט זיין לעבן כדי צו ראטעווען דאס לעבן פון אנאנדער מענשן; אדער, אנגערעגט פון הונגער, האט ער עפעס צוגע'גנב'עט. אין אט דיביידע פאלן האט ער געפאלגט א גאנץ נאטירליכן אינסטינקט — פארוואס־זשע פילט ער זיך עפעס ניט גוט? פונוואנען נעמט זיך דאס, וואס ער דענקט איצטער, אז ער האט געדארפט פאלגן א וועלכען עס איז אנדער אינסטינקט און האנדלען אנדערש?

דערפאר, ענטפערט דארווין, ווייל אין דעם מענשנס נאטור „זיינען די מער שטענדיג־לעבהאפטיגע געזעלשאפטליכע אינס־טינקטן גובר די ווייניגער שטענדיג־לעבהאפטיגע." — אונזער מא־ראלעם געוויסן, זאגט ער ווייטער, האט אלעמאל דעם כאראקטער פון אן איבערבליק איבער דאס געוועזענע; עס רעדט אין אונז, ווען מיר טראכטן וועגן אונזערע פארגאנגענע האנדלונגען, און עס איז א רעזולטאט פון דעם קאמף, אין וועלכן דער ווייניגער שטארקער, דער ניט אזוי שטענדיגער פערזענליכער אינסטינקט טרעט אפ דעם וועג פאר דעם מער שטענדיג־אנוועזנדען געזעל־שאפטליכן אינסטינקט. ביי חיות, וואס לעבן שטענדיג אין געזעל־שאפטן, „זיינען די געזעלשאפטליכע אינסטינקטן שטענדיג אנ־וועזנד, זיי ווירקן אלעמאל". אזוינע חיות זיינען יעדע מינוט גרייט צו פאראייניגן זיך פאר דער פארטיידיגונג פון דער גרופע און קומען איינער דעם אנדערן צו הילף אויף אלע אופנים. זיי פילן זיך אומגליקליך, ווען זיי זיינען אפגעזונדערט פון די אנדערע. און דאס איינענע איז אויך מיט'ן מענשן. „א מענש, וואס באַ־

זיצט ניט קיין שפּור פון אַזוינע אינסטינקטן, וואָלט געווען אַן אומנאַטירליכער מאָנסטער". *

פון דער אַנדער זייט, דער פאַרלאַנג צו שטילן דעם הונגער, אדער צו באַפרידיגן אַ וועלכע עס איז ליידנשאַפט, אויסצומיידן אַ געפאַר, אדער צונעמען פאַר זיך עפּעס וואָס עס געהערט צו אַנ־אַנדערן — איז לויט זיין נאַטור גופא *אַ צייטווייליגער פאַרלאַנג. זיין צופרידענשטעלונג איז אַלעמאָל שוואַכער איידער דער פאַרלאַנג אַליין*; און ווען מיר דענקען וועגן אים אין דער פאַרגאַנגענער צייט, קאָנען מיר ניט ווידער אַרויסרופן דעם דאָזיגן פאַרלאַנג מיט דערזעלביגער קראַפט, וואָס ער האָט געהאַט איידער ער איז צופרידענגעשטעלט געוואָרן. איז דעריבער, אויב צופרידנשטעלנדיג אַזאַ פאַרלאַנג האָט דער מענש געהאַנדלט להיפּך צו זיין געזעלשאַפטליכן אינסטינקט, און האָט דערנאָך געטראַכט וועגן זיין האַנדלונג — און מיר טוען דאָס שטענדיג — מוז ער אומפאַרמיידליך „מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן דעם פאַרגאַנגענעם הונגער, דעם באַפרידיגטן געפיל פון ראַכע, אדער דער אויסגעמיטענער געפאַר אויף אַנאַנדער מענשנס חשבון, מיט דעם כמעט אַלעמאָל אַנוועזנדן אינסטינקט פון סימפּאַטיע, און מיט זיין פריערדיגן וויסן וועגן דעם וואָס אַנדערע מענשן באַטראַכטן אַלס לויבנסווערט אדער שענדליך". און מאַכט ער איינמאָל אַזאַ פאַרגלייך, „וועט ער האָבן דעמזעלביגן געפיל, ווי ער וואָלט געשטערט געוואָרן בעת ער פאָלגט אַ געגענווערטיגן אינסטינקט אדער געוואוינהייט; און דאָס פאַראורזאַכט ביי אַלע טירן אַן אומבאַפרידיגונג אדער אפילו ליידן".

דערנאָך באַווייזט דאַרווין, ווי דער איינפלוס פונם געוויסן, וואָס „קוקט אויף דער פאַרגאַנגענהייט און דינט אונז אַלס וועג־ווייזער פאַר דער צוקונפט", קאָן אָננעמען ביים מענשן די פאָרם פון שאַנד, מיטלייד, חרטה, אדער אפילו פון אַ שטרייענגן פאָר־וואורף, אויב דער געפיל ווערט פאַרשטאַרקט מיט דעם געדאַנק וועגן דעם ווי די האַנדלונג וועט באַטראַכט ווערן פון אַנדערע, צו וועלכע ער פילט אַ סימפּאַטיע. ביסלאַכווייז וועט די געוויינהייט

* „די אָפּשטאַמונג פון מענשן", ז. 222 אין דער אידישער איבערזעצונג.

אומפארמיידליך אלץ מער פארשטארקן די מאכט פון געוויסן איבער די האנדלונגען, און אין דערזעלביגער צייט וועט זי פועלן, אז די פערזענליכע פארלאנגען און ליידנשאפטן זאלן אלץ מער און מער איינשטימען מיט דעם מענשנס געזעלשאפטליכע סימפאטיעס און אינסטינקטן. * די אלגעמיינע הויפט שוועריקייט פאר יעדער פילאסאפיע פון מאראלן געפיל באשטייט אין דער דערקלערונג פון די ערשטע שפראצן פון דעם געפיל פון פליכט, — פארוואס עס מוז ארייגדרינגען אין מענשליכן פארשטאנד דער באגריף, די אידעע פון פליכט. איינמאל אבער איז די דערקלערונג געגעבען, דערקלערן די אנגעזאמעלטע ערפארונג אין דער געזעלשאפט און די אנטוויקלונג פון קאלעקטיוון פארשטאנד אלעם איבעריגע.

מיר האבן אויף דעם אופן ביי דארווינען די ערשטע דערקלערונג פון דעם פליכט־געפיל אויף א נאטורוויסענשאפטליכן באזיס. אמת, זי ווידערשפרעכט די גאנגבארע באגריפן וועגן דער נאטור פון די חיות און מענשן, זי איז אבער ריכטיג. כמעט אלע, וואס האבן ביז אהער געשריבן וועגן דעם מאראלן אורשפרונג, זיינען ארויסגעגאנגען פון לחלוטין ניט־באוויזענע הנחות, ווען זיי האבן באהויפטעט, אז דער שטארקסטער פון דעם מענשנס איסטינקטן, און נאך מער פון די אינסטינקטן פון חיות, איז דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאלטונג, וועלכן זיי

---

* אין א הערה מאכט דארווין מיט זיין אייגענטימליכן קלארן בליק איין אויסנאם. — „פיינטשאפט אדער האס, באמערקט ער, שיינט אויך צו זיין א שטארק־דויערהאפטיגער געפיל, אפשר מער איידער יעדער אנדער געפיל, וואס מען וואלט געקאנט דערמאנען.... עס קומט דערייבער אויס, אז דער דאזיגער געפיל איז אן איינגעבוירענער, און ער איז זיכער א זייער דויערהאפטיגער. ער שיינט צו זיין די פארפאלשטענדיגונג און דער היפך פון דעם געזעלשאפטליכן אינסטינקט“. (פוסנאטע 1, קאפיטל 4) אט דער געפיל, וואס איז שטארק איינגעווארצלט אין דער נאטור פון חיות, דערקלערט פון אויבן אויף די שטענדיגע מלחמות, וואס קומען פאר צווישן פארשיידענע גרופעס און מינים חיות, ווי אויך צווישן מענשן. ער דערקלערט אויך די איינצייטיגע עקזיסטענץ פון צוויי מאראלע געזעצן צווישן ציוויליזירטע מענשן. אבער אט דעם גרייטן און ביז איצט נאך ניט באארבעטן ביישפיל וועט זיין בעסער צו באטראכטן ווען מיר וועלן ריידן וועגן דער אידעע פון גערעכטיקייט.

אידענטיפיצירן, א דאנק דער געוויסער אומפינקטליכקייט פון זייער טערמינאַלאָגיע, מיט דער זעלבסטבאַהויפּטונג אדער אייגנעגנטלאַך מיט דעם עגאָאיזם. אין אָט דעם אינסטינקט האָבן זיי איינגעשלאָסן פון איין זייט אזוינע גרינטליכע אימפּולסן ווי זעלבסט־פּארטיידיגונג, זעלבסט־אויפהאַלטונג און אפילו די באפרידיגונג פון הונגער; און פון דער אנדער זייט — אזוינע דעריוואַטיווע געפילן ווי די ליידנשאַפט פון באזיץ, גייציקייט, האַס, נקמה, א. ד. ג. און אָט די פּלוידעריי, אָט דעם פארשיידנפארביגן געמיש פון אינסטינקטן און געפילן ביי חיות און מענשן פון דער היינטיגער קולטור, האָבן זיי פאַרגעשטעלט אין דער פאָרם פון אן אַלדורכדרינגענדער און אַלמעכטיגער קראַפט, וואָס באַגעגנט ניט אין דער נאַטור פון חיות און מענשן קיין שום געגנ־ווירקונג א חוץ א געוויסן געפיל פון וואוילטאט אדער רחמנות.

עס פארשטייט זיך, אויב עס איז איינמאָל אָנגענומען געוואָרן, אז דאָס איז די נאַטור פונם מענשן און אַלע חיות, דאַן איז שוין מער גארנישט ניט געבליבן, ווי צו האַלטן פאר נויטיג דעם אָפּשוואַכענדיגן איינפלוס פון די מאָראַל־לערער, וועלכע רופן צו באַרמהאַרציקייט; דערביי נעמען זיי דעם גייסט פון זייער לערע פון א וועלט, וואָס ליגט **א ו י ס ע ר ד ע ר נ א ט ו ר** — אויסער און העכער איידער די וועלט, וואָס מיר קאָנען משיג זיין מיט אונזערע חושים. און זיי מיען זיך צו פארשטארקן דעם איינפלוס פון זייער לערע מיט דער שטיצע פון איבערנאַטירליכע קרעפטן. אויב ווער עס איז האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אזוינע אָנשויאונגען, ווי צום ביישפּיל האָבבס, איז אים געבליבן נאָר איין זאַך; צוצוגעבן א באַזונדער באַדייטונג צו דעם באַשטראָפנדען איינפלוס פון דער רעגירונג, וואָס ווערט געפירט פון געניאַלע געזעצגעבער — וואָס האָט אויך אן אמת'ן געפירט נאָר דערצו, וואָס מען האָט צוגעשריבן די באַזיצונג פון דער „וואַרהייט" ניט צום נביא, נאָר צום געזעצגעבער.

די גרינדער פון די עטישע שולן, אָנהויבנדיג פון מיטלאַלטער, וועלכע זיינען גרעסטנטיילס וויניג באַקאַנט געווען מיט דער נאַטור און האָבן בעסער זיך אָפּגעגעבן מיט מעטאַפיזיקע, האָבן פאַרגעשטעלט דעם אינסטינקט פון דער זעלבסט־באַהויפּטונג פון דער פּערזאָן ווי דעם ערשטן נויטיגן באַדינג פון עקזיסטענץ פאר חיות

און מענשן. געהאָרכן זיינע געבאָטן האָט זיך גערעכנט פאַר א גרונט־געזעץ פון דער נאַטור; ניט געהאָרכן — וואָלט געפירט צו אן אָפּשוואַכונג פון דעם מין, און סוף כל סוף צו זיין פאַרשווינדונג. און דער פּועל יוצא דערפון איז געווען, אז קעמפן מיט די עגאָאיסטישע אימפּולסן האָט דער מענש נאָר געקאָנט רופנדיק צו הילף די איבערנאַטירליכע קרעפטן. דער נצחון פונם מאָראַלן פּרינציפּ האָט זיך דעריבער פאָרגעשטעלט, ווי *דער נצחון פון מענשן איבער דער נאַטור*, וועלכן ער קאָן דערגרייכן נאָר מיט דער הילף פון דרויסן, וואָס קומט ווי א באַלוינונג פאַר זיינע גוטע כונות.

מען האָט אונז געזאָגט, צום ביישפּיל, אז עס איז ניטא קיין העכערע טוגענד, ניטאָ קיין גרעסערער נצחון פון דאָס גייסטיגע איבער דאָס קערפּערליכע, ווי די זעלבסטאָפּפּערונג צוליב דעם וואוילזיין פון מענשן. אין דער ווירקליכקייט אבער איז די זעלבסטאָפּפּערונג צוליב דעם וואוילזיין פון דעם נעסט פון מוראַשקעס, אדער צוליב דער זיכערקייט פון דער מחנה פויגלען, פון דער סטאַדע אנטעלאָפּן, אדער פון דער געזעלשאַפט פון אַפּען, *א זאָאָלאָגישער פאַקט, וואָס ווידערהאָלט זיך יעדן טאָג אין דער נאַטור*, פאַר וועלכן ביי הונדערטער און טויזענטער מינים חיות פאָדערט זיך קיין אנדער זאַך ניט אחוץ די נאַטירליך־געשאַפענע געגנזייטיגע סימפּאַטיע צווישן די מיטגלידער פון דעמזעלביקן מין און די שטענדיגע פּראַקטיקע פון געגנזייטיגער הילף מיט דעם געפיל פון לעבנסענערגיע אין דעם אינדיווידום.

דאַרווין, וועלכער האָט געקענט די נאַטור, האָט געהאַט דעם מוט צו זאָגן, אז פון די ביידע אינסטינקטן — דעם געזעלשאַפטליכן און דעם פּערזענליכן — איז דער געזעלשאַפטליכער דער שטאַרקערער, דער דרינגליכערער און דער מער־שטענדיג אַנוועזנדער אינסטינקט איידער דער אנדערער. און ער איז געווען אומבאַדינגט גערעכט. אלע נאַטורפאָרשער, וואָס האָבן שטודירט דאָס לעבן פון די חיות אין דער נאַטור — דערהויפּט אויף די קאָנטינענטן, וואָס זיינען נאָך שוואַך באַזעצט פון מענשן — וואָלטן אומבאַדינגט געהאַלטן מיט אים. דער אינסטינקט פון געגנזייטיגער הילף איז ווירקליך אנטוויקלט אין דער גאַנצער טירן־וועלט,

ווייל דער נאַטירליכער אָפּקלייב האלט אים אויף און ראָט אויס אָהן רחמנות אלע מינים, אין וועלכע דער דאָזיגער אינסטינקט ווערט אָפּגעשוואכט צוליב א וועלכער עס איז אורזאך. אין דעם גרויסן קאמף פאר עקזיסטענץ, וואָס יעדער מין חיות פירט אָן אנטקעגן די פיינטליכע קלימאטישע באדינגונגען פון די אויסער־ליכע אומשטענדן פון לעבן, און אנטקעגן זיינע נאַטירליכע שונאים, די גרויסע און קליינע, האָבן יענע מינים די גרעסטע שאנסן איבער־בערצולעבן, וועלכע האלטן גרינטליכער פון געגנזייטיגער שטיצע, בעת די מינים, וואָס טוען דאָס ניט, שטאַרבן אויס. און דאָס איי־גענע זעהען מיר אויך אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

עס איז אינטערעסאנט צו באמערקן, אז צוגעבנדיג אזא באַ־דייטונג דעם געזעלשאפטליכן אינסטינקט, קערן מיר זיך אום צו דאָס, וואָס דער גרויסער גרינדער פון די אינדוקטיווע וויסנשאפטן, בעקאָן, האָט שוין באגריפן. אין זיין בארימטן ווערק „אינסטאַור־ראציאָ מאַגנאַ" (דער גרויסער ווידערגעבורט פון וויסנשאפט) האָט בעקאָן געשריבן: „אלע בּרואים האָבן א אינסטינקט (אפּעטיט, פארלאנג) צו צווייערליי סארטן גוטס: איינער פון זיי פאר דער באשעפעניש אליין, און איינער פאר די אנדערע, אויף וויפיל די באשעפעניש מאכט אויס א טייל פון א וועלכן עס איז גרעסערן גאנצן. און אַט דער לעצטער אינסטינקט איז מער ווערטפול און שטארקער איי־דער דער ערשטער, ווארים ער העלפט מיט דעם מער אלגעמיינעם קיום. דער ערשטער קאָן אנגערופן ווערן א אינדיווידועלעם אדער פערזענליכעם גוטס, און דער צווייטער — א געמיינשאפטליכעם גוטס... אויף דעם אופן קומט פאָר בכלל, אז אויף די אינסטינקטן רעגירט דער מער־אלגעמיינער קיום." *

אין אנאנדער אָרט האָט זיך בעקאָן אומגעקערט צו דערזעל־ביגער אידעע, ריידענדיג וועגן די „צוויי אפּעטיטן (אינסטינקטן)

---

* קאפּ. 1, ז. 270, On Dignity & Adv'ment of Learning, Book 7 פון באָהן'ס אויסגאבע. געוויס, בעקאָן'ס ראיות צו באשטעטיגן זיין געדאנק זיינען ניט גענוגענד; מען מוז אבער געדענקען, אז ער האָט נאָר אָנגעוויזן די אלגעמיינע ליניעס פון דער וויסנשאפט, וואָס זיינע נאָכפאָלגער האָבן געדאַרפט באארבעטן. דעמזעלביגן געדאנק האָט שפּע־טער אויך אויסגעדריקט הוגאָ גראָטיוס און איניגע אנדערע דענקער.

פון לעבעדיגע באַשעפענישן: 1. זעלבסטערהאַלטונג און באַשיצונג, און 2. פאַרמערונג און פאַרשפּרייטונג.” און דערביי לייגט ער צו: „אַזוי ווי דער לעצטער איז אַן אַקטיווער, איז אויגענשיינליך, אַז ער איז שטאַרקער און ווערטפולער איידער דער ערשטער“. עס שטעלט זיך, נאַטירליך, די פראַגע: שטימט אַט אַזאַ פאַרשטעלונג וועגן דער טירן־וועלט מיט דער טעאָריע פון נאַטירליכן אָפּקלייב, אין וועלכער דער **קאַמף פאַר עקזיסטענץ אין דעם מין גופא** האָט זיך גערעכנט פאַר אַ נויטיגן באַדינג פון דער דערשיינונג פון נייע מינים און פון עוואָלוציע, ד. ה. פון דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג בכלל?

אַזוי ווי איך האָב באַטראַכט אַט די פראַגע בפּרטיות אין דעם ווערק „געגנזייטיגע הילף“, וועל איך דאָ זיך ניט נעמען זי פאַנאַנדערקלייבן ווידער; איך וועל נאָר צוגעבן די פאָלגענדע באַמערקונג: אין די ערשטע יאָרן נאָך דער דערשיינונג פון דאַרווינס „אַנטשטייאונג פון די מינים“ זיינען מיר אַלע געווען גענייגט צו דענקען, אַז דער שאַרפער קאַמף פאַר די מיטלען פון עקזיסטענץ צווישן די מיטגלידער פון דעמזעלביגן מין איז געווען נויטווענדיג, בדי צו פאַרשטאַרקן די ענדערליכקייט און אַרויסרופן די דערשיינונג פון נייע פאַרשיידנאַרטיקייטן און מינים. מיינע באַאָבאַכטונגען פון דער נאַטור אין סיביר האָט אָבער צום ערשטן מאָל אַרויסגערופן אין מיר אַ צווייפל אין דער עקזיסטענץ פון אַזאַ שאַרפן קאַמף אין די מינים גופא; זיי האָבן באַוויזן פאַרקערט די גרויסע באַדייטונג פון געגנזייטיגער שטיצע אין דער צייט פון דער איבערוואַנדערונג פון די חיות, און פאַר דעם קיום פון דעם מין בכלל. שפּעטער, אין דעם ערד אויף וויפיל די ביאָלאָגיע האָט אַריינגעדרונגען טיפער אין דער אויספאָרשונג פון דער לעבעדיגער נאַטור און האָט זיך באַקענט מיט דעם **דירעקטן איינפלוס פון דער סביבה, וואָס רופט אַרויס ענדערונגען אין אַ באַשטימטער ריכטונג** — דער עיקר אין יענע פאַלן, ווען איין טייל פון דעם מין ווערט, אין דער צייט פון זיין אַריבערוואַנדערונג, אָפּגעשניטן פון די איבעריגע — איז געוואָרן מעגליך צו באַגרייפן דעם „קאַמף פאַר'ן לעבן“ אין אַ ברייטערן און טיפערן זין. די ביאָלאָגן זיינען געוויזן געצוואונגען אָנצודערקענען, אַז גרופּעס חיות האַנדלען אָפטמאָל

ווי איין גאנצעם און פירן א קאמף מיט די אומגינסטיגע באדינגונגען פון לעבן אדער מיט זייערע אויסערליכע פיינד, ווי דאס זיינען די דערבייאיגע מינים, *מיט דער הילף פון געגנזייטיגער שטיצע צווישן זייערע גרופעס*. אין אזוינע פאלן ווערן דערוואָרבן געוויינהייטן, וואס פארקלענערן דעם אינעווייניגסטן קאמף פאר'ן לעבן, און וואס פירן אין דערזעלביגער צייט צו א העכערער אנטוויקלונג פון דעם פארשטאנד צווישן די, וועלכע פראקטיצירן די געגנזייטיגע הילף. די נאטור איז פול מיט אזוינע ביישפילן, און אין יעדן קלאס חיות שטייען טאקע אויף א העכערער שטופע פון אנטוויקלונג גראד די מער געזעלשאפטליכע מינים. די געגנזייטיגע הילף אין דעם מין גופא ווערט אויף דעם אופן (ווי דאס האט שוין קעסלער ארויסגעזאגט אין קורצע ווערטער) דער *הויפט פאקטאר*, די *הויפט ווירקענדע קראפט, פון דאס, וואס מען קאן אנרופן די פראגרעסיווע אנטוויקלונג*.

די נאטור קאן דעריבער אנגערופען ווערן די ערשטע לערערין פון עטיק, פון מאראלן פרינציפ פארן מענשן. דער געזעלשאפטליכער אינסטינקט איז איינגעבוירן אין דעם מענשן אזוי ווי אין אלע געזעלשאפטליכע חיות — אט דאס איז דער קוואל פון אלע עטישע באגריפן און פון דער גאנצער פאלגענדער אנטוויקלונג פון מאראליטעט.

דער אויסגאנג־פונקט פאר יעדער ארבייט וועגן דער טעאריע פון מאראל אדער עטיק איז אנגעוויזן געווארן פון דארווינען — דריי הונדערט יאר נאכדעם ווי די ערשטע פרובן אין דער ריכטונג זיינען געמאכט געווארן פון בעקאנען, און טיילוויז שפעטער פון ספינאזא און געטען. נעמענדיג דעם געזעלשאפטליכן אינסטינקט אלס דעם אויסגאנג־פונקט פאר דער ווייטערדיגער אנטוויקלונג פון די מאראלע געפילן, און באפעסטיגנדיק אט דעם יסוד מיט ווייטערדיגע פאקטן, האט מען געקאנט בויען אויף דעם די גאנצע עטיק; אבער אזא ארבעט איז ביז איצט נאך ניט געטאן געווארן.

יענע בויער פון א טעאריע פון אנטוויקלונג, וועלכע האבן באריט די פראגע וועגן מאראליטעט, זיינען צוליב איין אורזאך אדער אנאנדערער געגאנגען אויף די וועגן, וואס זיינען אנגענומען גע־

ווארן פון די שרייבער איבער עטיק אין דעם פאר־דארווינישן און פאר־לאמארקישן פעריאד, און ניט אין די וועגן, וואס דארווין האט אנגעמערקט, קאן זיין אז צו־קורץ, אין זיין „אפשטאמונג פון מענשן“. אט די באמערקונג שיקט זיך אויך אויף הערבערט ספענסערן. ניט ארייגלאזנדיג זיך דא אין א באאורטיילונג פון זיין עטיק (דאס וועט געטאן ווערן אין אנאנדער ארט), וויל איך נאר באמערקן, אז ספענסער האט געבויט זיין פילאסאפיע פון מאראל לויט אנאנדער פלאן. די עטישע און סאציאלאגישע טיילן פון זיין „סינטעטישער פילאסאפיע“ זיינען געשריבן געווארן א צייט פריער איידער עס איז דערשינען דארווינס אפהאנדלונג וועגן דעם מאראלן געפיל, אונטער דעם איינפלוס טיילוויז פון אגוסט קאנט און טיילוויז פון דעם בענטאמישען „אוטיליטאריאניזם“ און די סענסואליסטן פון 18טען יארהונדערט. *

נאר אין די ערשטע קאפיטלען פון „גערעכטיקייט“ (וואס האבן זיך געדרוקט אין דעם זשורנאל „ניינטינט סענטיורי“ אין מערץ

* ספענסער׳ס „דאטען פון עטיק“ איז ערשינען אין 1879טען יאר און זיין „גערעכטיקייט“ אין 1891טען יאר, ד. ה. לאנג נאך דער דערשיינונג פון דארווינס „אפשטאמונג פון מענשן“ אין 1871. אבער ספענסערס „סאציאלע סטאטיק“ איז שוין ארויס אין 1850טען יאר. ספענסער איז געווים געווען גערעכט, ווען ער האט אנגעוויזן אויף די חלוקים צווישן אים און קאנטן; אבער דער איינפלוס אויף אים פון דעם באגרינדער פון פאזיטיוויזם איז ניט באשטרייטבאר, טראץ דעם טיפן חלוק אין ־עם גייסטיגן געבוי פון דיביידע פילאסאפן. כדי זיך צו מאכן א באגריף וועגן קאנט׳ס איינפלוס, איז גענוג צו פארגלייכן ספענסערס ביאלאגישע אנשויאונגען מיט די אנשויאונגען פון דעם פראנצויזישן פילאסאף, ספעציעל ווי זיי זיינען דארגעלעגט אין דריטן קאפיטל פון זיין „פרעלימינערער אפהאנדלונג“, אין דעם ערשטן באנד פון דער „פאליטיק פאזיטיוו“.

אין ספענסערס עטיק טרעט ספעציעל ארויס קאנטס איינפלוס אין דער באדייטונג, וואס ספענסער גיט צו צו דער איינשטעלונג פון דעם אונטערשייד צווישן דער „מיליטעריסטישער“ און דער „אינדוסטריעלער“ שטופע אין דער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט, ווי אויך אין שטעלן דעם עגאאיזם און אלטרואיזם אנטקעגן איינער דעם אנדערן. אט דעם לעצטן ווארט, (אלטרואיזם) געברויכט ספענסער טאקע אין א צו־ברייטן און דעריבער אין א ניט־געניעט זין, פונקט ווי קאנט האט אים געברויכט, ווען ער האט צום ערשטן איינגעפירט דאס דאזיגע ווארט.

און אַפּריל 1890) געפינען מיר דערמאָנט ביי ספּענסערן וועגן דער „עטיק פון חיות“ און דער „אונטער־מענשליכער גערעכטיקייט“, צו וועלכע דאַרווין האָט צוגעגעבן אַזאַ באַדייטונג אין דער אַנטוויקלונג פונם מאָראַלן געפיל ביים מענשן. עס איז אינטערעסאַנט אַז די דאָזיגע דערמאָנונג איז אויף קיין אופן ניט געווען פאַרבונדן מיט דעם איבעריגן ענין פון ספּענסערס עטיק, היות ווי ער האָט ניט געהאַלטן די פּרימיטיווע מענשן פאַר געזעלשאַפטליכע ברואים, וואָס זייערע געזעלשאַפטן זאָלן זיין אַ פאָרטזעצונג פון די שטאַמען און געזעלשאַפטן, וועלכע מען געפינט געוויינלאַך צווישן חיות. בלייבנדיג געטריי צו האָבבסן, האָט ער באַטראַכט די ווילדע ווי ניט־צוזאַמענגעבונדענע מחנות מענשן, פרעמדע איינע צו די אַנדערע, ביי וועמען עס קומען פאָר שטענדיגע פיינטשאַפטן און קריגערייען, און די דאָזיגע מחנות גייען אַרויס פון זייער כאַאָטישן צושטאַנד ערשט דאַן, ווען עס קומט אַ פּייאַיגער מענש, וואָס נעמט אַריין די מאַכט אין זיינע הענט און אָרגאַניזירט אַ געזעלשאַפטליכן לעבן.

אויף אַט דעם אופן איז דער קאַפּיטל וועגן עטיק ביי חיות, וואָס ספּענסער האָט צוגעלייגט שפּעטער, אַ צוגעבויטער גאָרן אין דעם אַלגעמיינעם סיסטעם פון ספּענסער׳ס מאָראַל־פילאָסאָפיע, און ער האָט ניט דערקלערט פאַר וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר נויטיג איבערצובייטן אין דעם פונקט זיינע פריערדיגע אַנשויאונגען. יעדענפאַלס שטעלט ניט פאָר ביי ספּענסערן דעם מענשנס מאָראַלער געפיל אַ ווייטערדיגע אַנטוויקלונג פון די געפילן פון געזעלשאַפטליכקייט, וואָס האָבן שוין עקזיסטירט ביי דעם מענשנס פאָר־עלטערן. לויט זיין מיינונג האָט זיך דערדאָזיגער געפיל באַוויזן אין די מענשליכע געזעלשאַפטן אַ סך שפּעטער און איז אַרויסגעקומען פון די באַשריינקונגען, וואָס זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די מענשן דורך זייערע פּאָליטישע, געזעלשאַפטליכע און רעליגיעזע פירער (די „דאַטן פון עטיק“ § 45). דער באַגריף פון פליכט, ווי דאָס האָט געהאַלטן בעין נאָך האָבבס׳ן, קומט אויס אויך ביי ספּענסערן, ווי אַ פּראָדוקט פון צוואַנג מצד די ציטווייליגע הערשער, אין די ערשטע פּעריאָדן אין לעבן פון מענשן, אדער ריכטיגער, ווי אַן „עראַינערונג“ וועגן דעם דאָזיגן צוואַנג.

אַט די פאָראויסזעצונג, וועלכע אגב אורחא וואָלט איצט שווער

געוועזן צו באשטעטיגן דורך א וויסנשאפטליכער פארשונג, ליינט איר שטעמפל אויף ספענסער'ס גאנצער עטיק. ביי אים טיילט זיך די געשיכטע פון דער מענשהייט אויף צוויי פעריאדן: דער „מיליטערישער", וואס ציט זיך נאך ביז דער היינטיגער צייט, און דער „אינדוסטריעלער", וואס וואקסט לאנגזאם אין דער איצטיגער צייט; און די ביידע פארדערן זייער אייגענע באזונדערע מאראל. אין דער צייט פון מיליטערישן פעריאד איז געווען מער צוואנג וויפיל עס איז געווען נויטיג, אבער אהן אים וואלט דער פראגרעס ניט געווען מעגלאך. אויף דער דאזיגער שטופע פון דער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט איז אויך געווען נויטיג, אז דער יחיד זאל געאפפערט ווערן אין די אינטערעסן פון דער געזעלשאפט, און צוליב דעם זאל זיך אויסארבעטן א ספעציעלער קאדעקס פון מאראל. אזא נויטווענדיקייט פון רעגירונגס צוואנג און די אפפערונג פון דעם יחיד וועט מוזען אנהאלטן ביז וואנען די אינדוסטריעלע ארדענונג וועט ניט פולשטענדיג גובר זיין די מיליטערישע ארדענונג. ספענסער אנדערקענט אויף דעם אופן צוויי פארשיידענע עטיקעס, וואס זיינען צוגעפאסט צו צוויי פארשיידענע שטופן פון אנטוויקלונג (די „דאטן פון עטיק", §§ 48—50), און דאס פירט אים צו א ריי שלוסן, וועלכע קאנען זיין ריכטיג נאר אויב די גרונט־באהויפטונג איז אן אמת'ע.

די לערע פון די מאראלע פרינציפן באשטייט פאלגליך אין זוכן א קאמפראמיס — א פשרה צווישן די געזעצן פון פיינטשאפט און די געזעצן פון פריינטשאפט — צווישן גלייכהייט און ניט־גלייכהייט (§ 85). און אזוי ווי קיין אויסוועג פון אט דעם צוזאמענשטויס פון די צוויי געגנגעזעצטע פרינציפן איז ניטא — אזוי ווי דאס אנקומען פון דער אינדוסטריעלער ארדענונג קאן זיין מעגליך נאר דאמאלסט בעת דער קאמף צווישן איר און דער מיליטערישער ארדענונג וועט זיין געענדיגט, איז דערוויילע נאר מעגלאך אריינצופירן אין די באציהונגען צווישן מענשן א וועלכן עס איז טייל „גוטפריינטשאפט", וואס זאל קאנען מילדערן וויפיל ניט איז די היינטיגע ארדענונג, וועלכע איז געבויט אויף אינדיווידואליסטישע פרינציפן. פאלגליך לאזט זיך אויס זיין פארזוך אויפצובויען די גרונט־פרינציפען פון מאראל מיט גארנישט, און סוף כל סוף קומט ער צו א גאר אינגאנצן אומדערוואַרטעטן שלוס, באהויפטנדיג אז אלע טעאריעס פון מאראל, די פילאסאפישע און די רעליגיעזע, דער־

נענצן איינע די אנדערע. אין דערזועלביגער צייט וואָס דאַרווינס געדאַנק איז געווען אקוראַט פאַרקערט — דאַרווין האָט איינגעזען, אַז דער קוואַל פון וואַנען אַלע סיסטעמען פון עטיק און אַלע מאָ־ראַלע לערען, איינשליסנדיג אויך דעם עטישן טייל פון פאַרשיידענע רעליגיעס, נעמען זייער אורשפּרונג, איז די געזעלשאַפטליכקייט און די קראַפט פון געזעלשאַפטליכן אינסטינקט, וואָס באַווייזט זיך שוין אין דער טירן־וועלט און אַזויפיל מער ביי די גאַנץ פּרימיטיווע פעל־קער — וואַקלט זיך ספּענסער, פּונקט אַזוי ווי האַקסלי, צווישן די טעאָריעס פון צוואַנג, אוטיליטאַריזם און רעליגיע, און קאָן ניט געפינען אויסער זיי דעם קוואַל פון מאָראַליטעט.

צום שלום דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז הגם ספּענסער'ס באַגריף פון דעם קאַמף צווישן עגאָאיזם און אַלטרואיזם איז זייער ענליך צו קאַנט'ס פּאָזיציע בנוגע דערזועלביגער פראַגע, פונדעסטוועגן איז דער באַגריף וועגן געזעלשאַפטליכן אינסטינקט, וואָס דער פילאָסאָף־פּאָזיטיוויסט האָט געהאַט, טראָץ דעם וואָס ער האָט געלייקנט אין די פאַרענדערליכקייט פון די מינים, געווען נעהענטער צו דאַרווינס באַגריף איידער ספּענסער'ס. באַטראַכטנדיג די באַדייטונג פון די געזעלשאַפטליכע און אינדיווידועלע אינסטינקטן, האָט קאָנט נאָך אַהן וואַקלענישן אַנדערקענט די איבערוועגנדע באַדייטונג פון די ערשטע. ער האָט אין אָט דער אַנדערקענונג געזען אויך אַפילו דעם כאַראַקטעריסטישן שטריך פון דער מאָראַל־פילאָסאָפיע, וואָס האָט איינגאַנצן פאַרוואָרפן די טעאָלאָגיע און די מעטאַפיזיק; ער האָט אָבער די באַהויפּטונג ניט אַנטוויקלט ביז צו איר לאָגישן ענד.*

ווי עס איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן, האָט קיינער פון דאַר־

---

* „די פּאָזיטיווע מאָראַל, האָט קאָנט געשריבן, אונטערשיידט זיך אויף דעם אופן ניט נאָר פון דער מעטאַפיזישער, נאָר אויך פון דער טעאָלאָ־גישער דערמיט, וואָס זי אַנדערקענט ווי אַ אוניווערסאַלן פּרינציפּ דעם איבערוואָג פון די געזעלשאַפטליכע געפילן". (פּאָליטיק פּאָזיטיוו", פּרעלימינערע אָפּהאַנדלונג, צווייטן טייל, ז. 93, און אין איניגע אַנ־דערע פּלעצער). ליידער ווערן די פּונקטן פון געניאַליטעט, וואָס זיינען פאַנאַנדערגעשאָטן איבער דעם גאַנצן ווערק אָפט פאַרטונקלט פון קאָנטס שפּעטיגערע אידייען, וועלכע מע קאָן ניט באַטראַכטן אַלס אַן אַנטוויקלונג פון דעם פּאָזיטיוון מעטאָד.

ווינס נאָכפאָלגער ניט געמאכט קיין פארזוך ווייטער צו אנטוויקלען זיין עטישע פילאָסאָפיע. דזשאָרדזש ראָמיינעס וואָלט ווארשיינליך געוועזן אן אויסנאם, וואָרים ער האָט געהאט בדעה זיך צו נעמען, נאָכדעם ווי ער איז פארטיג געוואָרן מיט זיינע אויספארשונגען בנוגע דעם פאַרשטאַנד פון חיות, פאר די פראַגן פון עטיק ביי חיות, און קלאָרצושטעלן דעם אורשפּרונג פונם מאָראלן געפיל. ער האָט שוין אפילו צונויפגעקליבן מאַטעריאַלן פאַר אָט דעם צוועק. * ליידער האָבן מיר אים פארלאָרן איידער ער האָט באוויזן צו נעמען זיך ריכטיג פאר דער ארבעט.

וואָס איז שייך די אנדערע נאָכפאָלגער פון דער אנטוויקלונג־טעאָריע, זיינען זיי אדער געקומען צו אזוינע שלוסן, וואָס זיינען גאנץ פארשיידן פון דארווינס אנשויאונגען, ווי דאס האָט פּאסירט מיט האקסלעי'ן אין זיין לעקציע „עוואָלוציע און עטיק"; אדער, אננעמענדיג די טעאָריע פון אנטוויקלונג אלס א באַזיס, האבן זיי געארבעט אין אנאנדער ריכטונג. אזא איז מארק גיאָס מאָראַל־פילאָסאָפיע, אין וועלכער עס ווערן אנאַליזירט די העכערע דער־שיינונגען פון מאָראַליטעט, ניט דערמאָנענדיג וועגן עטיק אין דער טירן־וועלט. ** איך האָב דעריבער געהאַלטן פאר נויטיג צו באַהאנדלען פון דאס ניי די דאָזיגע פראגע אין מיין בוך „געגנזייטיגע הילף אלס פאקטאָר פון עוואָלוציע", אין וועלכן די אינסטיקטן און די געוויינהייטן פון געגנזייטיגער שטיצע ווערן באטראכט ווי איינע פון די יסודות און פאקטאָרן פון דער פּראָגרעסיווער אנטוויקלונג.

* ער האָט דערמאַנט וועגן דעם אין זיין ווערק "Mental Evolution in Animals" לאָנדאָן, 1883, ז. 352.

** דאָס ווערק פון פּראָפ. ללאָיד־מאָרגאן, וועלכער האָט אינגאַנצן איבערגעארבעט זיין פריערדיגן בוך וועגן דעם פארשטאַנד פון חיות אונטער א נייעם טיטול (Animals Behaviour) לאנדאן, 1900, איז נאָך ניט פארענדיגט און מען קאָן דערמאָנען דעם ווערק נאָר דערפאר, ווייל ער פארשפּרעכט צו געבן א נייעם אַנאַליז וועגן דער פראגע, באַזונדערס פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער פארגלייכנדער פּסיכאָלאָגיע. — די אנדערע ווערק, וועלכע באַרירן די אייגענע פראגע אדער האָבן צו איר א שייכות, ספּעציעל עספּינאס' אויסגעצייכנט בוך „לע סאָסיעטע אַנימאַל," זיינען דערמאָנט אין דער פאָררעדע צו מיין בוך „די געגנזייטיגע הילף".

איצטער קומט אונז אוים צו באַטראַכטן דיזעלביגע געזעל־שאַפטליכע געוווינהייטן פון א צווייטאַכיגן שטאַנדפּונקט: אַלס גע׳ירש׳נטע עטישע גייגונגען און אַלס עטישע לערען, וואָס אונזערע פּרימיטיווע אורעלטערן האָבן געשעפּט פון באָאַבאַכטונגען איבער דער נאַטור. איך מוז זיך דעריבער אַנט־שולדיגן פאַר די לעזער, וואָס איך וועל דערמאָנען בקצור איניגע פאַקטן, וועלכע זיינען שוין באַטראַכט געוואָרן אין מיין אַרבייט וועגן געגנזייטיגער הילף, כדי צו באַווייזן זייער עטישע באַדייטונג.

באַטראַכטנדיג די געגנזייטיגע הילף אַלס אַ וואָפן פון דעם מין אין זיין קאַמף פאַר׳ן לעבן, ד. ה. אין דעם זין, אין וועלכן זי איז וויכטיג פאַר דעם נאַטורפאָרשער, וועל איך איצטער אַנצייגן אויג־קורצן, וואָס זי שטעלט מיט זיך פאַר אַלס אַ קוואַל פון וואַנען עס נעמען זיך די עטישע געפילן ביים מענשן. פון אָט דער זייט איז זי העכסט אינטערעסאַנט פאַר דער עטישער פילאָסאָפיע.

דער פּרימיטיווער מענש האָט געלעבט אין אַ נאָהענטער גע־מיינשאַפט מיט חיות. מיט איניגע פון זיי האָט ער לויט אַלע וואַר־שיינליכקייטן זיך געטיילט מיט זיין וואוינונג אונטער דעם אַרי־בערהיינגנדען פעלז, אין די שפּאַלטן צווישן די פעלזן, און אָפטמאָל אויך אין די היילן. זייער אָפט האָט ער זיך געטיילט מיט זיי אויך מיט זיין שפּייז. ניט ווייטער ווי אַ יאָר אַנדערהאַלבן הונדערט צוריק האָבן די איינגעבוירענע פון סיביר און אַמעריקאַ איבערראַשט אונזערע נאַטורפאָרשער מיט זייער פולשטענדיגן קענען די לעבנס־געוווינהייטן פון די ווילדעסטע חיות און פויגלען; און דער פּרימי־טיווער מענש איז געשטאַנען אין נאָך אַ נעהענטערער געמיינשאַפט מיט די איינוואוינער פון די וועלדער און סטעפּעס, און האָט זיי נאָך בעסער געקענט. די מאַסן אויסראָטונג פון לעבעדיגע ברואים דורך די וואַלד און פעלד שריפות, דורך פאַרגיפטעטע קוילן און דערגלייכן, האָט זיך דאַמאָלסט נאָך ניט אַנגעהויבן; און לויט דער ערשטוינענדער, אומגלויבליכער שפע פון לעבעדיגע ברואים, וואָס די ערשטע איינוואַנדערער אין אַמעריקאַ האָבן באַגעגנט, און וואָס איז אַזוי פּראַכטפול באַשריבן געוואָרן פון די ערשטער־קלאַסיגע נאַ־טורפאָרשער ווי אָדיבאָן, אַזאַראַ און פילע אַנדערע, קאָנען מיר זיך מאַכן אַ באַגריף פון דער געדיכטקייט פון דער טירן־באַפעלקערונג

**אויף דער ערד און פארלויף פון דער ערשטער צייט נאך דעם אייז־פעריאד.**

דער מענש פון דער עלטסטער און נייסטער שטיין־צייט האט געלעבט, הייסט עס, אין א ענגער געמיינשאפט מיט זיינע שטומע ברידער — אזוי ווי בעריננ, בעת ער האט געמוזט איבערווינטערן אויף איינעם פון די אינזלען ארום אלאסקא, האט געלעבט מיט זיין גאנצער קאמפאניע צווישן די אומציילינע סטאדעס פון די פאלארע פוקסן, וועלכע פלעגן ארומלויפן צווישן דער מענשליכער מחנה, אויפעסנדיג די פראוויזיע, און פלעגן קומען ביי נאכט גריזען די פעל, אויף וועלכע די מענשן האבן געשלאפן. אונזערע פרימיטיווע אורעלטערן האבן געלעבט צווישן די חיות און מיט זיי. און ווי נאר זיי האבן אנגעהויבן איינפירן א וועלכע עס איז ארדע־נונג אין זייערע באאבאכטונגען איבער דער נאטור און איבערגעבן דידאזיגע באאבאכטונגען צו זייערע קינדער, האבן די חיות מיט זייער לעבן און זייערע זיטן געגעבן דעם הויפט מאטעריאל פאר זייערע פון מויל צו מויל איבערגעגעבענע זאמלונג פון ידיעות און לעבנס־וויזהייט, וואס האט זיך אויסגעדריקט אין דער פארם פון שפרוך־ווערטלאך און כללים. די פסיכאלאגיע פון די חיות איז געווען די ערשטע פסיכאלאגיע, וואס דער מענש האט אויסגע־לערנט, און זי איז נאך ביז היינטיגן טאג דער באליבטסטער געגנ־שטאנד פון די מעשיות, וואס מען דערציילט זיך ביים פונאנדער־גלייגטן פייער אין די סטעפעס און וועלדער. דאס לעבן פון די חיות, וואס איז געווען איינג פארבונדן מיט דעם לעבן פון מענשן, איז אויך געווען דער געגענשטאנד פון די ערשטע שפראצן פון קונסט: מיט דעם האבן זיך באגייסטערט די ערשטע גראווירער און סקולפטארן, און דאס איז געווארן א טייל פון די גאנץ עלטס־טע טראדיציעס און מיטאסן וועגן דער באשאפונג פון דער וועלט.

היינט איז דאס ערשטע, וואס אונזערע קינדער דערוויסן זיך פון זאאלאגיע, די מעשיות וועגן די רויב־טירן, די לייבן און די טיגערס. אבער דאס ערשטע, וואס די פרימיטיווע ווילדע האבן זיך געדארפט דערוויסן וועגן דער נאטור, איז געווען, אז זי שטעלט פאר אן אומגעהויערע זאמלונג פון טירן־מינים און פעלקער: דאס אפען־פאלק, וואס איז אזוי נאהענט צום מענשן, דאס אייביג־ברומענדיגע וועלף־פאלק, דאס אלווויסנדע, פלוידערנדיגע פויגל־

פאָלק, דאָס איביג־אַרבעטנדיגע פאָלק פון מוראַשקעס, א. אַז. וו. * פאַר זיי זיינען די חיות געווען, אַ המשך, אַן אויסברייטערונג פון זייער אייגענעם פאָלק — נאָר זיי זיינען געווען אסך קליגער איידער די מענשן. דער ערשטער אָנהויב פון אַ גענעראַליזאַציע וועגן דער נאַטור — אַזאַ אומבאַשטימטע נאָך, אַז זי האָט זיך קוים אונטערשיידט פון אַ פּשוטן איינדרוק — האָט געמוזט זיין דאָס, אַז די לעבעדיגע באַשעפענישן און איר פּאָלק זיינען ניט אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע. מיר קאָנען זיי אָפּטיילן, אָבער זיי האָבן ניט געקענט. עס איז אַפילו אַ ספק, צי זיי האָבן זיך געקאָנט פאָרשטעלן דאָס לעבן אַנדערש ווי נאָר דורך דעם מין אָדער דעם פאָלק.

אין יענער צייט האָט זיך אומפאַרמיידליך געמוזט פאַרמירן ניט אַנדערש ווי אָט אַזאַ פאַרשטעלונג וועגן דער נאַטור. צווישן זיינע נעהענטסטע קרובים, די אַפּען, האָט דער מענש געזען הונדערטע מינים, ** וואָס האָבן געלעבט אין גרויסע געזעלשאַפטן, וואו אַלע מיטגלידער פון יעדער געזעלשאַפט זיינען געווען אייננ פאַרבונדן צווישן זיך. ער האָט געזען ווי די אַפּען שטיצן איינע די אַנדערע בעת זיי גייען אַרומקלייבן אַ פעלד; ווי פאָרזיכטיג זיי גייען אַריבער פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן; ווי זיי פאַראייניגן זיך אַנטקעגן זייערע אַלעמענס פיינד; ווי זיי טוען איינער פאַרן אַנדערן אַלערליי קלייניקייטן, ווי צום ביישפּיל אַרויסציען שטעכערס און בערעלאַך פון דער האָריגער פעל פון אַ חבר; ווי זיי קוועטשן זיך אייננ צוזאַמען אין אַ קאַלטן וועטער, א. אַז. וו. געוויס, די אַפּען האָבן זיך אָפט געקריגט איינע מיט די אַנדערע; אָבער אין זייערע קריגערייען איז געווען, אַזוי ווי מיר זעהען עס אויך איצטער, מער טומל איידער באַשעדיגונג; און צייטנווייז, אין די מינוטן פון געפאַר, האָבן זיי אַרויסגעוויזן וואָונדערבאַרע געפילן פון געגנזייטיגער צוגעבונדנקייט — שוין ניט צו ריידן וועגן דער

---

* קיפּלינג האָט עס פאָרטרעפליך גוט פאַרשטאַנען, אין זיין דערציילונג וועגן מאַוגלי.

** אין טערציערן פּעריאָד זיינען־געווען זייערע, ווי די געלערטע געפינען זאָגן, ביז טויזנט פאַרשיידענע מינים.

צוגעבונדנקייט פון די מוטערס צו זייערע קינדער און פון די אלטע זכרים צו זייער גרופע. געמיינשאפטליכקייט איז געווען אויף דעם אופן דער כאראקטעריסטישער שטריך ביי דעם גאנצן פאלק פון די אפען; און אויב איצטער געפינען זיך צוויי ניט־געזעלשאפטליכע מינים פון די גרויסע אפען — דער גארילא און דער אראנג־אוטאנג — וועלכע לעבן נאר אין קליינע פאמיליען, איז אט דער פאקט גופא, וואס אט די צוויי מינים פארנעמען יעדער באזונדער א זייער קליינע טעריטאריע, באווייזט, אז זיי זיינען אויסשטארבנדע מינים: מעגליך אז זיי זיינען דעריבער אויסשטארבנדע, ווייל דער מענש האט געפירט אנטקעגן זיי א הארטנעקיגע מלחמה, ווי געגן מינים, וואס זיינען זייער נאהנט צום מענשן.

דער פרימיטיווער ווילדער, ווידער, האט געזען און געוואוסט, אז אפילו צווישן די רויבערישע חיות איז פאראן איין גאנץ אלגעמיינער געזעץ: זיי הרגנען קיינמאל ניט איינער דעם אנדערן. איניגע פון זיי זיינען זייער געזעלשאפטליך, דהיינו דער גאנצער הינט־שטאם: די שאקאלן, די ווילדע הינט פון אינדיע און די היענעס. אנדערע לעבן אין ניט־גרויסע פאמיליעס, אבער אפילו ביי זיי קומען זיך צונויף די קליינערע, ווי די לייבן און לעמפערטן, צו גיין אינאיינעם אויף געיעג, אזוי ווי די הינט־שטאמען. * און וואס איז שייך די וויניגע, וועלכע לעבן — יעדנפאלס איצטער — גאר איינזאם, ווי די טיגערן, אדער אין קליינע פאמיליעס, האלטן זיי זיך אויך אן דעמזעלביגן רעגל: זיי הרג'נען ניט איינער דעם אנדערן. אפילו איצטער, ווען עס זיינען שוין מער ניטא די אומציילינגע סטאדעס, וואס האבן אמאליגע צייטן באפעלקערט די באוואקסענע סטעפעס, און די טיגערס, וואס זיינען געצוואונגען צו דערנערן זיך פון דעם מענשנס געצאמטע סטאדעס, לעבן דעריבער נאענט פון די דערפער, — אפילו איצטער ווייסן מיר דורך די פויערים פון אינדיע, אז די טיגערס האלטן זיך יעדערער אויף זיין געביט און

---

* אויף איין פאטאגראפישער קארטע, וואס איז ארונטערגענומען געווארן ביי נאכט מיט קינסטליכער באלויכטונג, קאן מען זען, ביי די וואסער־ברעגעס, וואו עס קומען זיך צונויף אלערליי חיות, אז די לייבן קומען גרופעסווייז.

פירן ניט צווישן זיך קיין בירגער־קריג. און ווי עס ווייזט זיך דערביי ארויס, איז עס זייער ווארשיינליך, אז אפילו דידאָזיגע ווייניגע מינים, וואָס זייערע איינצעלנע לעבן איצטער אפגעזונדערט, דהיינו די טיגערס, די קליינע מינים קעץ (כמעט אלע זייערע זיינען נאכט־חיות), בערן, די מארדער־פאמיליע, פוקסן, איגלס (יאָזשיקעס) און אייניגע אנדערע — אפילו אָט די מינים האבן ניט אלעמאָל געפירט אן איינזאם לעבן. פאר אייניגע פון זיי (פוקסן און בערן) האָב איך געפונען פאזיטיווע באווייזן, אז זיי זיינען פארבליבן געזעלשאפטליכע חיות ביז וואנען דער מענש האָט זיך ניט גענומען זיי אויסראָטן; און אנדערע לעבן נאָך ביז היינטיגן טאָג געזעלשאפטליך אין די ניט־באזעצטע וויסטענישן: אזוי אז מיר האָבן א פולשטענדיגן גרונט צו דיינקען, אז כמעט אלע זייערע האָבן אמאָל געלעבט אין געזעלשאפטן. * נאר אויב אפילו עס וואלטן אלעמאָל עקזיסטירט עטלאכע ניט־געזעלשאפטלאכע מינים, קאָנען מיר פאזיטיוו באהויפטן, אז אזעלכע מינים זיינען געווען די אויסנאם פון דעם אלגעמיינעם כלל.

די לערע פון דער נאַטור איז פאָלגליך געווען, אז אפילו די שטארקסטע חיות זיינען געצוואונגען צו לעבן געמיינשאפטליך. די, וועמען עס איז אויסגעקומען אפילו נאר איינמאָל אין לעבן צו זען אן אטאקע צום ביישפיל פון די ווילדע אינדישע הינט אויף גרויסע און שטארקע רויבטירן, האָבן, פארשטייט זיך, איין מאָל פאר אלע מאָל באגריפן די קראפט פון אזא פאראייניגונג, דעם צוטרויען צו די אייגענע כחות און דעם מוט, וואָס די פאראייניגונג גיט יעדן איינצלנעם.

אין די סטעפּעס און וועלדער האבן אונזערע פרימיטיווע אורעלטערן געזען מיליאָנען חיות זיך צונויפקומנדיג אין אומגעהויערע געזעלשאפטן — גאנצע פעלקער און מינים. אומצייליגע סטאדעס ריי־הירשן, פאַלארע הירשן, אנטעלאָפּן, אומגעהייערע סטאדעס בופלאָקסן און אומצייליגע מחנות ווילדע פערד, ווילדע אייזלען, זעבראַס און אנדערע האבן זיך אריבערגעצויגן איבער די

* זע „געגנזייטיגע הילף“ דעם ערשטן און צווייטן קאפיטל און די ביילאגן. א סך נייע פאקטן, וואָס באַשטעטיגן דעמזעלביגן געדאַנק, האָב איך געזאמעלט נאָכדעם ווי דאָס דאָזיגע ווערק איז ערשינען.

גרעניצלאָזע סטעפּעס און כסדר אַלעמאָל זיך געפּיטערט אינאיי־נעם, ווי דאָס האָבן ניט לאַנג צוריק געזען די רייזנדע אין צענט־ראַל אַפריקאַ, וואו די זשיראַפן, גאַזעלן און אַנטעלאָפּן האָבן זיך געפּיטערט זייט ביי זייט. אפילו אויף די טרוקענע בערג־פּלאַכן פון אַזיע און אַמעריקאַ זיינען געווען גרויסע סטאַדעס לאַמען אָדער ווילדע קעמלען, און אין די בערג פון טיבעט האָבן זיך אויפגע־האַלטן געמיינשאַפטליך גאַנצע מינים שוואַרצע בערן. און ווען דער מענש האָט זיך נעהענטער באַקענט מיט דעם לעבן פון די דאָזיגע חיות, האָט ער גלייך איינגעזען ווי אייניג פאַרבונדן זיי זיינען צווישן זיך. אפילו דאַמאָלסט בעת זיי זיינען דאַכט זיך געווען אינגאַנצן פאַרנומען מיט זייער נאַרונג, און עס האָט אויס־געזען אַז זיי האָבן זיך גאָרניט אַרומגעקוקט אויף דאָס, וואָס טוט זיך אַרום זיי, האָבן זיי גוט אַכטונג געגעבן איינער אויף דעם אַנדערן — שטענדיג גרייט צו פאַראייניגן זיך אין אַ וועלכער עס איז אַלגעמיינער טעטיקייט. דער מענש האָט אויך געזען, אַז אין דעם גאַנצן הירשן אָדער ציגן־שטאַם, סיי בעת זיי פּיטערן זיך, סיי ווען זיי שפּילן זיך, האָבן זיי אַלעמאָל וועכטער, וואָס שלאָפן ניט און גיבן אַ סיגנאַל צום מינוט, גלייך ווי עס באַווייזט זיך אַ געפערליכע רויב־חיה. ער האָט אויך געוואוסט, אַז אין פאַל פון אַ פּלוצלינדיגען אָנפאַל שליסן זיך צונויף די זכרים און נקבות אין אַ קרייז, אַריינטרייבנדיג די יונגע אינמיטן קרייז, און ווי אַזוי זיי באַגעגענען דעם שונא פּנים אל פּנים, זיך אונטערוואַרפנ־דיג דער געפאַר פון ווערן פאַרצוקט, אָבער ראַטעווענדיג זייער יונגען דור, וואָס קאָן זיך נאָך אַליין ניט באַשיצן. ער האָט גע־וואוסט, אַז די סטאַדעס חיות האַלטן זיך פאַר דערזעלביגער טאַק־טיק בעת זיי טרעטן אָפּ צוריק.

דער פּרימיטיווער מענש האָט דאָס אַלץ געוואוסט — אָט דאָס אַלץ, וואָס מיר וויסן ניט און וואָס מיר פאַרגעסן אַזוי גערן; און ער האָט דערציילט וועגן דידאָזיגע פּירונגען פון די חיות אין זיינע מעשה'ס, באַפּוצנדיג זייער מוט און זעלבסטאָפּפערונג מיט זיין פּרי־מיטיווער פאַעזיע, און ער האָט זיי נ אָ כ ג ע ט אָ ן אין זיינע רעליגיעזע צערעמאָניעס, וועלכע ווערן איצט ניט־ריכטיג אָנגערופען „טענץ“.

און ניט וויניגער האָט דער ווילדער געמוזט וויסן וועגן די

גרויסע וואַנדערונגען פון די חיות. ער איז אפילו נאָכגעגאַנגען נאָך זיי, ווי דאָס טוען איצטער די טשוקטשעס, וועלכע קלייבן זיך אַריבער נאָך די סטאַדעס ווילדע הירשן, ווען די מחנות קאָ־מאַרעס טרייבן זיי פון איין טייל פון דעם טשוקטישן האַלב־אינזל אין דעם אַנדער טייל; אָדער ווי דער לאַפּלאַנדער גייט נאָך די סטאַדעס האַלב־געצאַמטע הירשן אין זייערע וואַנדערונגען, וואָס היינגען ניט אָפּ פון אים. און אויב מיר, מיט אונזער בוך־געלער־זאַמקייט און אומבאַקאַנטשאַפט מיט דער נאַטור, קאָנען זיך ניט דערקלערן ווי אַזוי חיות, וואָס זיינען צעוואָרפן גרופּעסווייז איבער אַן אומגעהויערער טעריטאָריע, קליגן זיך צונויפצוקלייבן אין די טויזנטער אויף אַ געוויסן אָרט, כדי אַריבערצושווימען אַ טייך (ווי איך האָב עס געזען אויפ׳ן אַמור), אָדער אַריבערציען זיך צו צפון, דרום אָדער מערב — האָבן אונזערע אורעלטערן, וועלכע האָבן געהאַלטן די חיות פאַר קליגערע ווי זיך אַליין, זיך גאָר ניט גע־וואונדערט אויף אַזוינע איינשטימונגען, ווי עס וואונדערן זיך ניט אויף זיי די ווילדע איצטער. פאַר זיי געפינען זיך אַלע לעבעדיגע ברואים — חיות, פויגלען און פיש — אין שטענדיגער געמיינ־שאַפט צווישן זיך. זיי וואָרענען איינע די אַנדערע דורך קוים מערקבאַרע צייכנס אָדער קלאַנגען; זיי לאָזן וויסן איינע די אַנ־דערע וועגן אַלערליי פּאַסירונגען, און שטעלן צונויף אויף דעם אופן איין גרויסע אַלגעמיינע געזעלשאַפט, וואָס האָט אירע מנהגים פון אַנשטענדיגע פירונגען און גוט־פריינטשאַפט. די טיפע שפּורן פון אָט אַזאַ פאַרשטענדעניש פון דעם לעבן פון די חיות זיינען פאַר־בליבן ביז אויף היינטיגן טאָג אין די **ספורי מעשיות און שפּריכ־ווערטלאַך פון אַלע**

פון די געדיכט־באַפעלקערטע, מוגטערע און פרייליכע ישובים פון מאַרדרעס, סוסליקעס און זייער גלייכן, ווי אויך פון די קאָלאָ־ניעס ביבערס, מיט וועלכע די טייכן נאָך דעם אייז־פּעריאָד זיינען געווען באַפעלקערט, האָט דער פּרימיטיווער מענש — אַליין נאָך אַ וואַנדערנדע באַשעפעניש — זיך געקאָנט דערוויסן די נוצן פון איינגעזעסנקייט, פון אַ פעסטן וואוינאָרט און געמיינשאַפטליכער אַרבעט. אפילו איצטער זעהען מיר (איך האָב עס געזען אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק אין זאַבאַיקאַליע) אַז די וואַנדערנדע פיה־ציכטער, וועלכע זיינען מערקווירדיג ניט־אויסגערעכנטע מענשן,

דערוויסן זיך פון דעם טאַרבאַגאַן (אזא געשטרייפטע סיבירישע וועווערקע) די נוצן פון ערדארבעט און פון פאַרזאָרגן אויף שפּעטער, ווּאָרים זיי באַאַבעווען יעדן הערבסט זיינע אונטערערדישע סקלאַדן און נעמען פאַר זיך זיינע אנגעגרייטע עסבאַרע וואָרצלען. דאַרווין גופא דערמאָנט ווי די ווילדע, אין א הונגער־יאָר, האָבן זיך געלערנט פון די באַבון־אַפּען וועלכע פרוכטן פון וועלכע ביימער און קוסטעס קאָנען דינען במקום שפּייזן. עס איז קיין ספק ניט, אז די שפּיכלערס פון די קליינע גריזונעס, מיט זייערע פאָרראַטן פון אלערליי עסבאַרע קערנער, האָבן געמוזט געבן דעם מענשן דעם ערשטן געדאַנק וועגן צוריכטן גראָזן צום עסן. אין דער ווירקליכקייט אנטהאלטן די הייליגע ביכער פון מזרח פיל אָנדייטונגען וועגן דער פאָרזאָרגליכקייט און ארבעטזאמקייט פון די חיות, און הייסן דעם מענשן זיך אראָפּנעמען אביישפּיל פון זיי.

די פויגלען, ווידער — כמעט אלע מינים פויגלען — האבן געגעבן אונזערע ווייטע אורעלטערן א לערע פון דער איינגסטער געזעלשאפטליכקייט, פון אירע פריידן און פון אירע אומגעהייערע נוצן. די גרויסע אלגעמיינע געזעלשאפטן פון די ענטלאך, גענדזן און פון אלע אנדערע זומפּ־פויגלען, האָבן מיט זייער חבר'שער אייניקייט צו פארטיידיגן זייערע עופה'לאך און אייער געלערנט דאס איינגענע דעם מענשן. און אין הערבסט האָבן די מענשן, וויאס האָבן אליין געלעבט אין די וועלדער און ביי די ברעגעס פון די וואלדטייכן, געקאָנט נאַטירליך באַאָבאַכטן דאָס לעבן פון די יונגע פויגלאך, ווי זיי קלייבן זיך צונויף אין גרויסע מחנות און, פארברויכנדיג א קליינעם טייל פון טאָג אויף צו פיטערן זיך אינאיינעם, פארברייגען זיי די איבעריגע צייט אין צוויטשערן און שפּילן צוזאַמען. * ווער וויים — צי האָט זיך ניט פון אָט די הערבסטיגע פארזאמלונגען געשאפן דער עצם געדאנק פון די הערבסטיגע פארזאמלונגען פון גאנצע שטאַמען כדי צו אָנפירן די שטאַם־געיעגן צוזאמען (די אבא ביי די מאָנגאָלן, די קאדא ביי די טונגוזן), וועלכע ציען זיך א חודש אדער צוויי חדשים און זיינען

* וועגן די דאָזיגע פארזאמלונגען האָט דערמאָנט, צווישן אנדערע, דער בארימטער זאָאָלאָג, פּראָפעסאָר קעססלער. מען טרעפט אויך אָן באשרייבונגען וועגן זיי ביי אלע פעלד־זאָאָלאָגן.

יאָם־טובים פאַר דעם גאַנצן שטאָט, פאַרפעסטיגנדיג צוזאַמען דערמיט די קרוב׳עשאַפט פון דעם שטאָט און די פעדעראַלע פאַרבאַנדן.

אזוי אויך האָט דער מענש געוואוסט וועגן די שפּילן, וואָס איינציגע אַרטן חיות האָבן אזוי ליב, וועגן זייערע ספּאָרטן, זייערע קאָנצערטן און טענץ (זע די ביילאַגן פון „געגנזייטיגע הילף"), זייער פליען גרופּעסווייז אין די אָוונטן. ער איז געווען באַקאַנט מיט די טומלדיגע מיטינגען פון די שוואַלבן און אַנדערע וואַנדערנדע פויגלען, וואָס זיי האַלטן אָפּ אין אונזערע ערטער אין הערבסט, יאָר איין יאָר אויס אויף דעמזעלביגן פּלאַץ, איידער זיי דאַרפן אנהויבן זייערע ווייטע איבערוואַנדערונגען אין די דרומלענדער. און ווי אָפט איז דער מענש געשטאַנען א פאַרוואונדערטער, זעהענדיג די אומגלויבליך־גרויסע מחנות איבערוואַנדערנדע פויגלען, וואָס זיינען גאַנצענע טעג געפלויגן איבער זיין קאָפּ; אדער די אומציילינגע טויזנטער בופלאָקסן, אדער הירשן און ריי־הירשן, וועלכע האָבן אים פאַרצאַמט דעם וועג און פאַרהאַלטן אָפטמאָל עטליכע טעג נאָכאַנאַנד מיט זייערע געדיכטע רייען, ווען זיי האָבן זיך געאיילט אין צפון אדער דרום.

„דער טירן־ענגליכער ווילדער" האָט געקענט אָט די אַלע נאַטורפּראַכטן, וואָס זיינען פאַרגעסן געוואָרן אין אונזערע שטעט און אוניווערזיטעטן; ער האָט געקענט אָט די שיינקייטן פון לעבן, וועגן וועלכע עס איז אפילו קיין זכר ניטאָ אין אונזערע טויטע לערביכער פון נאַטורגעשיכטע, אין דערזעלביגער צייט, וואָס די באשרייבונגען פון אונזערע גרויסע נאַטורפאָרשער — פון אָ ד י ־ ב אָ ן, ה ו מ ב אָ ל ד, אַ ז אַ ר א, ב ר ע ם, ס ע ו ו ע ר ־ צ אָ ו ו און אזויפיל אנדערע ווערן פאַרדעקט מיט שימל אין די ביבליאָטעקן.

אין יענע צייטן איז די גרויסע וועלט פון פליסנדע וואַסערן און אַזערעס אויך ניט געווען קיין בוך מיט זיבן זיגלען פאַר׳ן מענשן. ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט זייערע איינוואוינער. אפילו איצטער, צום ביישפּיל, פילן די האַלב־ווילדע איינוואוינער פון אפריקא א טיפע אכטונג פאַר דעם קראָקאָדיל. זיי האַלטן אים פאַר א נאָהענטן קרוב צום מענשן — זאָגאַר עפּעס ווי א מין אורפאַטער. אין געשפּרעכן מיידן זיי אויס אים אנצורופן מיט׳ן נאָמען, און ווען מען מוז אים דערמאָנען, רופן זיי דעם קראָקאָדיל דער „אַלטער

זיידע", אדער מיט א וועלכן עס איז אנדער נאָמען, וואָס דריקט אויס קרובה'שאפט און אכטונג. דער קראָקאָדיל, זאָגן זיי, פירט זיך אלעמאָל ווי זיי אליין. ער וועט קיינמאָל ניט אראָפּשלינגען זיין שפּייז, ניט איינלאדנדיג זיינע אייגענע און פריינט צו טיילן זיך די שפּייז מיט אים צוגלייך. אויב א וועלכער עס איז מענש הרג'ט א קראָקאָדיל ניט על פּי געזעץ פון שטאם־נקמה, האלטן די ווילדע, אז די קרובים פון דעם געהרג'עטן קראקאדיל וועלן אומ־באדינגט נעמען שטאם־נקמה פון וועמען עס איז פון דעמזעלביגן שטאם, צו וועלכן דער מערדער געהערט. איז דעריבער, אויב א קראקאדיל האָט אויפגעגעסן א נעגער, וועלן די קרובים פון דעם אויפגעגעסענעם נעגער אָנווענדן אלע באמיאונגען צו דער'הרג'נען געוויס דעמזעלביגן קראָקאָדיל, וועלכער האָט אויפגעגעסן זייער קרוב, ווארים זיי האבן מורא, אז אויב זיי וועלן הרג'נען אן אומשולדיגן קראָקאָדיל, וועלן זיי דערמיט ארויסרופן אויף זיך די נקמה פון זיינע קרובים, וועלכע וועלן מוזן על פּי דין פון שטאם־נקמה זיך נוקם זיין פאר דעם מאָרד פון זייער קרוב. און דאס דערקלערט אויך, פאר וואָס די נעגערס, ווען זיי האָבן לויט זייער מיינונג דער־הרג'ט דעם פארשולדיגטן קראָקאָדיל, קוקן ארום זייער פאָרזיכטיג די אינגעווייד פון דער גע'הרג'טער חיה מיט דעם צוועק כדי צו געפינען אין דעם קראקאדיל'ס מאָגן די געבליבענע סמנים פון זייער אויפגעגעסענעם קרוב, און דערמיט זיך איבערצייגן, אז זיי האָבן טאקע קיין טעות ניט געהאט, און אז פונקט דער דאָזיגער קראקאדיל האָט פארדינט דעם טויט. אויב אבער זיי געפינען ניט קיין שפּורן פון זיין שולד, נעמען זיי אויף זיך אלערליי תשובות, כדי צו אנט־שולדיגן זיך פאר די קרובים פון דער דער'הרג'טער חיה און זוכן ווייטער דעם אמת'ן שולדיגן. זאָנסט וועלן די קרובים פון דעם דער.הרג'טן נקמה נעמען פון זייער שטאם. אָט אזוינע גלויבנס עק־זיסטירן אויך ביי די רויט־הויטיגע אינדיאנער בנוגע צו דער קלאָ־פּערשלאנג און צום וואָלף, ביי די אָסטיאקן בנוגע צו דעם בער א. אז. וו. די באדייטונג פון אָט די גלויבנס פאר דער אנטוויקלונג פון די שפּעטערדיגע באגריפן פון גערעכטיקייט איז קלאָר. *

* ניט שוין זשע וועלן די פיל־באדייטנדיגע פאקטן וועגן מאָראלי־אעט ביי חיות, וואָס ראָמאַנעס האָט צונויפגעזאמלט, טאקע בלייבן ניט פארעפענטליכט?

די מחנות פיש, זייערע אריבערוואַנדערונגען אין די קלאָרע וואַסערן און זייער נאָהענטע אויספאָרשונג דורך אויסזוכער איידער די גאַנצע מחנה רירט זיך פון אָרט, האָבן שוין אין די פריהע צייטן געמוזט מאַכן אַן איינדרוק אויפ'ן מענשליכן פאַרשטאַנד. די שפּורן פון אַזאַ איינדרוק געפינען מיר נאָך עד היום אין די פאָלקס־דערציילונגען פון די ווילדע אין אַ סך ערטער. אַזוי צום בייספּיל גייט אַ טראַדיציע וועגן דעקאַנאַווידאַ'ן, צו וועמען די רויטהויטיגע אינדיאַנער שרייבן צו די באַשאַפונג פון זייער שטאַם־אָרגאַניזאַציע, אַז צום אַלעם ערשטן האָט ער זיך דערווייטערט פון מענשן, כדי אַליין ארומצוטראַכטן אויף דער פרייער נאַטור. ער איז צוגעקומען צו אַ ברעג פון אַ ריינעם דורכזיכטיגן טייך, וואָס איז געווען פול מיט פיש. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אָנגעשפּאַרט אָן משופּע'דיגן ברעג און אויפמערקזאַם געקוקט אויפ'ן וואַסער, וואו די פיש האָבן זיך געשפּילט „אין שלום און אין אחדות“... און דאָ איז אים געקומען דער געדאַנק אין קאָפּ איינצוטיילן זיין פאָלק אין שטאַמען און קלאַסן אָדער „טאָטעמס“. * אין אַנדערע טראַדיציעס גיט זיך איבער, אַז דער קלוגער מענש פון אַזאַ און אַזאַ פאָלק לערנט זיך קלוגשאַפט ביי דעם ביבער, ביי דער וועווערקע, אָדער ביי אַ געוויסן פויגל.

פאַר דעם פּרימיטיוון מענשן בכלל זיינען די חיות — סודות'דיגע, רעטזלהאַפטיגע באַשעפעניש, וואָס זיינען באַשאָנקען מיט אַן אומגעהייערע באַקאַנטשאַפט מיט דעם לעבן פון דער נאַטור. זיי ווייסן אַ סך מער וויפיל זיי זאָגן אונז. אַ דאַנק זייערע חושים, וואָס זיינען אַ סך פיינער איידער אונזערע חושים, און אַ דאַנק דעם, וואָס זיי גיבן אַלעמאָל איבער איינע די אַנדערע אַלץ וואָס זיי באַמערקן אין זייער שטענדיגן אַרומזוכן און אַרומפליען — אַזוי צי אויף אַנאַנדער אופן, ווייסן זיי וואָס עס טוט זיך מיילן ווייט אַרום. און אויב אַ וועלכער עס איז מענש האָט זיך אין זיינע באַציאונגען צו זיי ניט דערלויבט קיין אומערליכקייט און פאַלשקייט, האָבן זיי אים געוואָרנט פון געפאַרן, פּונקט ווי זיי וואָרענען איינע די אַנדערע, זיי שיינקען אים אַבער קיין אויפמערקזאַמקייט ניט, אויב ער איז „ניט געווען וואָרהאַפטיג“ אין זיינע האַנד־

* בראַנדט־סערא. דעקאַנאַווידע, אין זשורנאַל „מאַן“, 1901, ז. 166.

לונגען. שלאנגען און פויגלען (די איילע רעכנט זיך פאר אן אנפי־רערין ביי די שלאנגען), רויבטירן און אינזעקטן, יאשצערקעס און פיש — זיי אלע פארשטייען איינע די אנדערע און גיבן אלעמאל איבער זייערע באאבאכטונגען איינע צו די אנדערע. זיי אלע גע־הערן צו איין ברודערשאפט, אין וועלכער זיי נעמען אמאל אריין דעם מענשן.

צווישן דער דאזיגער ברודערשאפט איז, נאטירליך, פאראן איינגערע ברודערשאפטן פון „באשעפענישן פון איין בלוט". אפען, בערן, וועלף, העלפאנטן און נאז־הארנדיגע, א גרויסער טייל פון די מעלי־גרה, די האזן און א גרויסער טייל פון די גריזונעס, די קראקאדילן א. א. וו. קענען אויסגעצייכנט זייערע מינים און דער־לאזן ניט, אז ווער עס איז פון זייערע שטאם־ברידער זאל דער־הרג'ט ווערן פון א מענשן און זיי זאלן ניט נעמען פון אים קיין „גערעכטע" נקמה. אט דער באגריף האט זיך געמוזט פארמירן אין זייער א ווייטער צייט צוריק — דאמאלסט, בעת דער מענש איז נאך ניט געווען קיין אוכל הכל און האט ניט געפאנגען קיין פויגלען און זויג־טירן פאר שפייז. אן אוכל־הכל איז ער, לויט ווארשיינ־ליכקייטן, געווארן אין משך פון דעם אייז־פעריאד, ווען די געוויקסן זיינען פארניכטעט געווארן פון דער אנקומענדיגער שרעקליכער קעלט. דער דאזיגער באגריף א״ער איז פארבליבן ביז היינטיגן טאג. אפילו איצטער איז דער ווילדער, בעת ער גייט אויף געיעג, מחויב אפצוהיטן געוויסע רעגעלן, בנוגע צו די טירן, און צום סוף פון געיעג מוז ער דורכפירן געוויסע אויסקויף־צערעמאניעס. איי־ניגע פון די דאזיגע צערעמאניעס ווערן אויך איצטער זייער שטרייג דורכגעפירט, דערהויפט בנוגע די טירן, וואס רעכענען זיך פאר דעם מענשנס פארבינדעטע — למשל צו דעם בער (ביי די אמורער אראטשאנעם).

עס איז באקאנט, אז צוויי מענשן, וואס געהערן צו צוויי פארשיידענע שטאמען, קאנען זיך פארברידערן צונויפמישנדיג זייער ביידנס בלוט, וואס זיי באקומען פון א לייכטער וואונד, ספעציעל געמאכט פאר דעם צוועק. אריינטרעטן אין א פאר ברידערונג איז אין די אלטע צייטן געווען א גאנץ געוויינליבע זאך, און מיר דערוויסן זיך פון די דערציילונגען און טראדיציעס פון אלע פעלקער, באזונדערס פון די סקאנדינאווישע „זאגען",

ווי הייליג אזאַ אַפּמאַך איז געהאַלטן געוואָרן. אָבער אזוינע אַפּמאַכן זיינען אויך געווען גאַנץ געוויינליך צווישן דעם מענשן און פאַרשיידענע חיות. די לעגענדעס ריידן שטענדיג וועגן זיי: אַ חיה, צום ביישפּיל, זעהענדיג, אַז דער יעגער איז גרייט זי צו הרג'נען, בעט אים, ער זאָל דאָס ניט טאָן; דער יעגער שטימט איין און זיי ביידע ווערן ברידער. און דאַמאָלסט, סיי די מאַלפּע, סיי דער בער, דער הירשן־באָק אָדער די פויגל, דער קראָקאָדיל אָדער אפילו די בין, (וועלכע עס איז פון די טירן, וואָס לעבן אין געזעלשאַפטן) זאָרגן וועגן דעם מענשן־ברודער אין די קריטישע מינוטן פון זיין לעבן, שיקנדיג אים צו הילף די ברידער פון זיין אייגענעם מין אָדער פון אַנדערע מינים. און אויב די וואָרנונג איז געקומען צו־שפּעט אָדער איז ניט ריכטיג פאַרשטאַנען געוואָרן, און דער מענש איז אומגעקומען, סטאַרן זיך די דאָזיגע אַלע חיות און חיה'לאָך אים ווידער מאַכן לעבעדיג; נאָר אויב דאָס גיט זיך זיי ניט איין, נעמען זיי לכל־הפּחות אויף זיך די שטאָם־נקמה, פּונקט ווי ער וואָלט אַנגעהערט צו זייער אייגענעם פאָלק.

אין דער צייט פון מיינע רייזעס אין סיביר האָב איך אָפּט באַמערקט ווי פאָרזיכטיג די טונגוזן און מאָנגאָלן זיינען ניט צו דער'הרג'נען א חיה גלאַט אזוי. די מעשה איז, וואָס דער ווילדער אַכטעט יעדעס לעבן. יעדנפאַלס איז דאָס געווען אזוי פריער איידער ער איז געקומען אין באַרירונג מיט אייראָפּייער. יוען ער הרג'עט אַ חיה, איז עס צוליב דער שפּייז אָדער דער קליידונג, אָבער ער פאַרניכטעט ניט קיין לעבן אויס איינפאַכן צייט־פאַר־טרייב אָדער פון א ליידנשאַפט צו פאַרניכטונג. אמת, די רויט־הויטיגע אינדיאַנער זיינען זיך אזוי באַגאַנגען מיט די בופל־אָקסן, אָבער דאָס איז געווען שוין לאַנג נאָך זייער באַרירונג מיט די ווייסע און נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען פון זיי אַ ביקס און א שנעל־שיסנדען רעוואָלווער. געוויס, צווישן די חיות זיינען אויך פאַראַנען אזעלכע, וואָס רעכענען זיך פאַר דעם מענשנס פיינד, די היענען, צום ביישפּיל אָדער דער טיגער; בכלל אָבער באַציען זיך די ווילדע צו דער גאַנצער טירן־וועלט, און לערנען אויך זייערע קינדער זיך צו באַציען צו זיי מיט אַכטונג.

דער געדאַנק וועגן „גערעכטיקייט“, וואָס איז אין אָנהויב פאַר

שטאַנען געוואָרן ווי אַן אַפּצאָלונג, איז אויף דעם אופן פאַרבונדן מיט די באַאָבאַכטונגען אויף חיות. עס איז אָבער זייער וואַרשיינ־ליך, אַז דער געדאַנק גופא וועגן באַלוינונג פאַר „אַ גערעכטער" באַציאונג און אַן אַפּצאָלונג פאַר אַן „אומגערעכטער" איז אַנט־שטאַנען ביי דעם פּרימיטיוון מענשן פון דעם געדאַנק, אַז די חיות זיינען זיך נוקם אַן דעם מענשן, אויב ער באַציט זיך צו זיי אויף אַ ניט־געהעריגן אופן. אַט דער געדאַנק איז אַזוי טיף איינגעוואָרצלט אין די מוחות פון די ווילדע איבערן גאַנצן ערדקוגל, אַז מען מוז אים באַטראַכטן ווי איינעם פון די גרונט־באַגריפן פון דער מענש־הייט. ביסלאַכווייז, האָט זיך פון אַט דעם באַגריף אַנטוויקלט די פאַר־שטעלונג פון דאָס גרויסע גאַנצע, וואָס איז פאַרבונדן מיט די באַ־קאַנטע בענדער פון געגנזייטיגער שטיצע. דאָס דאָזיגע גרויסע גאַנ־צע גיט אַכטונג אויף אַלע האַנדלונגען פון אַלע לעבעדיגע באַשעפּע־נישן, און צוליב דער דאָזיגער געגנזייטיקייט אין דער גאַנצער וועלט, נעמט עס אויף זיך די אַפּצאָלונג פאַר שלעכטע האַנדלונגען.

פון אַט דעם באַגריף איז באַשאַפן געוואָרן די פאַרשטעלונג וועגן די ע ו ו מ ע נ י ד ע ן און די מ אַ י ר ע ז ש ע ט ע ן ביי די גריכען, וועגן די פּ אַ ר ק ע ס ביי די רוימער און וועגן ק אַ ר מ ע ביי די הינדוסען.*) די גריכישע לעגענדע וועגן איביק'ס בושלען, וועלכע בינדט צונויף אין איין גאַנצעס די וועלט פון מענשן און פויגלען, און די אומצייליגע לעגענדן פון די מזרח לענדער שטעלן צוזאַמען אַ פּאָעטישע פאַרקערפּערונג פון אַלע דערוועלבינער פאַרשטעלונג. שפּעטער האָט זיך דאָס אויס־געשפּרייט אויך אויף די הימלשע ערשיינונגען. ווען מען זאָל אור־טיילן לויט די עלטסטע גייסטיגע ביכער פון אינדיע, ד. ה. לויט די ו ו ע ד אַ ס , האָבן די וואָלקנס זיך גערעכנט פאַר לעבע־דיגע באַשעפענישן, פּונקט ווי די חיות.

אַט דאָס האָט דער פּרימיטיווער מענש געזען אין דער נאַטור,

---

*) עוומענידען — די געטינען, וואָס זאָרגן פאַר אַלע לעבעדיגע וועזנס; מאָירעזשעטען — די אָנפירער פון אַלע מזלות; פּאַרקעס — די מזלות; קאַרמע — די טאַט וואָס קאָנטראָלירט אַלע פּילענדע באַ־שעפּענישן. — דער איבערזעצער.

אט דאס האט ער זיך ביי איר געלערנט! מיר, מיט אונזער סכאלאסטישער בילדונג, וועלכע האט דורכאויס ניט געוואלט קענען די נאטור און האט זיך געפרואווט דערקלערן די איינפאכסטע פאקטן פון לעבן ענטוועדער דורך אבערגלויבנס, אדער מיט מעטאפיזישע חריפות — מיר האבן אנגעהויבן פארגעסן אט די לעקציע. פאר אונזערע אור־עלטערן אבער פון דער שטיין צייט האבן די געזעלשאפטליכקייט און די געגנזייטיגע הילף זיך געמוזט רעכענען פאר אזא געוויינליכער זאך אין דער נאטור, פאר אזא אלגעמיינער זאך, אז זיי האבן גאר ניט געקאנט אפילו פארשטעלן זיך דאס לעבן אין אנאנדער פארם.

די פארשטעלונג וועגן דעם מענשן ווי וועגן אן איינזאמער באשעפעניש איז א שפעטיגערער פראדוקט פון דער ציוויליזאציע, א פראדוקט פון די לעגענדעס, וואס האבן זיך אויסגעארבייט אין מזרח צווישן מענשן, וואס האבן זיך דערווייטערט פון דער געזעלשאפט; און עס האט גענומען לאנגע יארהונדערטן צו אנטוויקלען אט די אבסטראקטע פארשטעלונגען ביי דער מענשהייט. פאר דעם פרימיטיוון מענשן אבער קומט אויס דאס לעבן פון אן איינזאמער באשעפעניש אזוי זאנדערבאר, אזוי אומגעוויינלאך, אזויפיל להיפך צו דער נאטור פון לעבעדיגע באשעפענישן, אז ווען ער זעט א טיגער, א דאקס אדער א גראב מויז, וואס פירן אן איינזאמען לעבן, אדער אפילו ווען ער זעט א בוים, וואס וואקסט איינזאם ווייט פון וואלד, באשאפט ער א לעגענדע, א מעשה, כדי צו דערקלערן אזא זאנדערבארע דערשיינונג. ער באשאפט ניט קיין לעגענדעס, כדי צו דערקלערן דאס לעבן אין געזעלשאפטן, נאר ער באשאפט זיי דורכאויס, כדי צו דערקלערן יעדן פאל פון אן איינזאם לעבן. אין די מערסטע פאלן, אויב אן איינזידלער (א פרוש, וואס שיידט זיך אפ פון דער וועלט), וועלכער איז ניט א דענקער, וואס דערווייטערט זיך אויף א געוויסער צייט פון דער וועלט, כדי צו באטראכטן איר גורל, און איז ניט קיין מכשף, איז ער א נע ונד'ניק, וועלכן די בעלי חיים האבן ארויסגעטריבן פון זייער מיטן פאר א וועלכן עס איז שווערן פארברעכן אנטקעגן די זיטן פון געמיינשאפטליכן לעבן ער האט עפעס אפגעטאן, וואס איז אזויפיל דערווידער דעם געוויינלאכן סדר החיים, אז מען האט אים ארויסגעווארפן פון צווישן זיין געזעלשאפט. זייער

אָפּט איז ער אַ כשוף־מאַכער, וואָס הערשט איבער אַלערליי בייזע כחות, און האָט אַ געוויסע שייכות צו די גופים פון די טויטע, וואָס פאַרשפּרייטן מגיפות. דעריבער שלעפּט ער זיך אַרום ביי נאַכט, פאַרפאַלגנדיק זיינע ליסטיגע ציִלן אונטער דעם צודעק פון דער פינסטערנעש.

אַלע איבעריגע לעבעדיגע באַשעפענישן לעבן אין געזעלשאַפטן, און דעם מענטשנס געדאַנק אַרבעט אין אָט דער ריכטונג. דאָס געזעלשאַפטליכע לעבן, ד. ה. מ י ר, און ניט איך — דאָס איז דער נאַטירליכער סדר פון לעבן. דאָס איז ד אָ ס א י י ג נ ט־ ל אַ כ ע ל ע ב ן. דעריבער האָט „מ י ר" געמוזט זיין דער געוויינלאַכער סדר פון דעם פּרימיטיוון מענטשנס געדאַנקען — אַ „קאַטעגאָריע" פון זיין פאַרשטאַנד, ווי קאַנט וואָלט עס געקאָנט זאָגן.

אין אָט דער אידענטיפיצירונג — מען קאָן אפילו זאָגן אין אָט דער אויפלייזונג פון דעם „איך" אין זיין שטאַם און פאָלק — ליגט דער שפּראָץ פון דעם גאַנצן עטישן דענקען, פון דעם גאַנצן דענקען וועגן מאָראַל. די זעלבסטבאַהויפּטונג פון דער „פּערזענליכקייט" איז געקומען אַ סך שפּעטער. אפילו איצטער עקזיסטירט כמעט ניט אין דער פּסיכיק פון דעם פּרימיטיוון ווילדן דער באַגריף „פּערזאָן" „אינדיווידיאום". אין זייערע מוחות פאַרנעמט דעם הויפּט פּלאַץ דער שטאַם מיט זיינע פעסטגעשטעלטע מנהגים, פאָראורטיילן, איינגלויבונגען, פאַרבאָטן, געוויינהייטן און אינטערעסן.

אין אָט דער שטענדיגער אידענטיפיצירונג פון דאָס איינציגע מיט דאָס גאַנצע ליגט דער אויסגאַנג־פּונקט פון דער גאַנצער עטיק; דערפון האָבן זיך אַנטוויקלט אַלע שפּעטערדיגע באַגריפן וועגן גערעכטיקייט און די נאָך העכערע באַגריפן פון מאָראַל.

אָט די ווייטערדיגע טריט וועל איך באַטראַכטן אין די קומענדיגע קאַפּיטלען.

## פערטער קאַפּיטל.

# די מאָראַלע באַגריפן בײַ פּרימיטיווע פעלקער.

די אַנטוויקלונג פון דעם געזעלשאַפטליכן אינסטינקט בײַ די ווילדע. — דער טאָפּעלטער כאַראַקטער פון די מאָראַלע פאָדערונגען בײַ די ווילדע פעלקער. — מקיים זײַן אייניגע פון זיי איז אַ ח ו ב, מקיים זײַן די אַנדערע איז נאָר כ ד א י. — די מיטלען פון געזעלשאַפטליכן דרוק בײַ די ווילדע אויפ'ן אייגצעלנעם מענשן פאַר ניט מקיים זײַן די פאָדערונגען, וואָס טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ חוב. — די עטאַבלירונג פון מנהגים און זיטן, וואָס זײַנען נוצליך פאַר דער געזעלשאַפט. — דאָס שטאַם־לעבן און די שטאַם־גערעכטיקייט. — די צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט אויף קלאַסן און שטאַנדן און די שטרע־בונג פון באַזונדערע גרופּעס צו מאַכט און הערשאַפט איבער די אַנדערע. — די עוואָלוציע פון די פּרימיטיווע מאָראַ־לע באַגריפן. — די נויטיקייט אויסצופאָרשן די דאָזיגע עוואָלוציע און די באַשטימונג פון די הויפּט פּרינציפּן פון דער עטיק.

די ערפאָלגען פון די נאַטורוויסנשאַפטן אין 19טען י. ה. האָבן דערוועקט בײַ די דענקער פון דער צײַט דעם פאַרלאַנג אויסצואַר־בעטן אַ נײַע עטיק אויף פּאָזיטיווע יסודות. פעסטשטעלנדיג די גרונטן פון אַ וועלט־פילאָסאָפיע, וואָס האָט זיך באַפרײַט פון די השערות פון איבערנאַטירליכע קרעפטן, אָבער וואָס איז אין דער־זעלביגער צײַט גרויסאַרטיג, פּאָעטיש און פעיִג אַרויסצורופן אין מענשן די דערהויבנסטע געפילן — זעט שוין די מאָדערנע וויסנשאַפט מער ניט קיין נויטיקייט זיך צו כאַפּן פאַר איבערנאַ־טירליכע אײַנפלוסן, כדי צו באַרעכטיגן אירע אידעאַלן פון מאָ־ראַלער שיינקייט. די וויסנשאַפט זעט אויך פאָראויס, אַז אין דער

ניט ווייטער צוקונפט וועט די מענשליכע געזעלשאפט — א באַ־
פרייטע, א דאנק די ערפאָלגן פון דער וויסנשאפט, פון דער אָרימ־
קייט פון די פריהערדיגע יארהונדערטן און געבויט אויף די יסודות
פון גערעכטיקייט פאר אַלעמען און געגנזייטיגער שטיצע — קאנען
פארזיכערן דעם מענשן א פרייע אויסאיבונג פון זיין גייסטיגער,
טעכנישער און קינסטלעכער שאַפונג. און אַט די פּאַראויסזעאונג
דעקט אויף אַזוינע ברייטע מאָראַלע מעגליכקייטן אין דער צוקונפט,
אז מען דאַרף ניט מער פאר זייער פאַרווירקליכונג ניט די איינ־
פלוסן פון אן איבערנאַטירליכער וועלט און ניט די מורא פון
שטראָף אין א לעבן נאָכ'ן טויט. עס פאָדערט זיך פאָלגליך א נייע
עטיק אויף נייע יסודות, און מיר האָבן דעריבער אפגעגעבן פאר
דער דערקלערונג פארוואָס אזא פאָדערונג איז נויטיג, דעם ערשטן
קאַפּיטל פון אונזער פאָרשונג.

אויפוואכנדיג פון דעם צייטווייליגן שטילשטאַנד אין סוף פון
די פופציגער יאָרן פון 19טען י. ה., האָט די מאָדערנע וויסנשאפט
שוין צוגעגרייט די מאטעריאַלן אויף אויסצואַרבעטן אַט אַזאַ נייע
ראַציאָנאַלע עטיק. אין די ווערק פון י אָ ד ל, ו ו א ו נ ד ט,
פ א ו ל ס ע ן און פילע אנדערע האָבן מיר אויסגעצייכנטע
איבערזיכטן פון אַלע פריערדיגע פּראָבעס צו באַגרינדן א עטיק
אויף פארשיידענע יסודות — רעליגיעזע, מעטאפיזישע און נאַטור־
וויסנשאפטליכע. און אין משך פון גאַנצן 19טען יאָרהונדערט איז
געמאכט געוואָרן א ריי פאַרזוכן צו געפינען די יסודות פון דעם
מענשנס מאָראַלער נאַטור אין דער פארנינפטיגער אייגנליבע און
אין דער ליבע צו דער מענשהייט (אָגוסט ק אָ נ ט און זיינע
נאָכפאָלגער), אין דער געגנזייטיגער סימפּאטיע און דער גייסטי־
גער זעלבסט־אידענטיפיצירונג מיט דער מענשהייט (ש א פ ע נ־
ה ו י ע ר), אין דעם געדאַנק פון ניצליכקייט (דער אוטיליטאַריזם
פון ב ע נ ט א ם און מ י ל ל) און אין דער טעאָריע פון אַנט־
וויקלונג, ד. ה. פון עוואָלוציע (ד א ר ו ו י ן, ס פ ע נ ס ע ר
און ג י אָ).

דעם יסוד פון אַט דער לעצטער עטיק האָט אוועקגעלייגט דאַר־
ווין. ער האָט געפּרוּווט ארויסברייננגען די גרונט־פּרינציפּן פונם
מאָראַלן געפיל פון דעם אינסטינקט פון געזעלשאַפטליכקייט, וואָס
איז טיף איינגעבוירן אין אַלע געזעלשאַפטליכע חיות; און אַזוי ווי

די מערסטע שרייבער וועגן עטיק האָבן ניט געשיינקט קיין אויפ־מערקזאַמקייט אויף דעם, און עס איז פאַרשוויגן געוואָרן פון דעם רוב דאַרוויניסטן גופא. האָב איך עס באַטראַכט בפרטיות אין דעם צווייטן קאַפּיטל, „דער מאָראַלער פּרינציפּ אין דער נאַטור". וועגן דער ווייטער פאַרשפּרייטונג פון דעם געזעלשאַפטליכן אינסטינקט ביי דער גרעסטער מערהייט חיות פון אַלע קלאַסן און גאַטונגען, האָב איך שוין אָנגעוויזן אין דעם בוך „געגנזייטיגע הילף;" דאָ ווידער, אין דריטן קאַפּיטל, האָבן מיר געזען, ווי די גאַנץ פּרימיטיווע מענטשן פון דעם אייז־פּעריאָד און אין דער ערשטער צייט נאָכן אייז־פּעריאָד האָבן זיך געמוזט אָפּלערנען געזעלשאַפטליכקייט און איר עטיק ביי די חיות, מיט וועלכע זיי האָבן דאַמאָלסט געלעבט אין איינגער געמיינשאַפט, און ווי אַזוי ווי דער מענטש האָט טאַקע אין דער ווירקליכקייט איבערגעגעבן, אין זיינע גאַנץ ערשטע לעגענדעס און טראַדיציעס, פון דור צו דור, פּראַקטישע לערען, וואָס ער האָט געשעפּט פון זיין באַקאַנשטאַפט מיט'ן לעבן פון די חיות.

דעם מענטשנס ערשטער מאָראַלער לערער איז אויף דעם אופן געוועזן די נאַטור אַליין — ניט די נאַטור, וואָס די קאַבינעט־פילאָסאָפן, וועלכע זיינען מיט איר ניט באַקאַנט, האָבן באַשריבן, אדער יענע נאַטורפאָרשער, וואָס האָבן געלערנט די נאַטור בלויז פון די טויטע מושטערן אין מוזעען, נאָר די נאַטור, צווישן וועלכע עס האָבן געלעבט און געאַרבעט אויפן אַמעריקאַנער האַלב־אינזל בעת זי איז נאָך געווען שוואַך באַזעצט פון מענטשן, און אויך אין אַפריקאַ און אין אַזיע, די גרויסע באַגרינדער פון דער באַשרייבנדער זאָאָלאָגיע: אַ ד י ב אָ ן, אַ ז אַ ר אַ, ו ו י ד, ב ר ע ה ם און אַנדערע. מיט איין וואָרט, די נאַטור, וועלכע דאַרווין האָט געהאַט אין אויג, בעת ער האָט געגעבן אין זיין בוך „די אָפּשטאַמונג פונם מענטשן" אַ קורצן בילד פון דער אַנטשטייאונג פונם מאָראַלן געפיל ביים מענטשן.

עס איז קיין ספק ניט, אַז דער אינסטינקט פון געזעלשאַפט־ליכקייט, וואָס דער מענטש האָט געקריגן בירושה און איז דעריבער טיף איינגעוואָרצט אין אים, האָט שפּעטער נאָר געקאָנט זיך אַנט־וויקלען און פאַרשטאַרקן, ניט געקוקט אפילו אויף דעם שווערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ. און איך האָב באַוויזן אין דעמזעלביגן ווערק וועגן געגנזייטיגע הילף — ווי־דער טאַקע אויפן גרונט פון די

ארבעטן פון קאָמפּעטענטע פאָרשער — אויף וויפיל די געזעל־שאַפטליכקייט איז אנטוויקלט ביי די ווילדע, און אינאיינעם מיט דעם אויך דער געפיל פון גלייכבארעכטיגונג ביי די גאַנץ פרימי־טיווע פאָרשטייער פון דעם מענשליכן מין; אויך, ווי א דאַנק דעם, האָבן זיך געקאָנט אנטוויקלען די מענשליכע געזעלשאַפטן, ניט געקוקט אויף דער גאַנצער שווערקייט פון זייער לעבן צווישן דער ווילדער נאַטור. איז, אָפּשיקענדיג דעם לעזער צו דעם ווערק „געגנ־זייטיגע הילף", וועל איך איצטער פּרובירן פאנאנדערקלייבן, ווי אזוי עס האָבן זיך אנטוויקלט אין די געזעלשאַפטן פון די פרימיטיווע ווילדע די וויטערדיגע מאָראַלע באַגריפן, און וואָס פאַר א כאַראַק־טער זיי האָבן געגעבן דער וויטערדיגער אנטוויקלונג פון מאָראַל.

מיר ווייסן גאַרניט וועגן דעם לעבן פון די גאַנץ פרימיטיווע מענשלאַכע באשעפענישן פון דעם אייז־פּעריאָד און דעם סוף פון דעם טערציערן פּעריאָד אחוץ דאָס, וואָס זיי האָבן געלעבט אין קליינע געזעלשאַפטן, און האָבן מיט מאטערניש באַקומען פון די אָזערעס און וועלדער די ארימע מיטלען פון דערנערונג, צוליב וועל־בע זיי האָבן זיך געמאַכט ביינערנע און שטיינערנע כלי זיין.

אבער שוין אין דעם דאָזיגן לעבן האָט דער פרימיטיווער מענש זיך געמוזט אויסלערנען צו אידענטיפיצירן זיין אייגענעם „איך" מיט דעם געזעלשאַפטליכן „מיר", און האָט אויף דעם אופן אויסגעאַרבעט די גאָר ערשטע יסודות פון מאָראַליטעט. ער האָט זיך צוגעוויינט צו טראַכטן וועגן זיין שטאַם ווי עפּעס, פון וואָס ער איז נאָר א טייל, און ווייט ניט קיין הויפּט טייל, ווארים ער האָט איינגעזען ווי נישטיג יעדער איינער וואָלט געווען לגבי דער גרוי־זאַמער, בייזער נאַטור, אויב ער וואָלט אויפגעהערט זיין א טייל פון דעם שטאַם. ער האָט זיך דעריבער צוגעוויינט צו באַגרעניצן זיין ווילן צוליב דעם ווילן פון די אנדערע, און דאָס שטעלט צוזאַמען דעם גרונט־פּרינציפּ פון יעדער מאָראַל. פאַקטיש ווייסן מיר, אז די גאָר פרימיטיווע מענשן פון דעם אייז־פּעריאָד און פון דעם ערשטן נאָכן־אייז, ד. ה. אָזערע־פּעריאָד האָבן שוין געלעבט אין געזעל־שאַפטן — אין היילן, אין פעלזן־שפּאַלטן אדער אונטער די אריבער־הייגנענדיגע פעלזן, און אז זיי זיינען געגאַנגען אויפ'ן געיעג גע־מיינשאַפטליך און האָבן געפאַנגען פיש מיט זייערע פרימיטיווע וואָפן; און דאָס צוזאַמענלעבן און מיטאַרבעטערשאַפט זעצט שוין

פאָראויס די אויסארבעטונג פון געוויסע כללים פון געזעלשאפטלי־
כער מאָראַל.

אזא „דערציאונג“ פון דעם פרימיטיווען מענשן האָט געדויערט צענדליגע טויזנט יאָרן, און אזוי האָט זיך אלץ ווייטער אויסגעאר־
בעט דער אינסטינקט פון געזעלשאפטליכקייט און איז מיט דער צייט געוואָרן שטאַרקער איידער יעדע אויסרעכענונג פון אייגנליבע. דער מענש האָט זיך איינגעוווינט טראכטן וועגן זיין „איך“ נית אנדערש ווי דורך דער פאָרשטעלונג וועגן זיין גרופע. די גרויסע דערציערישע באדייטונג פון אזא אַרט דיינקען, וועלן מיר נאָך זען שפּעטער. *

שוין אין דער טירן־וועלט זעהען מיר, ווי דער פערזענליכער ווילן פון די באַזונדערע אינדיווידומען גיסט זיך צוזאמען מיט אלע־
מענס ווילן. די געזעלשאפטליכע טירן לערנען זיך דאָס אויס שוין אין זייער פריען עלטער: אין זייערע שפילן, ** אין וועלכע מען מוז זיך אונטערוואַרפן צו געוויסע רעגעלן, דהינו, עס דערלויבט זיך נית אויף אן אמת זיך שטויסן מיט די הערנער, אויף אן אמת בייסן איינער דעם אַנדערן, אדער אפילו אריבערכאַפּן די ריי. אין דערוואק־
סענעם עלטער קאָן מען אויסגעצייכנט זען ווי דער פערזענליכער ווילן ווערט פארשלונגען פון דעם געזעלשאפטליכן ווילן אין א סך פאַלן. די פאָרברייטונגען פון די פויגלען צו זייער איבערפליען פון צפון צו דרום און צוריק; זייערע איבונג־פליאנגען אין די אָוונטן עטלאַכע טעג פאר זייער אוועקפליען; די איינגעשטימטע טעטי־
קייטן פון די רויבטירן און רויבפויגלען אין דער צייט פון געיעג; די באַשיצונג פון אלע טירן, וואָס לעבן אין סטאַדעס, אנטקעגן אי־
בערפאַלן פון רויבער; די איבערוואַנדערונגען פון די חיות, און לסוף, דאס גאנצע געזעלשאפטליכע לעבן פון די בינען, וועספּן,

---

* יעדעס דיינקען, האָט ריכטיג באמערקט פולליע, האָט א טענדענץ צו ווערן אלץ מער און מער אָביעקטיוו, ד. ה. צו באַפרייען זיך פון פער־
זענליכע מאָטיוון און אריבערגיין פון זיי צו אלגעמיינע מאָטיוון (פולליע, „קריטיק פון די מאָדערנע מאָראַל־סיסטעמען,“ פאריז 1883. ז. 18.) אויף אָט דעם וועג פאָרמירט זיך ביסלעכווייז א געזעלשאַפטליכער אידעאַל, ד. ה. די פאָרשטעלונג וועגן א מעגליך בעסערן צושטאַנד.

** זע וועגן דעם דאָס ווערק פון קאַרל גראָס, „די שפּילן פון טירן“ (ענגליש).

פוראשקעס, טערמיטן, כמעט אלע זומפ־פויגלען, פאפאגייען, בי־בערס, אפען א. ד. ג. — דאס זיינען אלץ קלארע ביישפילן פון אט אזא אונטערווארפונג פונם פערזענליכן ווילן. מען זעט אין זיי קלאר, אז די איינשטימונג פון דעם ווילן פון באזונדערע אינדיווי־דומען מיט דעם ווילן און די אבזיכטן פון דאס גאנצע איז שוין פארוואנדלט געווארן אין א פארערבטער געוויינהייט, ד. ה. אין א אינסטינקט. *

אז אין אזא אינסטינקט געפינען זיך די שפראצן פון ר ע כ ט, האט שוין אין יאר 1625 אויסגעצייכנט פארשטאנען ה ו ג א ג ר א צ י ו ס. עס איז אבער קיין ספק ניטא, אז דער מענש פון קוואטערנערן־, אייז־אזערעס פעריאד איז לכל הפחות געשטאנען אויף דערזעלביגער שטופע פון געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג, און לויט אלע ווארשיינליכקייטן אפילו אויף א באדייטענד העכערן גראד. וויבאלד עס עקזיסטירט א געזעלשאפטליך צוזאמענלעבן, בילדן זיך אומפארמיידליך אין אים אויס געוויסע פארמען פון לעבן, געוויסע געוויינהייטן און זיטן, וועלכע גייען איבער, איינמאל אז זיי ווערן אנדערקענט אלס ניצליכע און שטעלן זיך איין אלס די גע־וויינטליכע וועגן פון דיינקען, צוערשט אין אינסטינקטיווע געוויינ־הייטן און דערנאך אין רעגעלן פון לעבן. אט אזוי בילדעט זיך אויס אן אייגענע מאראל, אן אייגענע עטיק, וועלכע די אלטע־אויפ־היטער פון די שטאם־מנהגים שטעלן אונטערן שוץ פון אבערגלויבן און רעליגיאן, ד. ה. אין גרונט גענומען אונטערן שוץ פון די פאר־שטארבענע אורעלטערן. **

---

* דער לעזער וועט געפינען א סך פאקטן, פון וועלכע צו אור־טיילן וועגן די שפראצן פון עטיק ביי די געזעלשאפטליכע טירן, אין די פארטרעפליכע ווערק פון עספינאס, וועלכער האט אנאליזירט די פארשוי־דענע שטופן פון געזעלשאפטליכקייט ביי חיות אין זיין בוך „די גע־זעלשאפטן פון חיות“, פאריז, 1877; ביי ראמאנעס אין זיין „אנימאלע אינטעליגענץ“; אין די ווערק פון הובער און פארעל וועגן די מוראש־קעס, און אין ביכנערס „ליעבע און ליעבעס לעבען אין דער טהיערוועלט,“ 1879 און אין דער פארגרעסערטער אויסגאבע פון יאר 1885.

**וועגן דער באדייטונג פון דעם „גרויסן המון“ פארשטארבענע אור־עלטערן האט פארטרעפליך געשריבן עלי רעקליו (דער ברודער פון דעם געאגראף עליזע רעקליו) אין א ניט־גרויסן ווערק, אבער א רייכן אין געדאנקען און פאקטן, „די פרימיטיווע“ (פראנצויזיש).

איינינע באוואוסטע נאטורפאָרשער האָבן ניט לאנג צוריק געמאכט באאָבאכטונגען און עקספּערימענטן מיט דעם צוועק אויסצוגעפינען, צי עס עקזיסטירן איבערגעטראכטע מאָראַלע באַגריפן ביי הינט, פערד און אנדערע טירן, וואָס לעבן אין נאָענטער געמיינשאפט מיט מענשן; און אין רעזולטאט האָבן זיך באקומען גאַנץ באשטימטע באשטעטיגנדיגע ענטפערס. די פאקטן, צום ביישפּיל, וואָס ספּענסער האָט דערציילט אין דער ביילאגע פון דעם צווייטן באנד פון זיין „פּרינציפּן פון עטיק,“ זיינען באזונדערס איבערצייגנדיגע, און זיי פירן צו ווייט ניט קיין שפּעטנע שלוסן. אזוי אויך זיינען פאראן איינינע גאנץ איבערצייגנדיגע פאקטן אין דעם אויבן דערמאָנטן ווערק פון ר אָ מ אַ נ ע ס. מיר וועלן אבער זיך ניט אָפּשטעלן אויף זיי, ווייל עס איז גענוג בלויז פעסטצושטעלן, אז שוין אין די טירן־געזעלשאפטן און דעסטאָ מער אין די געזעלשאפטן פון מענשן ארבעטן זיך אויס, אין קראפט פון די געזעלשאפטליכע געוווינהייטן גופא, אזוינע באגריפן, דורך וועלכע דער פערזענליכער א י ך ווערט אידענטיפיצירט מיט דעם געזעלשאפטליכן מ י ר, און לפי ערך וואס אָט די באגריפן ווערן פארוואנדלט אין א פארערבטן אינסטינקט, וואַרפט זיך אונטער אפילו דער פערזענליכער א י ך צו דעם געזעלשאַפטליכן מ י ר.*

האָבן מיר אבער איינמאָל זיך איבערצייגט, אז אזא אידענטיפיצירונג פון דער איינצעלנער פערזאָן מיט דער געזעלשאפט האָט עקזיסטירט ביי מענשן, זאָל אפילו זיין אין א קליינעם גראד, ווערט אונז קלאָר, אז אויב זי איז דער מענשהייט געווען נוצליך, האָט זי געמוזט אומפארמיידליך זיך פארשטאַרקן און אנטוויקלען דורך דער מענשליכער פייאיקייט פון שפּראך, וועלכע האָט געפירט צו דער באשאפונג פון טראדיציעס, און האָט געמוזט סוף כל סוף פירן צו דער אנטוויקלונג פון א פעסטן מאָראַלן אינסטינקט.

אזא באהויפּטונג וועט אבער מסתמא ארויסרופן געוויסע ספיקות, און פילע וועלן אודאי פרעגן א קשיא: „צי איז עס מעגליך, אז פון דער האלב־טירישער געזעלשאפטליכקייט זאָלן זיך קאָנען אנטוויקלען אזוינע הויך־מאָראַלישע לערען, ווי די לערען

* אַן אַנאַליז בפּרטיות פון די דאָזיגע פאַקטן האָט ספּענסער געגעבן אין זיין ווערק „די פּרינציפּן פון עטיק“.

פּון סאָקראַטעס, פּלאַטאָ, קאָנפוציוס, בודדאַ און קריסטוס, אַחוץ דער אריינמישונג פון אן איבערנאַטירליכער קראַפט?" דאָס איז א קשיא, אויף וועלכער די עטיק מוז געבן א תירוץ. די פּשוטע ראַיה פון דער ביאָלאָגיע, וועלכע באַווייזט ווי אַזוי פון מיקראָסקאָפּישע איינצעליגע אָרגאַניזמען האָבן זיך געקאָנט ארויסארבעטן אין פארלויף פון צענדליגע טויזנטער יאָרן אַלע פאָלקאָמענערע אָרגאַניזמען ביז די העכסטע זויגטירן און דעם מענשן, — וואָלט געווען ניט גענוג. דער עטיק שטייט דעריבער פאָר דורכצופירן אזא ארבעט ווי די, וואָס אָגוסט קאָנט און ספּענסער האָבן געטאָן פאר דער ביאָלאָגיע און זייערע פילע נאָכפאָלגער פאר דער רעכטגעשיכטע. די עטיק מוז לכל הפּחות אָנווייזן, ווי אַזוי די מאָראַלע באַגריפן האָבן זיך געקאָנט אנטוויקלען פון דער געזעלשאַפטליכקייט, וואָס איז אייגנטימליך פאר די העכערע טירן און די פּרימיטיווע ווילדע, ביז די הויך־אידעעלע מאָראַלע לערען.

די רעגעלן פון לעבן ביי די פארשיידענע ווילדע פעלקער פון דער היינטיגער צייט זיינען פארשיידן. אין פארשיידענע קלימאַטן, ביי פעלקער, וואָס זיינען ארומגערינגלט פון פארשיידענע שכנים, האבן זיך אויסגעארבעט זייערע באַזונדערע זיטן און מנהגים. דערצו, די באשרייבונגען גופא פון די דאָזיגע זיטן און מנהגים דורך פאַרשיידענע רייזנדע אונטערשיידן זיך שטארק איינע פון די אנדערע, לויט דעם כאַראַקטער פון דעם לעבנס־באשרייבער אליין און לויט זיין באַציאונג בכלל צו די דאזיגע „נידעריגע ברידער" זיינע. מען קאָן דעריבער ניט פאראייניגן אין איין גאנצעס די באשרייבונגען פון אַלע מעגליכע פּרימיטיווע פעלקער, ווי דאָס האָבן געטאָן אייניגע אַמאַטערישע אַנטראָפּאָלאָגן — ניט פאנאנדערקלייבנדיג אויף וועלכער שטופּע פון אנטוויקלונג דאָס געוויסע פאָלק שטייט, און ניט באַציענדיג זיך קריטיש צו די פאַרפאַסער פון די פארשיידענע באשרייבונגען. אפילו ספּענסער, אין זיין אומגעהייערער אויסגאבע פון אנטראָפּאָלאָגישע דאַטן („באַשרייבנדע סאָציאָלאָגיע" אין 8 פאָליאָ בענד), און אפילו אין זיין לעצטער ארבעט „די עטיק", האָט ניט אויסגעמיטן דעמדאָזיגן טעות. אין דעם טעות זיינען שוין אבער ניט אריינגעפאַלן צום ביישפּיל ו ו אַ י ץ אין זיין „אנטראָפּאָלאָגיע פון די פּרימיטיווע פעלקער", און פילע אנדערע, א שטייגער ווי מאַרגאַן, מעין, מ. קאָוואַלעווסקי, פּאָסט, דאַרטשון

א. אז. וו. ווי בכלל, פון אלע באשרייבונגען פון די ווילדע קאָן מען זיך באַנוצן נאָר מיט די באשרייבונגען פון יענע רייזנדע און מיסיאָנערן, וועלכע האָבן געלעבט לאנג גענוג צווישן די פון זיי באשריבענע ווילדע: דער פאקט וואָס זיי האָבן זיך אויפגעהאלטן ביי די ווילדע א לאנגע צייט, באווייזט שוין ביז א געוויסן גראד, אז זיי האָבן פארשטאַנען איינע די אַנדערע. און אויסער דעם, אויב מיר ווילן עפּעס וויסן וועגן די ערשטע שפּראַצן פון די מאָראַלע באַגריפן, מוזן מיר נעמען יענע ווילדע, וועלכע האבן בעסער איידער אנדערע געקאָנט אויפהאלטן די כאראקטער־שטריכן פון זייער שטאַמלעבן פון די צייטן פון דעם גאָר פריעסטן נאָכן־אייז פעריאָד אָן.

פעלקער, וועלכע האָבן אינגאנצן אויפגעהאלטן די לעבנסארטן פון יענער צייט, זיינען, פארשטייט זיך, שוין איצט ניטא. אבער מער איידער אנדערע האָבן עס אויפגעהאלטן די ווילדע פון דעם עקסטן צפון, די אלעאוטן, טשוקטשן און עסקימאָסן, וועלכע לעבן ביז היינטיגן טאָג אין דיזעלביגע פיזישע אומשטענדן, ווי זיי האָבן געלעבט גאָר אין אנהויב בעת עס איז צוגאנגען דער אומגעהייערער אייז־צודעק; * ווי אויך איינציגע פעלקער פון דעם עקסטן דרום, ד. ה. פּאַטאַגאָניע און נייַ־גינעע, און קליינע רעשטלאך פעלקער, וואָס זיינען געבליבן לעבן אין איינציגע בערגיקע לענדער, באזונדערס אין די הימאַלאַיען.

ווי צוגעטראָפן, האָבן מיר גראָד וועגן די פעלקער פון וויטן צפון גענויע ידיעות פון מענשן, וואָס האָבן געלעבט צווישן זיי: ספּעציעל פאר די אַלעאוטן פון צפון־אלאסקא — פון דעם מערקווירדיגן לעבנס־באשרייבער, דעם מיסיאָנער וועניאַמינאָוו, און פאר די עסקימאָסן, פון די עקספּעדיציעס וואָס האָבן איבערגעווינטערט

* עס איז העכסט ווארשיינליך, אז וואָס מער עס איז צעגאנגען דער אייז־צודעק, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אין דער צייט פון זיין העכסטער אנטוויקלונג, אויף'ן צפונ'דיגן האלב־קוגל ביזן 50סטן גראַדוס פון צפונ'דיגער ברייט, האָבן די דאזיגע פעלקער אלץ מער זיך איבערגערוקט צו צפון, מחמת דעם דרוק פון די פּאַנאַדערגעוואַקסענע באפעלקערונגען, וועלכע האָבן געוואוינט אין די מער־דרומ'דיגע טיילן פון דער ערד (פון אינדיע, פון צפון־אפריקא און אזוי ווייטער) צו וועלכע דער אייז־צודעק איז ניט געווען צוגעקומען.

אין גרינלאנד; דערביי זיינען וועניאַמינאָוו'ס באשרייבונגען פון די אלעאוטן נאר באזונדערס באלערנדע.

קודם כל דארף מען באמערקן, אז אין דער אלעאוטישער עטיק, ווי אין דער עטיק פון אנדערע פרימיטיווע פעלקער, זיינען פאראן צוויי איינטיילונגען: איינינע מנהגים און עטישע תקנות, וואס מען מוז אויספאלגן אומבאדינגט; אנדערע אבער ווערן נאר רעקאָמענדירט אלס ווינשנסווערט, און די וואָס זיינען עובר אויף זיי, ווערן נאר אויסגעלאכט און געוואַרנט. ביי די אלעאוטן, צום בייי שפיל, זאָגט מען אז דאָס־און־דאָס איז „מיאוס" צו טאָן. * אזוי צום ביישפיל איז מיאוס — האָט וועניאַמינאָוו באשריבן — מורא צו האָבן פאר דעם אומפארמיידליכן טויט; עס איז מיאוס צו בעטן רחמנות ביים שונא; עס איז מיאוס געכאפט צו ווערן ביי א גנבה; דאסגלייכן זיך איבערקערן מיט'ן שיפל אין האפען; עס איז מיאוס מורא צו האָבן ארויספאָרן אויפ'ן ים אין א שטורמווינט; זיין דער ערשטער מיד צו ווערן אויף א לאנגער רייזע און ארויסצוציינן א גייציגקייט בעת מען טיילט זיך מיט'ן רויב (אין אזא פאל גיבן אלע איבעריגע דעם גייציגן זיין חלק, כדי אים צו פארשעמען); עס איז מיאוס אויסצופלוידערן פאר'ן ווייב די סודות פון דעם שטאם; ווען מען איז ארויסגעגאנגען אויף גייעג זאלבענאנד, איז מיאוס ניט פארצולייגן דעם חבר דעם בעסטן חלק פון דעם רויב; עס איז מיאוס צו באַרימען זיך מיט די אייגענע מעשים, דערהויפט נאָך אויסגעטראכטע, און רופן דעם אנדערן מיאוסע נעמען. עס איז מיאוס, ענדליך, צו בעטלען נדבות; צו צערטלען דאס ווייב פאר אנדערע אין די אויגן אדער טאנצן מיט איר; אזוי אויך זיך אליין דינגען מיט א קונה, וואָרים דעם פרייז פאר א פארגעלייגטע סחורה דארף באשטימען א דריטע פערזאָן. פאר א פרוי איז מיאוס ניט צו קאָנען נייען און טאנצן און בכלל ניט קאָנען טאָן דאָס, וואָס געהערט צו די התחיבותן פון א פרוי; עס איז מיאוס צו

---

* נאָטיצן וועגן דעם אונאלאשקינסן אָפּטייל, 3 בענד, פעטערבורג 1840. אויסצוגן פון אָט דעם ווערק ווערן געגעבן אין דאלל'ס „אלאַסקא" זייער ענליכע באמערקונגען געפינען זיך וועגן די גרינלאנדער עסקימאָסן און אויך וועגן די אויסטראליער ווילדע איינוואוינער פון גוינעע. (מיקלוכאָ מאקלאַי און איניגע אנדערע.)

צערטלען דעם מאַן אָדער אפילו פירן א געשפּרעך מיט אים אין דער אנוועזנהייט פון זייטיגע מענשן. *

ווי אַזוי די דאָזיגע שטריכן פון דער אַלעאוטישער עטיק ווערן אויפגעהאלטן, האָט וועניאַמינאָוו ניט געזאָגט. אבער איינע פון די עקספּעדיציעס, וואָס האָבן איבערגעווינטערט אין גרינלאַנד, האָט באַשריבן ווי די עסקימאָסן לעבן, עטליכע פאַמיליעס צוזאַמען אין איין וואָוין־הויז, וואָס איז פונאנדערגעטיילט פאַר יעדער פאַ־מיליע מיט א פאָרהאנגל פון א טירן־פעלכל. אָט די חדרים־הייזער האָבן אָפּטמאָל דעם אויסזען פון א קרייז און דער קאָך־אויוון געפינט זיך אין דער מיט. אין די לאַנגע ווינטערדיגע נעכט זינגען די פרויען לידער און אָפּטמאָל אין זייערע לידער לאַכן זיי אָפּ פון די יעניגע, וואָס האָבן זיך מיט עפּעס פאַרזינדיגט אנטקעגן די פּי־רונגען פון גוטן שטאַטיק. אבער צוזאַמען מיט די זיינען פאַראַנען רעגעלן, וואָס מען מוז אומבאַדינגט אָפּהיטן, און אויפ'ן ערשטן פּלאַן שטייט נאַטירליך דער אבסאָלוטער פאַרבאָט פון ברודער־מאָרד, ד. ה. מאָרד צווישן דעם אייגענעם פאָלק. דאָסגלייכן איז ניט דערלויבט, אַז א מאָרד אָדער א פאַרוואונדונג דורך א מענשן פון א פרעמדן פאָלק, זאָל דורכגיין אָהן א שטאַם־נקמה.

דערנאָך איז פאַראַן א גאַנצער קלאַס האַנדלונגען, וואָס זיינען

* אויסרעכענענדיג אָט די יסודות פון דער אַלעאוטישער מאָראַל, האָט וועניאַמינאָוו געבראַכט אויך: „שטאַרבן, ניט דער'הרג'ענדיג קיין איין שונא". איך האָב זיך דערלויבט דאָס אויסצולאָזן, ווייל איך דענק, אַז דאָ מוז זיין א מיספאַרשטענדעניש. א שונא קאָן ניט זיין א מענש פון דעם אייגענעם פאָלק, ווארים וועניאַמינאָוו דערציילט, אַז צווישן א באַפעלקערונג פון 60 טויזנט פאַרשוין האָט אין 40 יאָר פּאַסירט נאָר איין מאָרד, און פאַר דעם מאָרד האָט אומפאַרמיידליך געמוזט פאָרקומען א שטאַם־נקמה, אָדער א שלום־ווערן מיט אָפּצאָלן א קנס. דער שונא, וועמען מען וואָלט געמוזט אומבאַדינגט הרג'נען, האָט פאָלגליך געקאָנט נאָר זיין א מענש פון א פרעמדן פאָלק; אבער וועניאַמינאָוו רעדט ניט וועגן די שטענדיגע מחלקות צווישן איין שטאַם און דעם אַנדערן. וואַרשיינ־ליך האָט ער אין זין געהאַט צו זאָגן: „שטאַרבן, ניט דער'הרג'ענדיג א שונא, וועמען מען מוז הרג'נען אין קראַפט פון שטאַם־נקמה." דעמ־זעלביגן בליק אויף דער זאַך האַלטן נאָך לוידער ביז אויף היינטיגן טאָג די פאַרטיידיגער פון טויט־שטראָף דורכ'ן געריכט, אפילו אין די אַזוי גערופענע „ציוויליזירטע" געזעלשאַפטן.

אויף אזויפיל א חיוב, אז דער וואס איז זיי ניט מקיים, ציט ארויף אויף זיך די פאראכטונג פון גאנצן פאלק, און ער ריזיקירט צו ווערן אן „אויסוואורף", ד. ה. ארויסגעטריבן צו ווערן פון זיין שטאם. זאנסט וואלט דער, וואס האט עובר געווען אויף דידאזיגע רעגעלן, געקאנט ארויפציען אויפן גאנצן פאלק די אומצופרידענהייט פון די באליידיגטע חיות, דהיינו פון די קראקאדילן אדער די בערן, פון וועלכע מיר האבן גערעדט אין פאריגן קאפיטל, אדער פון די אומזיכטבארע באשעפענישן אדער גייסטער פון די אורעלטערן, די באשיצער פון דעם פאלק.

אזוי צום ביישפיל דערציילט וועניאמינאוו, אז ווען ער איז פון ערגעץ־וואו אוועקגעפארן אויף א שיף, האט מען פארגעסן אויפ'ן ברעג מיטצונעמען א בינטל געטריקענטע פיש, וואס מען האט אים געבראכט א מתנה. ווען ער האט זיך צוריקגעקערט אין דעמזעלבינן ארט, אין א האלב יאר ארום, האט ער זיך דערוואוסט, אז פאר דער צייט, וואס ער איז געווען אוועקגעפארן, האט דאס פאלק איבערגעלעבט א שטארקן הונגער. אבער די געשאנקענע פיש האט קיינער, פארשטייט זיך, ניט אנגערירט, און מען האט אים געבראכט דאס בינטל א גאנצן. האנדלען אנדערש וואלט געהייסן ארויפציען אויפן גאנצן פאלק אלערליי אומגליקן. אזוי אויך האט געשריבן מידענדארף, אז אין די טונדרעס פון צפון־סיביר וועט קיינער קיין זאך ניט רירן פון א שליטן, וואס ווער עס איז האט געלאזט אין דער טונדרע, אפילו ווען אין שליטן זאלן זיך געפינען שפייז־זאכן. עס איז באוואוסט ווי אלע איינוואוינער פון ווייטן צפון ליידן שטענדיג הונגער, אבער באנוצן זיך מיט וואס עס איז פון די איבערגעלאזטע פראדוקטן וואלט געווען דאס, וואס מיר רופן א פארברעכן, און אזא פארברעכן קאן בריינגען אויפן גאנצן פאלק אלערליי צרות. אין דעם פאל אידענטיפיצירט זיך די פערזאן מיט דעם פאלק.

ענדליך איז ביי די אלעאוטן, ווי ביי אלע פרימיטיווע ווילדע, פאראן נאך א רייי תקנות, וואס זיינען אומבאדינגט אבליגאטאריש — מען קאן זאגן הייליג. דאס איז, אלץ וואס איז נוגע דעם אויפהאלט פונם שטאם־לעבן: זיין איינטיילונג אין קלאסן, זיינע הייראט־רעגעלן, די באגריפן וועגן אייגנטום פון שטאם און דער פאמיליע, די מנהגים, וואס מוזן אפגעהיט ווערן אויפן גענויע

און פיש־פאנג (צוזאמען אדער איינציגווייז), ביים איבערוואנדערן א. ד. ג.; און לסוף איז פאראן א ריי פאָלקס־צערעמאָניעס פון א פולשטענדיג רעליגיעזן כאראקטער. דאָ געפינט זיך שוין א שטריינגער געזעץ, וואָס אויב מען זאל אים ניט מקיים זיין, קאן עס ברייגגען אן אומגליק אויפן גאנצן שטאם אדער אפילו אויפן גאנצן פאָלק, און דעריבער איז ניט פאָלגן אים גאָר ניט דיינקבאר און כמעט אוממעגליך. אויב עס פאסירט דאָך אמאָל אין א יובל, אז ווער עס איז זאל עובר זיין אויף אזא געזעץ, ווערט ער באשטראָפט ווי פאר א פארראַט מיט אויסשליסן פון שטאַם אדער אפילו מיטן טויט. מען מוז אבער באמערקן, אז עובר זיין אויף אט די תקנות איז אזא זעלטנהייט, אז מען האלט עס גאָר פאר אומדיינקבאר, פונקט ווי דאס רוימישע רעכט האָט דעם פאטער־מאָרד געהאלטן פאר אומדיינקבאר און דעריבער האָט עס אפילו ניט געהאט קיין געזעץ צו באשטראפן אזא פארברעכן.

בכלל גערעדט האָט ביי אלע אונז באקאנטע פרימיטיווע פעלקער זיך אויסגעארבעט זייער א קאָמפּליצירטע איינאָרדנונג פונם שטאַם־לעבן. עס עקזיסטירט פאלגליך זייערע אן אייגענע מאָראל, אן אייגענע עטיק. און אין אָט די אלע ניט־געשריבענע „איינאָרדנונגען,“ וואָס ווערן אפגעהיט על פי טראדיציע, ווייזן זיך ארויס דריי הויפּט קאטעגאָריעס פון לעבענס רעגעלן.

איין קאטעגאָריע רעגעלן פארהיטן די פאָרמען, וואָס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן אויף צו באקומען די דערנערונג־מיטלען פון יעדן איינעם באזונדער און פון גאנצן שטאַם צוזאמען גענומען. דורך זיי ווערן באשטימט די פרינציפּן פון באנוצן זיך מיט דאס, וואָס געהערט דעם גאנצן שטאם: די וואַסערן, די וועלדער, און אפטמאָל די פרוכטבוימער, די ווילדע ווי די געפלאנצטע, די גע־יעגפלעצער און אויך די שיפלאך. עס זיינען אויך פאראַן שטריינגע רעגעלן פארן געיעג און פאר די איבערוואנדערונגען, רעגעלן פאר אפהיטן דאס פייער און דערגלייכן. *

---

* אָפּהיטן דאָס פייער איז זייער א וויכטיגע זאַך. מיקלוכא־מאַקליי האָט געשריבן, אז ביי די איינוואוינער פון ניי־גינעע, ארום וועלכע ער האָט געלעבט, איז פאראן א טראדיציע וועגן דעם, ווי אזוי זייערע אורעלטערן האָבן אמאָל געליטן פון דער קראנקייט ציננגאַ, ווען

דערנאָך ווערן באַשטימט די פּערזענליכע רעכט און די פּער־זענליכע באַציאונגען: די פאַנאַדערטיילונג פון שטאַם אין קלאַסן און דער סיסטעם פון די דערלויבטע הייראַט־באַציאונגען — ווידער אַמאָל אַ זייער קאָמפּליצירטע אָפּטייל, וואו די איינאָרדענונגען ווערן במעט רעליגיעזע. אהער געהערן אויך: די רעגעלן פון דערציאונג פון דער יוגנט, אָפּטמאָל אין באַזונדערע „לאַנגע שטיבער," ווי דאָס קומט פאָר ביי די ווילדע פון שטילן אָקעאַן; די באַציאונגען צו די אַלטע לייט און צו די ניי־געבוירענע קינדער; און ענדליך, די פאַרזיכט־מיטלען אַנטקעגן שאַרפע פּערזענליכע צוזאַמענשטויסן, — ד. ה. וואָס מען האָט צו טאָן, אויב מיט דעם באַווייזן זיך פון באַזונדערע פאַמיליעס, וועלן מעגליך ווערן געוואַלט־טאַטן אינמיטן פון שטאַם גופא, און אויך ביי צוזאַמענשטויסן מיט די אַרומיגע שטאַמען, באַזונדערס אין דעם פאַל, אויב די מחלקה פירט צו אַ מלחמה. דאַ שטעלן זיך איין אַ ריי באַשטימטע רעגעלן, פון וועל־כע עס האָבן שפּעטער, ווי דער בעלגישער פּראָפעסאָר ערנעסט נים האָט באַוויזן, זיך אויסגעאַרבעט די שפּראַצן פונם אינטערנאַציאָ־נאַלן רעכט. לסוף איז פאַראַן אַ דריטע קאַטעגאָריע פון הייליג־געהאַלטענע תקנות, וואָס זיינען שייך צו רעליגיעזע אַבערגלויבנס און צערעמאָניעס, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט די צייטן פון יאָר, מיט דעם געיעג, די איבערוואַנדערונגען, אַ אַז. וו.

וועגן אָט די אַלע זאַכן קאָנען די אַלטע לייט פון יעדן פאָלק געבן באַשטימטע ענטפערס. פאַרשטייט זיך, די דאָזיגע ענטפערס זיינען ניט דיזעלביגע ביי פאַרשיידענע שטאַמען און פעלקער, פּונקט אַזוי ווי די צערעמאָניעס זיינען ניט דיזעלביגע. וויכטיג איז אָבער דאָס, וואָס ביי יעדן שטאַם און פאָלק, אויף וואָס פאַר אַ נידעריגער שטופע פון אַנטוויקלונג ער זאָל ניט האָבן געשטאַנען, א י ז ש ו י ן פ אַ ר אַ ן אַ ן אַ י י ג ע נ ע א ו י ס ע ר ג ע װ ײ נ־ ל י ך ק אָ מ פּ ל י צ י ר ט ע ע ט י ק, אַ ן אַ י י ג ע נ ע ר ס י ס ט ע ם פ ו ן מ אָ ר אַ ל י ש ע א ו ן א ו מ מ אָ ר אַ־ ל י ש ע פ י ר ו נ ג ע ן.

ווי האָבן געלאָזט דאָס פייער זיך אויסלעשן, און זיי האָבן אַזויפיל פון אַזויפיל צייט געלעבט אָהן פייער, ביז וואַנען זיי האָבן עס גע־קריגן פון די אַרומיגע אינזלען.

די אָנהויבן פון דער דאָזיגער מאָראַל ליגן, ווי מיר האָבן געזען, אין דעם געפיל פון געזעלשאַפטליכקייט, פון סטאַדן־לעבן, און אין דער באַדערפעניש פון געגנזייטיגער שטיצע, וואָס אַנטוויקלען זיך צווישן אַלע געזעלשאַפטליכע חיות און נאָך ווייטער אין די פּרימיטיווע מענשליכע געזעלשאַפטן. עס איז נאַטירליך דערביי, אַז ביי דעם מענשן, אַ דאַנק דער שפּראַך, וואָס האָט געהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון זכרון און האָט באַשאַפן אַ טראַדיציע, האָבן זיך אויסגעאַרבעט פיל מער קאָמפּליצירטע רעגעלן פון לעבן איידער ביי די חיות. מיט דער דערשיינונג נאָך פון דער רעליגיע, אפילו אין איר גרעבסטער פאָרם, איז אין דער מענשליכער עטיק אריינגעטראָטן נאָך אַ נייער עלעמענט, וואָס האָט איר צוגעגעבן אַ געוויסע שטאַנדהאַפטיקייט און האָט אריינגעטראָגן דערנאָך אַ באַגייסטערונג און אַ געוויסן אידעאַליזם.

ווייטער, אין דעם ערך וויפיל דאָס געזעלשאַפטליכע לעבן האָט זיך אַנטוויקלט, אַזוי האָט געמוזט אַלץ מער און מער אַרויסטרעטן דער באַגריף פון ג ע ר ע כ ט י ק י י ט אין די געגנזייטיגע באַציאונגען. די ערשטע שפּראָצן פון גערעכטיקייט, אין דעם זין פון גלייכבאַרעכטיגונג, קאָן מען שוין באַמערקן ביי חיות, באַזונדערס ביי די זויגטירן, בעת די מוטער זויגט עטליכע קינדער, אדער אין די שפּילן פון פיל חיות, וואו עס איז אַבליגאַטאָריש אויסצוהיטן די געוויסע רעגעלן פון שפּיל. דער איבערגאַנג אָבער פון דעם אינסטינקט פון געזעלשאַפטליכקייט, ד. ה. פון דעם פּשוטן דראַנג אדער פאָדערונג צו לעבן אין דעם קרייז פון באַשעפענישן פון דעם איינגענעם מין, צו דעם געדאַנקען־שלום וועגן דער נויט פון גערעכטיקייט אין די געגנזייטיגע באַציאונגען, האָט געמוזט נויטיגערווייז פאָרקומען אין דעם מענשן צוליב דעם אויפהאַלט פון געזעלשאַפטליכן לעבן גופא. אין יעדער געזעלשאַפט שטויסן זיך פאַקטיש צונויף די פאַרלאַנגען און ליידנשאַפטן פון איינציגע פּערזאָנען מיט די פאַרלאַנגען פון אַנדערע גלייכע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, און אַט די צונויפשטויסן וואָלטן געפירט אויף אַ פּאַטאַלן אופן צו אייביגע מחליקות און צו אַ פאַנאַנדערפאַל פון דער געזעלשאַפט, אויב עס וואָלט זיך ניט אין דערזעלביגער צייט אַנטוויקלט ביי מענשן (ווי עס האָט זיך אַנטוויקלט ביי איינציגע געזעלשאַפטליכע חיות) דער באַגריף פון גלייכבאַרעכטיגונג פון אַלע מיטגלידער פון דער

געזעלשאפט. פון אט דעם באגריף האט זיך ביסלעכווייז געמוזט אנטוויקלען דער באגריף פון גערעכטיקייט, ווי עס ווייזט אן אויף דעם דער אפשטאם גופא פון דעם ווארט — Equite, Aequitas מיט וועלכע עס דריקט זיך אוים דער באגריף פון גערעכטיקייט, גלייכהייט. ניט אומזיסט האט מען אין אלטערטום פארגעשטעלט די גערעכטיקייט ווי א פרוי מיט פארבונדענע אויגן, וואס האלט אין די הענט א וואג־שאל.

לאמיר נעמען א פאל פון לעבן. אט האבן צוויי מענשן, צום ביישפיל, זיך צעקריגט. א ווארט פאר א ווארט און איינער באַ־שולדיגט דעם אנדערן, אז ער האט איהם באליידיגט. דער אנדערער נעמט זיך באווייזן, אז ער איז געווען גערעכט, אז ער האט געהאט א רעכט צו זאגן דאס, וואס ער האט געזאגט. אמת, ער האט דערמיט יענעם באליידיגט, אבער דאס איז נאר געווען אן ענטפער אויף דער באליידיגונג, וואס יענער האט אים באליידיגט, און זיינע רייד האבן ניט געקלונגען ערגער ווי יענעמס.

אויב די דאזיגע טענות האבן געפירט צו א קריג און עס איז שוין געקומען צו א נעשלעג, דאן וועט אי דער, אי יענער נעמען באווייזען, אז דער ערשטער קלאפ איז געגעבן געווארן ווי אן ענט־פער אויף א שווערער באליידיגונג און דערנאך איז יעדער ווייטערדיגער קלאפ געווען אן ענטפער אויף א גלייכן קלאפ פון דעם געגנער. אויב די זאך איז דערגאנגען ביז פארוואונדונגען און עס איז געקומען צום געריכט, דאן מעסטן אפ די ריכטער די גרויס פון די וואונדן, און דער וואס האט פאראורזאכט א גרעסערע וואונד, וועט מוזן באצאלן א קנס, כדי אהערצושטעלן די גלייכקייט פונם שאדן. אזוי האט זיך עס געטאן אין פארלויף פון הונדער־טער יארן, ווען אזא פאל איז געקומען צום געריכט פון דער געמיינדע.

אין אט דעם ביישפיל, וואס איז ניט קיין אויסגעטראכטער, נאר גענומען פון ווירקליכן לעבן, קאן מען קלאר זען ווי די פרי־מיטיווע ווילדע גופא האבן פארשטאנען „גערעכטיקייט“, און וואס די מער געבילדעטע פעלקער ביז אויף היינטיגן טאג פארשטייען אונטער די ווערטער פראוודא, ספראוועדלי־וואסט, דזשאסטיס, אעקוויטאס, עקווי־טע, רעכטיגקייט א. ד. ג. זיי זעהען אין זיי די

ה ע ר ש ט ע ל ו נ ג פ ו ן ד ע ר צ ע ש ט ע ר ט ע ר ג ל י י כ ב א ר ע כ ט י ג ו נ ג. קיינער טאָר נים צעשטערן די גלייכהייט פון צוויי מיטגלידער פון דער געזעלשאפט; און אויב זי איז צעשטערט געוואָרן, מוז זי ווידער הערגעשטעלט ווערן דורך דער געזעלשאפט. אזוי האָט געהייסן משה׳ס תורה, זאגנ־דיג: „עין תחת עין ,שן תחת שן", א וואונד פאר א וואונד — אבער נים מער. אזוי האָט געטאָן די רוימישע גערעכטיקייט, אזוי האנדלען ביז היינטיגן טאָג אלע ווילדע, און א סך פון אָט די באגריפן זיינען פארבליבן אויך אין דער געזעצגעבונג פון היינ־טיגער צייט.

געווים, אין יעדער געזעלשאפט, אויף וועלכער שטופע פון אנטוויקלונג זי זאָל נים שטיין, זיינען אלעמאָל געווען און וועלן זיין איינצעלנע פערזאָנען, וואָס שטרעבן זיך צו באנוצן מיט זייער כח, געשיקטקייט, פארשטאנד, געוואגטקייט, כדי צו באהערשן אנ־דערע; און איינינע פון זיי דערגרייכן זייער ציל. אזוינע פער־זאָנען זיינען, פארשטייט זיך, פאָרגעקומען אויך ביי די גאָר פרי־מיטיווע פעלקער, און מיר באגעגענען זיי ביי אלע שטאַמען און פעלקער אויף אלע שטופן פון קולטור. אבער אין געגנגעוויכט צו זיי האָבן אויף אלע שטופן פון אנטוויקלונג זיך אויסגעארבעט מנהגים, וואָס האָבן געשטרעבט צו ווירקן געגן דער אנטוויקלונג פון אזוינע פערזאָנען און זייער כח לרעה פון דער גאנצער געזעל־שאַפט. אלע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך אויסגעארבעט אין פארשיידענע צייטן ביי דער מענשהייט — דאס שטאַם־לעבן, די דאָרף־געמיינדע, די שטאָדט, די רעפובליקן מיט זייערע „וועטשע"־אָרדענונגען, די זעלבסטרעגירונג פון קהלות און טעריטאָריעס, רע־פרעזענטאטיווע רעגירונג א. ד. ג. — האָבן אין דער ווירקליכקייט געהאט צום ציל צו פארהיטן די געזעלשאפטן פון דעם אייגנווילן פון אזוינע מענשן און פון זייער הערשאפט, וואָס האָט זיך אנ־געהויבן ארויסצווייזן.

שוין ביי די גאָר פרימיטיווע ווילדע איז פאראן, ווי מיר האָבן נאר־וואָס געזען, א ריי מנהגים, וואָס האָבן זיך אויסגעארבעט מיט אָט דעם ציל. פון איין זייט שטעלט דער מנהג איין גלייכ־בארעכטיגונג. אזוי צום ביישפיל איז פאר דארווינען געווען א חדוש ביי די ווילדע פון פאטאגאָניע, אז אויב ווער עס איז פון די

ווייסע האָט געגעבן איינעם פון די ווילדע עפּעס צו עסן, האָט דער ווילדער תיכף צעטיילט דאָס שטיקל שפּייז אויף גלייכע חלקים פאַר אַלע איבעריגע, וואָס האָבן זיך דאָרט איינגעפונען. דאָס אייגענע ווערט דערמאָנט פון פילע פאָרשער בנוגע פאַרשיי־דענע פּרימיטיווע פעלקער, און אַזוי האָב איך עס אויך געפונען אפילו אין די שפּעטיגערע פאָרמען פון אַנטוויקלונג ביי אַ פיך־ציכטער פאָלק, ביי די בוריאַטן אין די פאַרוואָרפנסטע פלעצער פון סיביר. *

אַ מאַסע פאַקטן אַזוינע געפינט זיך אין אַלע ערנסטע באַ־שרייבונגען פון די פּרימיטיווע פעלקער. ** וואו זיי זאָלען זיי ניט שטודירן, געפינען די פאָרשער דיזעלביגע זיטן פון געזעלשאַפט־ליכקייט, דעמזעלביגן געמיינדע־גייסט, דיזעלביגע גרייטקייט צו באַוואָרענען דעם אייגנטימליכן אויפּפּיר, כדי אויפצוהאַלטן דאָס געזעלשאַפטליכע לעבן. און ווען מיר זוכן אַריינצודרינגען אינם לעבן פון מענשן אויף די גאָר פּרימיטיווע שטופן פון זיין אַנטוויק־לונג, געפינען מיר אַלץ דאָסזעלביגע שטאַם־לעבן און דיזעלביגע פאַרבאַנדן פון מענשן פאַר געגנזייטיגער שטיצע. און מיר זיינען געצוואונגען אַנצוערקענען, אַז אין די געזעלשאַפטליכע אייגנשאַפטן פון דעם מענשן ליגט די הויפּט קראַפט פון זיין פאַרגאַנגענער אַנט־וויקלונג און ווייטערדיגן פּראָגרעס.

אין דעם 18טן יאָרהונדערט, אונטער דעם איינדרוק פון דער

---

* ביי די בוריאַטן, וואָס וואוינען אין סאַיאַני, אַרום דעם אָקע'שן קאַראַול, ווען זיי קוילן אַ שעפּס, קומט זיך צוזאַמען דער גאַנצער אולוס, אַחוץ אויסנאַם, צום פייער וואו עס ווערט פאַרפאַרטיגט די סעודה, און אַלע נעמען אַ טייל אין דעם מאָלצייט. דאָסגלייכן אויך ביי די בוריאַטן פון דער אויבערלענדער.

** די וואָס ווילן זיך נעהענטער באַקענען מיט אָט דעם געגנשטאַנד, קאָן איך אָפּשיקן צו אַזוינע מאָנומענטאַלע ווערק, ווי וואַיץ, אַנטראָ־פּאָלאָגיע דער נאַטור פעלקער; פּאָסט, אַפריקאַנישע יוריספּרודענץ און די געשלעכטסגענאָסענשאַפט דער אורצייט; מ. קאָוואַלעווסקי, דאָס פּרי־מיטיווע רעכט (רוסיש); מאָרגאַן, אוראַלטע געזעלשאַפט (ענגליש); דר. ה. רינג, די עסקימאָ שטאַמען (ענגליש), און פילע איינצעלנע פאָרשונ־גען, וואָס ווערן דערמאָנט אין דידאָזיגע אַרבייטן, ווי אויך אין מיין זאַרעדע צו דער געגנזייטיגער הילף.

ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט די ווילדע פון שטילן אָקעאַן, האָט זיך אַנטוויקלט אַ טענדענץ צו אידעאַליזירן די ווילדע, וואָס לעבן „אין אַ נאַטירליכן צושטאַנד“ — מעגליך אַלס געגנגעוויכט צו דער פילאָסאָפיע פון האָבבס און זיינע נאָכפאָלגער, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט די פּרימיטיווע מענשן אין דער פאָרם פון אַ מחנה ווילדע חיות, וועלכע זיינען גרייט אויפצופרעסן איינער דעם אַנדערן. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אי די, אי די אַנדער פאָרשטעלונג איז אַ פאַלשע, ווי מיר ווייסן איצטער דורך די באַשרייבונגען פון אַ סך געוויסנהאַפטיגע פאָרשער. דער פּרימיטיווער מענש איז ווייט ניט קיין אידעאַל פון וואוילטאַט און ווייט ניט קיין טיגעראַרטיגע חיה. אָבער ער האָט אַלעמאָל געלעבט און לעבט איצטער אין געזעלשאַפטן פונקט ווי טויזנטער אַנדערע לעבעדיגע באַשעפעניסן, און אין די דאָזיגע געזעלשאַפטן האָבן זיך ביי אים אויסגעאַרבעט ניט נאָר יענע פייאיקייטן פון געזעלשאַפטליכקייט, וואָס געפינען זיך ביי אַלע געזעלשאַפטליכע חיות. נאָר אַ דאַנק דער שפּראַך, און ממילא דעם מער אַנטוויקלטן פאַרשטאַנד, האָט זיך די געזעלשאַפטליכקייט ביי אים נאָך מער אַנטוויקלט און מיט איר צוזאַמען האָבן זיך אויך אויסגעאַרבעט די רעגעלן פון געזעלשאַפטליכן לעבן, וועלכע מיר רופן אָן די מאָראַל.

אין דעם שטאַם־לעבן האָט זיך דער מענש צוערשט אויסגעלערנט דעם גרונט־רעגל פון יעדער געזעלשאַפטליכקייט: קיינעם ניט טאָן דאָס, וואָס דו ווילסט ניט מען זאָל דיר טאָן, און איינהאַלטן מיט אַלע מיטלען די, וואָס ווילן זיך ניט אונטערוואַרפן צו אָט דעם רעגל. דערנאָך האָט זיך ביי אים אַנטוויקלט די פייאיקייט צו *אידענטיפיצירן זיין פערזענליכן לעבן מיט דעם לעבן פון זיין שטאַם*. אין דער אויספאָרשונג פון די פּרימיטיווע מענשן, אָנהויבענדיג פון די, וועלכע האָבן נאָך אויפגעהאַלטן דאָס לעבן פון דעם אייז־פעריאָד און פון דעם פריען נאָכן אייז אָדער אָזערע־פעריאָד, ביז די, ביי וועלכע מיר געפינען אַ שפּעטערדיגע אַנטוויקלונג פון דער שטאַם־אָרדענונג — איבעראַשט אונז מער ווי אַלץ פונקט אָט דער שטריך: די *אידענטיפיצירונג* פון דעם מענשן מיט זיין שטאַם. דער שטריך גייט דורך דער גאַנצער געשיכטע פון דער פריער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט; און אַממערסטן האָט ער

זיך איינגעהאלטן ביי יענע פעלקער, ביי וועלכע עס האָבן זיך איינ־
געהאלטן די פרימיטיווע פאָרמען פון שטאם־לעבן און די גאָר פרי־
מיטיווע מיטלען אין קאמף מיט דער שטיפמוטער־נאטור, דאָס
איז ביי די עסקימאָסן, אַלעוטן, די איינוואוינער פון פייערלאנד און
ביי איינינע בערג־שטאמען. און וואָס מער מיר פאָרשן דעם פרי־
מיטיוון מענשן, אַלץ מער איבערציינן מיר זיך, אַז אפילו אין זיינע
אומבאדייטנדע האנדלונגען האָט ער אידענטיפיצירט און אידענטי־
פיצירט אויך איצטער זיין לעבן מיט'ן לעבן פון זיין שטאָם.

דער באגריף וועגן גוטס און שלעכטס האָט זיך אויף דעם אופן
אויסגעארבעט, ניט אויפן גרונט פון דאָס, וואָס עס שטעלט פאָר
דאָס גוטס אדער שלעכטס פאָר דעם איינצעלנעם מענשן, נאָר אויף
דאָס, וואָס עס שטעלט פאָר דאָס גוטס אדער שלעכטס פארן גאנצן
שטאָם. די דאָזיגע באגריפן האָבן נאטירליך זיך געביטן אין פאר־
שיידענע ערטער און אין פארשיידענע צייטן; און איינינע רעגעלן,
באזונדערס אזוינע צום ביישפּיל, ווי בריינגען מענשליכע קרבנות
כדי מפצה צו זיין די בייזע כחות פון דער נאטור, וואולקאנען, דעם
ים, ערדציטערנישן, זיינען פשוט געוועזן אבשייליך. אבער איינ־
מאָל זיינען אזוינע אדער אנדערע רעגעלן איינגעשטעלט געווארן
דורך דעם שטאם, האָט זיך דער מענש אונטערוואָרפן צו זיי, ווי
שווער עס זאָל ניט זיין זיי מקיים צו זיין.

בכלל האָט דער פרימיטיווער ווילדער זיך אידענטיפיצירט
מיט זיין שטאם. * ער האָט זיך געפילט פאזיטיוו אומגליקליך, אויב
ער איז באגאנגען אַ טאַט, וואָס האָט געקאָנט ארויפציען אויף זיין
שטאָם די קללה פון דעם באליידיגטן אדער די נקמה פון דעם „גרויסן
המון" פון די אורעלטערן אדער פון א וועלכן עס איז פאָלק פון
חיות: קראָקאָדילן, בערן, טיגערס א. ד. ג. דאָס „געוויינהייט־
רעכט" איז פאר דעם ווילדן עפּעס מער איידער די רעליגיע פאר
דעם מאָדערנעם מענשן: דאָס שטעלט צוזאמען דעם פונדאמענט
פון זיין לעבן, און דעריבער איז די זעלבסטבאשריינקונג אין די

* פארגלייך באסטיאן, „דער מענש אין דער געשיכטע", ב. 3. גרעי,
„דזשורנאלס אוו טו עקספּעדישאָנס" 1841, ב. 2 און אלע ערנסטע באַ־
שרייבונגען פונם לעבן פון די ווילדע. וועגן דער ראָליע פון דעם שרעק
פאר „פאָרפלוכונגען", זע די באקאנטע ארבעט פון פראָפ. וועסטערמאַרק.

אינטערעסן פונם שטאַם, און ביי איינצעלנע פּערזענליכקייטן די זעלבסטאָפּפערונג צוליב דעמזעלביגן צוועק — אַ גאַנץ געוויינליכע דערשיינונג.

מיט איין וואָרט, וואָס נעהענטער די פּרימיטיווע געזעלשאַפט איז צו אירע עלטסטע פאָרמעס, אַלץ שטריינגער ווערט אָפּגעהיט דער רעגל: „יעדערער פאַר אַלעמען". און נאָר מחמת דער פולשטענדיגער אומבאַקאַנטשאַפט מיט דעם ווירקליכן לעבן פון די פּרימיטיווע מענטשן, האָבן איינציגע דיינקער, ווי האָבבס, רוססאָ און זייערע נאָכפאָלגער, באַהויפּטעט, אַז די מאָראַל איז צוערשט געבוירן געוואָרן פון דעם בלומרשטדיגן „געזעלשאַפטליכן אָפּמאַך", און אַנדערע האָבן דערקלערט איר דערשיינונג דורך אַ „באַגייסטערונג פון אויבן" וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט צו אַ מיטישן געזעצגעבער. אין דער אמתן אָבער ליגט דער ערשטער קוואַל פון מאָראַליטעט אין דער געזעלשאַפטליכקייט, וועלכע איז אייגנטימליך פאַר אַלע געזעלשאַפטליכע חיות און נאָך מער — פאַרן מענטשן.

ליידער שפּרייט זיך ניט אויס אין דער שטאַם־אָרדענונג דער רעגל פון „יעדערער פאַר אַלעמען" ווייטער ווי אויפ'ן שטאַם. דער שטאַם איז ניט מחויב טיילן זיין שפּייז מיט אַנדערע שטאַמען. אויסערדעם, די טעריטאָריע צעטיילט זיך, ווי ביי איינציגע זויגטירן און פויגלען, צווישן די פאַרשיידענע שטאַמען, און יעדער שטאַם האָט זיין געגנט פאַר געיעג אָדער פיש־פאַנג. אויף דעם אופן האָט זיך אין לעבן פון מענטשן אויסגעאַרבעט פון די עלטסטע צייטן אָן אַ צווייפאַכיגע באַציאונג: איינע אין דעם אייגענעם שטאַם און אַנאַנדערע פאַר די שכנה'שע שטאַמען, און דאָ איז געשאַפן געוואָרן אַ באָדן פאַר צוזאַמענשטויסן און מלחמות. אמת, שוין אין דעם שטאַם־לעבן זיינען געמאַכט געוואָרן און מאַכן זיך איצטער פאַרזוכן איינצושטעלן געגנזייטיגע באַציאונגען מיט די שכנה'שע שטאַמען. אַריינגייענדיג אין אַ שטוב, מוז מען די וואָפן לאָזן שטיין ביים אַריינגאַנג, און אפילו אין פאַל פון אַ מלחמה צווישן צוויי שטאַמען, מוז מען אָפּהיטן געוויסע רעגעלן בנוגע די ברינימער און די שטעגן, אויף וועלכע די ווייבער גייען נאָך וואַסער. בכלל אָבער זיינען די באַציאונגען צו די שכנים פון אַנאַנדער שטאַם (אויב מען איז מיט אים ניט אַריינגעגאַנגען אין אַ פעדעראַציע) גאַנץ

אנדערע. אויך אין דער שפּעטערדיגער אנטוויקלונג פון דער מענש־הייט האָט קיין רעליגיע ניט געקאָנט אויסוואָרצלען די באַגריפן וועגן דעם „אויסלענדער". און נאָך מער, די רעליגיעס זיינען כסדר געוואָרן קוואַלן פון דער גרויזאַמסטער שנאה, וואָס האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט מיט דער אנטוויקלונג פון דעם שטאַאט. און ווי אַ רעזולטאַט דערפון איז געשאַפן געוואָרן אַ צוויי־פּאַכיגע עטיק, וועלכע האַלט זיך ביז אויף היינטיגן טאָג און פירט צו אַזוינע שרעקן ווי די לעצטע מלחמה.

אין אנהויב האָט דער גאַנצער שטאַם פאַרגעשטעלט איין משפחה, און ווי עס איז איצטער באַוויזן געוואָרן, האָבן נאָר ביס־לאַכוויין זיך אָנגעהויבן אין אים באַווייזן באַזונדערע פאַמיליעס, און דערביי האָבן די ווייבער אין די דאָזיגע פאַמיליעס געמוזט גענומען ווערן פון אַנאַנדער שטאַם. די באַזונדער פאַמיליע האָט אָבער געפירט צו דעם פאַנאַנדערפאַל פון דער פריערדיגער קאָמוניס־טישער אָרדענונג, ווייל זי האָט געגעבן די מעגליכקייט אנצוקלייבן פאַמיליען־אייגנס. דאַמאָלסט אָבער האָט די פאָדערונג פון גע־זעלשאַפטליכקייט, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין דער פרי־ערדיגער אָרדענונג, אָנגעהויבן אָנצונעמען נייע פאָרמען. אין די דערפער איז באַשאַפן געוואָרן די דאָרף־געמיינדע, אין די שטעט — די גילדס פון בעל־מלאכות און סוחרים, פון וועלכע עס האָבן זיך אַנטוויקלט די פרייע מיטלאַלטערליכע שטעט; און מיט דער הילף פון אָט די אינסטיטוציעס האָבן די פאָלקסמאַסן באַשאַפן אַ נייע לעבנס־אָרדענונג, אין וועלכער עס איז געבוירן געוואָרן אַ נייע פאַראייניגונג אויף דעם אָרט פון דער שטאַם־פאַראייניגונג.

פון דער אַנדער זייט האָט די גרויסע פעלקער־וואַנדערונג און די שטענדיגע איבערפאַלן פון די אַרומיגע שטאַמען און פעלקער אומפאַרמיידליך געפירט צו דער אויסבילדונג פון אַ מיליטערישן שטאַנד, וועלכער האָט דערוואָרבן אַלץ אַ גרעסערע קראַפט, אין דעם ערך וואָס די פרידליכע פויערשע און שטאָטישע באַפעלקערונג האָט זיך אַלץ מער אָפּגעוואוינט פון דעם מיליטערישן עסק. אין איין צייט מיט דעם האָבן די אַלטע לייט, די היטער פון די שטאַם־טראַדיציעס, ווי אויך די באַאָבאַכטער פון דער נאַטור, וואָס האָבן אָנגעקליבן די ערשטע שפּראָצן פון וויסן, און די אויפפּאַסער פון די רעליגיעזע צערעמאָניעס, געשטרעבט צו פאַרשטאַרקן זייער

הערשאַפט צווישן די פֿויערימשע געמיינדעס און אין די פרייע שטעט, אויפבויענדיג צוליב דעם זייערע געהיימע פאַרבאַנדן. שפּעטער אבער, מיט דער אנטשטייאונג פונם שטאַאט, האָבן זיי זיך פאַראייניגט צווישן זיך — די מיליטערישע מאַכט מיט דער קירכליכער אין דער געמיינשאַפטליכער באַצווינגונג פון דער קעניגליכער מאַכט.

מען מוז אבער צולייגן, אז מיט אַלעם דעם זיינען מלחמות אין קיין פעריאָד פונם לעבן פון דער מענשהייט, קיינמאָל ניט געווען נאָרמאַלע באַדינגונגען פון לעבן. אין דערזעלביגער צייט וואָס די קריגפירער האָבן אויסגעהרגט איינער דעם אנדערן, און די פּריסטער האָבן געבענשט די געגנזייטיגע רציחות, האָבן די פאָלקס מאַסן אין די דערפער און שטעט פאָרטגעזעצט זייער וואָכעדיגן לעבן. זיי האָבן אָפּגעטאָן זייער געוויינליכע ארבעט און האָבן געשטרעבט אין דערזעלביגער צייט צו פאַרשטאַרקן די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געבויט אויף געגנזייטיגער הילף און געגנזייטיגער שטיצע, ד. ה. אויף דעם געוויינהייט־רעכט, אפילו דאַמאָלסט בעת די מענשן זיינען נאָך אַלעמען ארונטערגעפאַלן אונטער דער הערשאַפט פון די גייסטליכע און די קעניגן.

אין דער ווירקליכקייט קאָן מען די גאַנצע געשיכטע פון דער מענשהייט באַטראַכטן ווי א שטרעבונג פון איין זייט, מצד איינצעלנע מענשן אָדער גרופּעס, צו פאַרכאַפּן די מאַכט, מיט דעם צוועק צו באַהערשן וואָס ברייטערע קרייזן, און א שטרעבונג פון דער אנדער זייט אויפצוהאַלטן די גלייכבאַרעכטיגונג — לכל־הפּחות צווישן די מענער — און זיך אקעגנשטעלן דעם פאַרכאַפּן פון מאַכט, אָדער ווייניגסטנס זי צו באַגרעניצן; מיט אנדערע ווערטער, באַרהיטן די גערעכטיגקייט אין דעם שטאַם, פאָלק אָדער פעדעראַציע פון שטאַמען.

דיזעלביגע שטרעבונג האָט זיך קלאָר ארויסגעוויזן אין די מיטלאַלטערליכע פרייע שטעט, באַזונדערס אין די ערשטע יאָרהונדערטן נאָך דער באַפרייאונג פון די דאָזיגע שטעט פון זייערע פעאָדאַלע הערשער. אין דער ווירקליכקייט זיינען די פרייע שטעט געווען די באַשיצענדע פאַרבאַנדן פון די גלייכבאַרעכטיגטע שטאָטלייט אנטקעגן די ארומיגע פעאָדאַלן. ביסלאַכווייז אָבער האָט מע־

געהויבן אויך אין די פרייע שטעט פארקומען א פאנאנדערטיילונג פון דער באפעלקערונג. צוערשט איז דער האנדל אנגעפירט געווארן פון דער גאנצער שטאט, ווארים די פראדוקטן פון דער שטאטישער אינדוסטריע אדער די סחורות, וואס זיינען אנגעקויפט געווארן אין די דערפער האט ארויסגעפירט די שטאט אלס גאנצע דורך אירע פארטרויטע און דער ריוח האט געהערט דער גאנצער שטאטישער געמיינדע. ביסלאכוויז אבער איז דער האנדל פארוואנדלט געווארן פון א געזעלשאפטליכן אין א פריוואטן; פון'ם האנדל זיינען רייך געווארן ניט נאר די שטעט אליין, נאר אויך פריוואטע פערזאנען און פרייע סוחרים — „מערקאטארי ליברי“ — דער עיקר וינט די צייטן פון די קרייץ־צוגן, וואס האבן געעפנט א מעטיגן האנדל מיט'ן ווייטן מזרח; עס האט זיך אנגעהויבן אנטוויקלען א קלאס באנקירן, צו וועלכע עס האבן זיך געווענדעט נאך הלואות, אין פאל פון א נויט, ניט נאר די רואינירטע פריצים־ריטער, נאר שפעטער אויך די שטעט גופא.

אויף אט דעם אופן איז געשאפן געווארן אין יעדערער פון די אמאליגע פרייע שטעט א סוחר'ישע אריסטאקראטיע, וואס האט געהאלטן די שטעט אין אירע הענט, און האט אמאל געשטיצט דעם פאפסט, אמאל דעם אימפעראטאר, וועלכע האבן געשטרעבט צו באהערשן די אדער יענע שטאט, אמאל דעם קיניג אדער דעם גרויס־פירשט, וואס האט געוועלטיגט איבער די שטעט, זיך שטיצנדיג אמאל אויף די רייכע סוחרים און אמאל אויף די שטאטישע קבצנים. אזוי איז צוגעגרייט געווארן דער באדן פאר די מאדערנע צענטראליזירטע שטאטן, און פארענדיגט האבן זיי זייער צענטראליזירנדע ארבעט בעת אייראפא האט זיך געמוזט פארטיידיגן אנטקעגן די איבערפאלען פון די מורן אין שפאניע אין 9טען, 10טען און עלפטן יארהונדערט, אנטקעגן די מאנגאלן אין רוסלאנד, אין 13טען יאר־הונדערט און אנטקעגן די טערקן אין 15טען יארהונדערט. די שטעט און די אפגעזונדערטע קליינע פירשטנטומען, וואס האבן אפט גע־פירט קריג צווישן זיך, האבן זיך ארויסגעוויזן אומטעכטיג אנטקעגן אזוינע מאסן־איבערפאלן, און האבן פארענדיגט די ארבייט פון אונ־טערטעניג מאכן די קליינע צו די גרויסע און קאנצענטרירן די מאכט אין דער מלוכה, דערמיט, וואס זיי האבן געשאפן די גרויסע פאלי־טישע שטאטן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזוינע וויכטיגע ענדערונגען אין געזעלשאַפטליכן לעבן, ווי אויך די רעליגיעזע אויפשטאַנדן און מלחמות, האָבן אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויפן גאַנצן שטייגער פון די מאָראַלע באַגריפן אין יעדן לאַנד אין די פאַרשיידענע צייטן ; און ווען עס איז וועט ווארשיינליך געשאַפן ווערן אַ ברייטע אַרבעט, אין וועלכער די עוואָלוציע פון מאָראַל וועט אויסגעפאָרשט ווערן אין פאַרבינדונג מיט דער געענדערטער אָרדענונג פון געזעלשאַפטליכן לעבן. אָבער דאָ גייען מיר שוין אַריין אין אַ געביט, וואו די וויסנשאַפט וועגן די מאָראַלע באַגריפן און לערען, ד. ה. די ע ט י ק, קומט זיך אָפּט צונויף מיט אַנאַנדער וויסנשאַפט, די ס אָ צ י אָ־ ל אָ ג י ע, ד. ה. מיט דער וויסנשאַפט וועגן לעבן און דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. איז דעריבער, כדי ניט צו וואַרפן זיך פון איין געביט אויף דעם אַנדערן, בעסער אָנווייזן אַפריער, וואו מען דאַרף אָוועקשטעלן דעם גרעניץ פון דעם געביט פון דער עטיק.

ביי אַלע מענשן, ווי נידעריג זיי זאָלן ניט שטיין אין זייער אַנטוויקלונג, און אויך ביי איינגע געזעלשאַפטליכע חיות, זייגען פאַלגליך פאַראַן אַזוינע שטריכן, וועלכע מיר רופן אָן מאָראַלע. אויף אַלע שטופן פון דער אַנטוויקלונג פונם מענשן געפינען מיר געזעלשאַפטליכקייט און אַ געפיל פון סטאַדע־געמיינשאַפט, און ביי איינגע מענשן איז אויסער דעם נאָך פאַראַן אַ גרייטקייט צו העלפן אַנדערע, אָפטמאָל ריזיקירנדיג אפילו מיט דעם אייגענעם לעבן. און אַזוי ווי אַזוינע שטריכן העלפן דעם אויפהאַלט און אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטליכן לעבן, וואָס פאַרזיכערט פון זיין זייט דאָס לעבן און דעם וואוילשטאַנד פון אַלעמען, זיינען אַזוינע אייגנשאַפטן אַנדערקענט געוואָרן פון די גאָר פריע צייטן אָן אין די מענשליכע געזעלשאַפטן ניט נאָר אַלס ווינשנסווערטע, נאָר אפילו אַלס אָבליגאַטאָרישע. די זקנים, די חכמים און נבונים פון די פּרימיטיווע פעלקער, און שפּעטער די פּריסטער און גייסטליכע, האָבן אַרויסגעשטעלט די דאָזיגע אייגנשאַפטן פון דער מענשליכער נאַטור ווי געבאָט פון אויבן, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון די געהיימע קרעפטן פון דער נאַטור, ד. ה. פון געטער אָדער פון אַן איינציגן באַשעפער פון דער נאַטור. אָבער שוין פון די גאָר אַלטע צייטן אָן, און דערהויפּט פון דער בליאונג־צייט פון די וויסנשאַפטן,

וואס האט זיך אנגעהויבן אין אלטן גריכנלאנד מער ווי מיט צוויי טויזנט פינף הונדערט יאר צוריק, האבן די דיינקער אנגעהויבן צו שטעלן פראגן וועגן דער נאטירליכער אפשטאמונג פון די מאראלע געפילן און באגריפן, וועלכע האלטן אפ מענשן פון באגיין שלעכטע טאטן אנטקעגן זייערע שטאם־קרובים און בכלל פון טאטן, וואס פירן צו אן אפשאפונג פון געזעלשאפטליכקייט. מיט אנדערע ווער־טער — זיי האבן געזוכט צו געפינען א נאטירליבע דערקלערונג פון דאס, וואס ווערט אנגערופן מאראליש ביי מענשן, און וואס עס רעכנט זיך בלי־ספק פאר ווינשנסווערט אין יעדער געזעלשאפט.

אזוינע פארזוכן זיינען ווי עס שיינט שוין געמאכט געווארן אין טיפן אלטערטום, ווארים מען קאן זען שפורן פון זיי אין כינא און אינדיע. אבער אין א וויסנשאפטליכער פארם זיינען זיי גע־קומען צו אונז נאר פון אלטן גריכנלאנד. דארט האבן א גאנצע ריי דיינקער, אין פארלויף פון פיר יארהונדערטן, — סאקראטעס, פלאטא, אריסטאטעל, עפיקור און שפעטער די סטאאיקער — ערנסט, פילאסאפיש זיך באצויגן צו די פאלגענדע גרונט־פראגן: „פונ־וואנען נעמען זיך ביים מענשן מאראלע רעגעלן, וואס ווידערשפרעכן זיינע לײדנשאפטן און האלטן זיי אפט איין?

„פונוואנען נעמט זיך דער געפיל פון מאראלער התחיבות, וועל־כער באווייזט זיך אפילו ביי מענשן, וואס לייקענען די מאראלע רעגעלן פון לעבן?

„איז דאס די פרוכט בלויז פון דערציאונג, פון וועלכער מיר וואגן ניט זיך אפצוזאגן, ווי אייניגע שרייבער באהויפטן דאס איצטער, און צייטנווייז האבן דאס אויך פריער באהויפטעט אייניגע לייקענער פון מאראל; אדער דאס מאראלע באוואוסטזיין אין מענשן איז די פרוכט פון זיין נאטור גופא? אין דעם לעצטן פאל, איז ניט די מאראל א פרינציפ, וואס איז איינגעווארצלט געווארן ווי א פועל־יוצא פון זיין געזעלשאפטליך לעבן גופא אין פארלויף פון פילע טויזנטער יארן?

„לסוף, אויב דאס איז אזוי, דארף מען דאס דאזיגע באוואוסט־זיין אנטוויקלען און איינוווארצלען, אדער עס וואלט גאר בעסער גע־ווען דאס אויסצואווארצלען און דערמונטערן די אנטוויקלונג פון די געגנגעזעצטע געפילן פון אייגנליבע (עגאאיזם), וועלכע שטעלן

אויף די פאַרלייקענונג פון יעדער מאָראַל אלס א ווינשנסווערטע זאַך, ווי א אידעאַל פון דעם אנטוויקלטן מענשן ?"

דאָס זיינען פראַגן, וואָס די דיינקער פון דער מענשהייט באַשעפטיגן זיך מיט זייער לייזונג שוין מער איידער צוויי טויזנט יאָר, און גיבן פעריאָדיש אזוינע ענטפערן, וואָס זיינען אמאָל גענייגט צו איין לייזונג, אמאָל צו אַנאַנדערער. פון די דאָזיגע פאָרשונגען איז צונויפגעשטעלט געוואָרן א גאַנצע וויסנשאַפט, די עטיק, וועלכע קומט זיך פון איין זייט נאָענט צוזאמען מיט דער סאָציאָלאָגיע, און פון דער אנדער זייט מיט דער פסיכאָלאָגיע, ד. ה. מיט דער וויסנשאַפט וועגן די פילנדע און דיינקענדע פייאיגקייטן פונם מענשן.

אין דער ווירקליכקייט, ווערן אין דער עטיק די אלע נאָר־וואָס דערמאָנטע פראַגן צונויפגעפירט צו צוויי הויפט אויפגאבן: 1) פעסטשטעלן די אָפּשטאַמונג פון די מאָראַלע באַגריפן און געפילן; 2) באַשטימען די הויפט יסודות פון מאָראַליטעט און אויסארבעטן אויף דעם אופן א געהעריגן, ד. ה. אזוינעם וואָס זאָל פאַרענטפערן דעם צוועק, מאָראַלן אידעאַל.

אויף דעם האָבן געאַרבעט און ארבעטן די דיינקער פון אלע פעלקער, און דעריבער וועל איך פּרובירן געבן, איידער איך וועל באַשרייבן מיינע אייגענע שלוסן מכח די דאָזיגע פראַגן, אן איבערבליק פון די שלוסן, צו וועלכע עס זיינען געקומען די דיינקער פון די פאַרשיידענע שולן.

צו דעם וועלן מיר איצטער אריבערגיין, און דערביי וועל איך ציען באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט אויף דער אנטוויקלונג פון די באַגריפן וועגן גערעכטיגקייט, וועלכע, אויב איך האָב קיין טעות ניט, ליגט אין גרונט פון יעדער מאָראַל און שטעלט פאָר דעם אויסגאַנג־באַגריף אין די פּראַקטישע שלוסן פון יעדער מאָראַלער פילאָסאָפיע — אָבוואויל דאָס איז נאָך ווייט ניט אנדערקענט פון דעם רוב דיינקער, וואָס האָבן געשריבן וועגן עטיק.

## פינפטער קאַפּיטל.

# די אַנטוויקלונג פון די מאָראַלע לערען — דאָס אַלטע גריכנלאַנד.

די מאָראַלע באַגריפן פון די אַלטע גריכן. — די מאָראַל־לערע פון די סאָפיסטן. — סאָקראַטעס. — פּלאַטאָ. — אַריסטאָטעל. — עפּיקורוס. — די סטאָאיקער.

מיר האָבן געזען אין פאָריגן קאַפּיטל, אַז ביי די גאַנץ פּרימי־טיווע פעלקער אַרבעט זיך אויס אַן אייגענער אַרט געזעלשאַפטליך לעבן און עס ווערן געשאַפן אייגענע פּינקטליך אָפּגעהיטע זיטן און מנהגים — אייגענע באַגריפן וועגן וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, וואָס מען טאָר ניט טאָן און וואָס מען דאַרף טאָן אין פאַר־שיידענע פאַלן. מיט איין וואָרט, עס אַרבעט זיך אויס אַן אייגענע מאָראַל, אַן אייגענע עטיק.

אַ טייל פון אַזוינע לעבענס רעגעלן ווערט אוועקגעשטעלט אונ־טער דעם שוץ פון מנהג. מען דאַרף דאָס־און־דאָס ניט טאָן, ווייל דאָס וואָלט געווען „ניט גוט“, אָדער „ניט שיין“: דאָס וואָלט געמיינט אַ פיזישע שוואַכקייט אָדער אַ שוואַכקייט פון כאַראַקטער. עס זיינען אָבער אויך פאַראַן שווערערע האַנדלונגען און שטרייַנגערע רעגעלן. דער וואָס איז עובר אויף זיי, ווייזט אַרויס ניט נאָר אומווינשנסווערטע כאַראַקטער־שטריכן, נאָר ער ברייַנגט אויך שאָדן צו זיין שטאַם. אויף דעם וואוילזיין פון שטאַם גיט שוין אכטונג דער גאַנצער קהל פון די פאַרשטאָרבענע אור־עלטערן, און אויב איינער איז עובר אויף די לעבענס־רעגעלן, וואָס זיינען איינ־געשטעלט געוואָרן פון דור צו דור, זיינען די פאַרשטאָרבענע אור־עלטערן זיך נוקם ניט נאָר אָן דעם, וואָס האָט איבערגעטראָטן זייערע געבאָטן, נאָר אויך אָן דעם גאַנצן שטאַם, וואָס האָט דער־

לאָזט די צושטערונג פון די אַלטע תקנות. * די טירן־וועלט, ווי מיר האָבן געזען אין צווייטן קאַפּיטל, העלפט דעם גוטן און גע־רעכטן מענטש און שטערט אויף אַלערליי אופנים דעם שלעכטן און אומגערעכטן; אָבער דאָרטן, וואו דער גאַנצער שטאַם באַטייליגט זיך אין טאָן שלעכטעס און אומגערעכטעס, מישן זיך שוין אריין די נאַטור־קרעפטן, אין דעם געשטאַלט פון גוטע און שלעכטע באַשעפענישן, מיט וועלכע די פאַרשטאָרבענע אורעלטערן פון מענטשן געפינען זיך אין געוויסע באַציאונגען. ביי די פרימיטיווע פעלקער בכלל, א סך מער ווי ביי די געבילדעטע, אידענטיפיצירט זיך יעדער מיטגליד פון שטאַם מיט דעם גאַנצן שטאַם זיינעם; אין דער שטאַם־נקמה, וואָס עקזיסטירט און האָט עקזיסטירט, ווי עס איז באַוואוסט פון דער געשיכטע, ביי אַלע פרימיטיווע פעלקער, איז יעדערער פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלעמען און אַלע פאַר יעדערן פון זיינע שטאַם־קרובים.

דער מנהג, ד. ה. די געוויינהייט צו לעבן אויפן אַלטן שטייגער, די מורא פאַר ענדערונגען און די אינערציע פון דיינקען, שפּילן פאַלגליך די הויפּט ראָליע אין דער אויפהאַלטונג פון די איינגעשטעל־טע רעגעלן פון געמיינשאַפטליכן לעבן. צופעליגע אָפּנייגונגען זיי־נען אָבער אַלעמאָל מעגליך, און כדי אויפצוהאַלטן אין דער גאַנצער דיינקייט דעם איינמאָל שוין איינגעשטעלטן שטייגער פון לעבן, נעמען אָן די זקנים, די וואָרזאָגער, די שאַמאַנען דעם מיטל פון אָנשרעקן. זיי סטראַשען די פאַרברעכער קעגן די מנהגים מיט דער נקמה פון די אור עלטערן און פאַרשיידענע גייסטער, וואָס פילן אָן די וועלט פון רוחות. דער באַרג־ אָדער וואַלד־גייסט, די שניי־אָפּריסן, די שטורם־געוויטערן, פאַרפּלייצונגען, מגיפות א. ד. גל. שטעלן זיך אויף צום שוץ פון דעם פאַרשוועכטן מנהג. און כדי אונטערצוהאַלטן אָט די מורא פון נקמה פאַר עובר זיין די רעגעלן און מנהגים, ווערן איינגעשטעלט הייליגע דינסט־פאָרמען, וואָס דריקן אויס אונטערטעניגקייט צו די נאַטור־קרעפטן, ווערן גע־

---

* וועגן דעם דאָזיגן גלויבן אין דעם „גרויסן קהל" געשטאָרבענע, וואָס גיט אַכטונג אויף די לעבעדיגע. זע דעם פריער דערמאָנטן ווערק פון עלי רעקליו (דעם געאָגראַף רעקליו'ס ברודער) וועגן די פרימיטיווע פעל־קער, („לע פרימיטיף").

בראכט קרבנות צו די דאזיגע קרעפטן און עס ווערן דורכגעפירט פארשיידענע האלב־טעאטראלישע צערעמאניעס. *

די מאראל ווערט אויף דעם אופן אוועקגעשטעלט אונטערן שוץ פון די פארגעטערטע קרעפטן, און די אונטערטעניקייט צו אט די קרעפטן לייגט זיך צוזאמען אין א רעליגיע, וועלכע פארהייליגט און פארפעסטיגט די מאראלע באגריפן. **

אונטער אזוינע אומשטענדן ווערט דאס מאראלע אינם מענשן אזוי איינג פארבונדען מיט מיטאלאגיע און רעליגיע, אז עס ווערט זייער שווער אפצוטיילן דאס מאראלע פון די מיסטישע געבאט פון אויבן און פון דער רעליגיע בכלל; און די פאראייניגונג פון מאראל מיט רעליגיע, וואס האט זיך אויסגעארבעט אין פארלויף פון דורות, האלט זיך נאך דעריבער ביז אויף היינטיגן טאג.

פונקט ווי אלע פרימיטיווע פעלקער האבן די אלטע גריכן א לאנגע צייט זיך פארגעשטעלט די הימלשע ליכטער און די גרויזאמע נאטור ערשיינונגען אין דעם געשטאלט פון מעכטיגע באשעפענישן אין מענשליכער פארם, וואס מישן זיך שטענדיג אריין אין לעבן פון מענשן, און א וואונדערבארער מאנומענט פון יענע צייט האט דערגרייכט צו אונז אין דער „איליאדע". פון איר זעט מען, אז די מאראלע באגריפן פון יענער צייט האבן געטראגן דעמזעלביגן כאראקטער, וואס מיר טרעפן נאך היינט אן ביי א סך ווילדע. אן

* איניגע אמעריקאנער פארשער רופן אן די דאזיגע צערעמאניעס „טענץ", בעת אויף אן אמת'ן האבן זיי א סך א וויכטיגערן זין אידער אן איינפאכער צייט־פארטרייב. דורך זיי ווערן אויפגעהאלטן די איינגעשטעלטע מנהגים פון געעיג און פיש־פאנג, ווי אויך דער גאנצער שטייגער פונ'ם שטאם־לעבן.

** פראפעסאר וועסטערמארק, אין א גרויסן ווערק, וואס איז געבויט אויף א באקאנטשאפט מיט די איינוואוינער פון מאראקא, ווי אויך אויף דעם סטודיום פון דער רייכער ליטעראטור וועגן די פרימיטיווע פעלקער, האט באוויזן וואס פאר א באדייטונג די „קללה" האט געהאט און האט נאך איצטער פאר דער פארפעסטיגונג פון די אבליגאטארישע זיטן און מנהגים. אן דעם מענשן, וואס איז פארשאלטן געווארן פון זיין פאטער אדער זיין מוטער, אדער פון דעם גאנצן שטאם, אדער אפילו פון אן איינצעלנעם מענשן (פאר וואס ער האט זיך אפגעזאגט אים צו העלפן, אדער פאר א באליידיגונג), זייען זיך נוקם די אומגעזעהענע גייסטער, די שאטנס פון די אורעלטערן און די קרעפטן פון דער נאטור.

עבירה אַנטקעגן דאָס, וואָס האָט זיך דאַן גערעכנט פאַר מאָראַליש, איז באַשטראָפט געוואָרן פון די געטער, און יעדערער פון זיי האָט פּערזאָניפיצירט די אָדער יענע נאַטור־קראַפט אין אַ מענשליכן געשטאַלט.

בעת אָבער אַ סך פעלקער זיינען נאָך לאַנג פאַרבליבן אויף דער דאָזיגער שטופע פון אַנטוויקלונג, האָבן אין אַלטן גריכנלאַנד שוין אין עטליכע הונדערט יאָר אַרום נאָך די צייטן, וואָס זיינען באַזונגען געוואָרן אין דער איליאַדע, ד. ה. אין עפּעס מער ווי זעקס הונדערט יאָר פאַר דעם אָנהויב פון אונזער צייט־רעכענונג (אין זיבעטן און זעקסטן י. ה. פאַר קריסטוס געבורט), זיך אָנגעהויבן באַווייזן דיינקער, וואָס האָבן געשטרעבט צו באַפעסטיגן די מאָראַלע באַגריפן אין מענשן ניט בלויז אויף דעם שרעק פאַר די געטער, נאָר אויך אויף דעם יסוד פון פאַרשטיין זייער אייגענע נאַטור: אויף זעלבסטאַכטונג, אויף דעם געפיל פון דער אייגענער ווירדע און אויף דער דערקענטניש פון די העכערע גייסטיגע און מאָראַלע צוועקן.

די דאָזיגע דיינקער האָבן שוין דאַמאָלסט זיך צעטיילט אין עטליכע שולן. אייניגע האָבן געזוכט צו דערקלערן די גאַנצע נאַטור, און ממילא אויך דאָס מאָראַלע אינם מענשן, בדרך הטבע, ד. ה. על־פּי נאַטור־דערקענטניש און דערפאַרונג — ווי עס פירט זיך איצטער אין די נאַטור־וויסנשאַפטן. אַנדערע ווידער האָבן באַהויפּטעט, אַז די אַנטשטייאונג פון דער וועלט און איר לעבן קאָנען ניט דערקלערט ווערן בדרך הטבע, וואָרום די וועלט, וואָס מיר זעהען, איז אַ באַשאַף פון א י ב ע ר ־ נאַטירליכע קרעפטן. זי שטעלט פאַר זיך פאַרקערפּערונג פון עפּעס־וואָס, פון וועלכע עס איז קרעפטן אָדער „וועזנס“, וואָס ליגן פון דרויסן פון דאָס, וואָס איז צוגיינגליך פאַר דעם מענשנס באַאָבאַכטונג. איז בכן קאָן ניט דער מענש דערקענען די וועלט דורך די איינדרוקן, וועלכע ער באַקומט פון דער אויסערליכער וועלט, זאָנדערן נאָר דורך אַבסטראַקטע אָנשויאונגען — דורך „מעטאַפיזיקע“. *

פונדעסטוועגן האָבן די דאַמאָלסדיגע דיינקער געזען אין די דאַ־

*) מעטאַפיזיקע הייסט אויף גריכיש „אויסער פיזיקע“, ד. ה. אויסער די גרעניצן פון דאָס, וואָס געהערט צו פיזיקע. אַזוי האָט אַריסטאָטל אָנגערופן איין אָפּטייל פון זיינע ווערק.

זיגע „וועזענס“, וואָס זיינען פאַרדעקט פון אונזער בליק און פאַר־
שטאַנד, די פּערזאָניפיקאַציע פון אַן „אַלערהעכסטע פאַרנונפט“,
„וואָרט“ (לאָגאָס אָדער פאַרנונפט), „אַלערהעכסטן ווילן“ אָדער
פון א „וועלט־נשמה“, וועגן וועלכע דער מענש האָט זיך געקאָנט
מאַכן א באַגריף נאָר על־פּי דערקענטניש פון זיך אַליין. וויפיל
ער אבסטראקטער דיינקער־מעטאַפיזיקער האָט זיך ניט געמיט
צו פאַרגייסטיגן די דאָזיגע פייאיגקייטן און צושרייבן צו זיי אַן
איבערמענשליכע און אפילו איבערנאַטירליכע עקזיסטענץ, האָט
ער זיי פונדעסטוועגן זיך פאָרגעשטעלט, פונקט ווי די געטער פון
אַלטערטום, אין דעם צלם און דמות פונם מענשליכן שכל און די
מענשליכע געפילן, און האָט באַקומען עפּעס א דערקענטניש וועגן
די דאָזיגע פייאיגקייטן און געפילן טאַקע נאָר דורך באַאָבאַכטונגען
אויף זיך אַליין און אויף אַנדערע מענשן. די פאָרשטעלונג וועגן
דער גייסטיגער איבערנאַטירליכער וועלט האָט אויף דעם אופן
אַלץ געטראָגן אין זיך די שפּורן פון דער גאַנץ פרימיטיווער פאַר־
מענשליכונג פון דער נאַטור. האָמער׳ס געטער האָבן זיך צוריק־
געקערט — נאָר אין מער פאַרגייסטערטע קליידער.

מען מוז אָבער זאָגן, אַז די מעטאַפיזישע פילאָסאָפיע, אָנ־
הויבענדיג שוין פון די צייטן פון אַלטן גריכנלאַנד ביז צו דער היינ־
טיגער צייט, האָט געפונען הויך־באַגאַבטע נאָכפאָלגער. זיי האָבן
זיך ניט באַנוגנט מיט דער באַשרייבונג פון די הימלשע ליכטער
און זייערע באַוועגונגען, פון דונערן און בליצן, פאַלנדיגע שטערן,
אָדער פון לעבעדיגע געוויקסן און חיות, נאָר האָבן געשטרעבט
צו פאַרשטיין די אונז אַרומרינגלדיגע נאַטור ווי א וועלט־
גאַנצעס; און דעריבער האָט זיך זיי איינגעגעבן אויפצוטאָן
א סך פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט בכלל. די ערשטע
דיינקער פון דער מעטאַפיזישער ריכטונג האָבן שוין פאַרשטאַנען —
און דאָס איז געווען זייער גרויסע פאַרדינסט — אַז ווי מען זאָל
ניט דערקלערן די נאַטור דערשיינונגען, קאָן מען אין זיי ניט
זען קיין מוטווילן פון וועלכע עס איז וועלט־הערשער.
קיין מוטווילן און ליידנשאַפט פון געטער, קיין בלינדע צופעליקייטן
זיינען ניט בכח צו דערקלערן דאָס לעבן פון דער נאַטור. מיר זיי־
נען געצוואונגען אָנצודערקענען, אַז יעדע דערשיינונג אין דער
נאַטור — דאָס פאַלן פון א וועלכן עס איז שטיין, דאָס פליסן פון

א וועלכן עס איז טייך, דאָס לעבן פון א געוויסן בוים אָדער פון א חיה, שטעלן מיט זיך פאַר נויטיגע אַרויסווייזונגען פון די איינגנשאַפטן פון דעם גאַנצן וועלטאַל, פון דער גאַנצער באַלעבטער און ניט באַלעבטער נאַטור. זיי באַווייזן זיך אַלס אומפאַרמיידליכע און לאָגישע פאָלגן פון דער אַנטוויקלונג פון די גרונט איינגנשאַפטן פון דער נאַטור און פון דעם גאַנצן לעבן, וואָס איז פאָרגעקומען פריער. און אָט די געזעצן קאָן דער מענש־ליכער שכל אנטדעקן. מיט אָט דעם כח האָבן די דיינקער־מאַטאַפי־זיקער ניט זעלטן פאָראויסבאַרימט די אַנטדעקונגען פון דער וויסנ־שאַפט, אַרויסזאָגנדיג זיי אין א פּאָעטישער פאָרם. ווירקליך, א דאַנק דעם דאָזיגן פאַרשטיין פונם לעבן פון דער וועלט, האָבן איי־ניגע גריכישע דיינקער, ניט קוקנדיג אויף זייער מעטאַפיזיקע, שוין אין פינפטען יאָהרהונדערט פאַר אונזער היינטיגער ציטרעכענונג, אַרויסגעזאָגט אַזוינע השערות וועגן די נאַטירליכע דערשיינונגען, אַז מען קאָן זיי אָנרופן פאָרלויפער פון דער היינטיגער וויסנ־שאַפטליכער פיזיק און כעמיע. אַזוי אויך דערנאָך, אין מיטל־אַלטער און שפּעטער, ביזן זיבעצענטען יאָרהונדערט, זיינען גע־מאַכט געוואָרן וויכטיגע אנטדעקונגען אויך פון אַזוינע פאָרשער, וועלכע האָבן געהאַלטן מעטאַפיזישע אָדער אפילו ריין רעליגיעזע מיינונגען אין דער דערקלערונג פון דעם גייסטיגן און באַזאָנדערס פון דעם מאָראַלען לעבן פונם מענשן, אָבער זיינען געגאַנגען אויפן וויסנשאַפטליכען מעטאָד אין דער פאָרשונג פון די פיזישע וויסנ־שאַפטן.

צוזאַמען דערמיט האָט די רעליגיע אויך ביסלאַכווייז באַקומען א מער גייסטיגן כאַראַקטער. אנשטאָט דער פאָרשטעלונג פון באַ־זונדערע מענשן־ענליכע געטער, האָבן זיך באַוויזן אין גריכענ־לאַנד, באַזונדערס ביי די נאָכפאָלגער פון פּיטהאַגאָראַס, באַגריפן וועגן וועלכע עס איז אַלגעמיינע קרעפטן, וואָס באַשאַפן דאָס לעבן פון דער וועלט. אָט אַזוי איז געווען די פאָרשטעלונג וועגן „פייער“, (ד. ה. די היץ־שאַפונג), וואָס דרינגט דורך די גאַנצע וועלט; וועגן „די צאָלן“ (ספירות), ד. ה. די מאַטעמאַטישע געזעצן פון באַוועג־גונג; וועגן „האַרמאָניע“, ד. ה. וועגן דער געזעצמעסיקייט אין לעבן פון דער נאַטור; דערביי איז פון דער אַנדער זייט געבאָרן געוואָרן דער געדאַנק וועגן אַן איינציגן וועזן, וואָס פירט די גאַנצע

וועלט. עס האָבן זיך אויך באַוויזן אָנדייטונגען אויף א „וועלט־אמת“ און „גערעכטיקייט“.

עס זעט אבער אויס, אז לאַנג זיך באַנוגענען מיט אזוינע אבּ־סטראַקטע באַגריפן האָט די גריכישע פילאָסאָפיע ניט געקאָנט; און שוין מער ווי פיר הונדערט יאָר פאַר אונזער צייטרעכענונג האָבן פון איין זייט זיך באַוויזן די סאָפיסטן און אַמאָראַליסטן (וואָס האָבן ניט אנדערקענט קיין התחיבות פון מאָראַלע פאָדערונגען), און פון דער אנדער זייט דיינקער ווי ס אָ ק ר אַ ט ע ס און פּ ל אַ ט אָ (אין פינפטען יאָרהונדערט), אַ ר י ס ט אָ ט ע ל (אין פערטן) און ע פּ י ק ו ר ו ס (אין דריטן י. ה.) וועלכע האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער עטיק, ד. ה. פון דער לערע וועגן דאָס מאָראַלע, וואָס האָט נאָך ניט פאַרלאָרן איר באַדייטונג ביז היינטיגן טאָג.

די שריפטן פון דעם סאָפיסט פּראָטאַגאָראַס (געבוירן ארום דעם יאָר 480 פאַר אונזער ערא) זיינען אונז אנגעקומען אין פראַג־מענטן, און דעריבער קאָן מען זיך ניט מאַכן קיין גאַנצע פאָרשטע־לונג וועגן זיין פילאָסאָפיע. עס איז נאָר באַקאַנט, אז צו רעלי־גיעס האָט ער זיך פאַרהאַלטן נעגאַטיוו און די מאָראַל גופא האָט ער געהאַלטן פאַר א זאַך, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן פון די מענש־ליכע געזעלשאַפטן: דידאָזיגע מאָראַל איז דעריבער נאָך זיין מיי־נונג א פּועל יוצא פון דער גאַנצער אנטוויקלונג פון א געגעבענעם פאָלק אין א געוויסער עפּאָכע. דערפון נעמט זיך, וואָס די מאָראַלע רעגעלן זיינען ניט גלייך ביי פאַרשיידענע פעלקער. פון דעם איז ארויסגעפירט געוואָרן דער שלוס, אז גוטס און שלעכטס זיינען רע־לאַטיווע באַגריפן.

פּראָטאַגאָראַס איז ניט געווען דער איינציגער, וואָס האָט גע־פּריידיגט אזוינע אידייען, און באַלד איז אין גריכנלאַנד געשאַפן גע־וואָרן א גאַנצע שולע פון ס אָ פּ י ס ט ן, וועלכע האָבן אנטוויקלט ענליכע געדאַנקען.

בכלל באַמערקן מיר ניט אין אַלטן גריכנלאַנד קיין נייגונג צו א אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע; דאָרט האָט פאַרגעהערשט א שטרעבונג צו ט אָ ט ן, צו אן אויסבילדונג פון ו ו י ל ן, צו א טעטיגן באַטייליגן זיך אין געזעלשאַפטליכן לעבן און ארויסצו־

ברייגגען א גייסטיג שטארקן און ענערגישן מענשן. דער גלויבן אין געטער, וועלכע דירעקטירן די מענשנס האנדלונגען, איז אפגעשטאָרבן. דער גאנצער לעבנס איינשטעל פון דעם דאמאָלדיגן גריכנלאַנד, וואָס איז באשטאנען פון ניט קיין גרויסע, אומאָפּהענגיקע רעפּובליקן, דער דאָרשט צו קענען די נאַטור און די באקאנטשאפט מיט דער ארומיגער וועלט, א דאַנק די ארומרייזונגען און דער קאָלאָניזאציע — דאס אלעס האָט געצויגן דעם מענשן צו דער באהויפּטונג פון זיין אייגענעם „איך", צו דער פארלייקענונג פון דער הערשאַפט פון מנהג און גלויבן, צו דער באפרייאונג פונם פארשטאַנד. און צוגלייך דערמיט איז פאָרגעקומען א שנעלע אנטוויקלונג פון די וויסנשאַפטן — נאָך מער וואונדערבאַר דערמיט, וואָס אין עטליכע הונדערט יאר שפּעטער, שוין אין דער רוימישער אימפּעריע, און באזונדערס נאָך דעם איבערפאַל פון די באַרבאַרן, וואָס האָבן זיך געצויגן אויף איראָפּא פון אזיע, איז די וויסנשאַפטליכע אנטוויקלונג אָפּגעשטעלט געוואָרן אויף פילע יאָרהונדערטן ביי דער גאַנצער מענשהייט.

די גייסטיגע באוועגונג, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן פון די סאָפיסטן, האָט זיך ניט געקאָנט לאנג האלטן אין דערזועלביגער פאָרם. זי האָט אומפארמיידליך געפירט צו א טיפערער אויספאָרשונג פונם מענשן — פון זיין דיינקען, פון זיינע געפילן, פון זיין ווילן און זיינע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, ווי אויך פון דעם גאַנצן אלוועלטליכן לעבן, ד. ה. פון דער גאַנצער נאַטור בכלל. און ביי אזא אויספאָרשונג האָט די אויבערפלעכליכע באציאונג פון די סאָפיסטן צו די מאָראַלע פראַגן באַלד אויפגעהערט צופרידן צו שטעלן די דיינקנדע מענשן. דערצו האָט די אנטוויקלונג פון די וויסנשאַפטן, באפרייענדיג דעם מענשן פון דער קנעכטישער אונטערטעניקייט צו דער רעליגיע און דעם מנהג, געפירט אויסצואַרבעטן די יסודות פון דער מאָראַל אויפן וועג פון עקספּערימענטאַלן וויסן, א סך פולער איידער די סאָפיסטן האָבן עס געקאָנט טאָן מיט דער הילף פון דער דיאַלעקטיק.

דאס אלעס צוזאמענגענומען האָט אונטערגעגראָבן די פילאָסאָפיע פון פשוטער פארנייגונג.

אין נאָמען פון אמתן וויסן איז געגן די סאָפיסטן ארויסגע־

טראַטן סאָקראַטעס (געב. אין יאָר 469, געשט. אין 399טען יאָר פאַר קריסטוס געבורט). ער האָט געהאַלטן מיט זיי אין זייערע רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען, נאָר ער האָט געזוכט א פעסטערן שטיצפּונקט, אויף וועלכן צו באַגרינדן די מאָראַל, איידער די אויבערפלעכליכע קריטיק פון די סאָפיסטן. פאַרבלייבנדיג א רעוואָלוציאָנער אין דער רעליגיע און אין דער פילאָסאָפיע, האָט ער אַלץ צוגעפירט צו דעם העכערן פאַרשטאַנד פונם מענשן און צו זיין אויסאַרבעטן א אינערליכע האַרמאָניע צווישן דעם שכל און די פאַרשיידענע געפילן און לײדנשאַפטן. סאָקראַטעס, פאַרשטייט זיך, האָט ניט אָפּגעלייקנט די „טוגענד", נאָר ער האָט זי פאַרשטאַנען זייער ברייט, אַלס פייאיקייט צו מאַכן פאָרטשריט אין דער גייסטיגער אנטוויקלונג, אין די קונסטן און אין שאַפונג, וואָס צו דעם איז קודם כל נויטיג וויסן — ניט אזוי נאַטורוויסנשאַפטליך וויסן, ווי א פאַרשטענדעניש פון געזעלשאַפטליכן לעבן און די געגנזייטיגע שייכותן צווישן מענשן. די טוגענד, האָט ער געלערנט, איז אונז ניט געגעבען געוואָרן פון די געטער, נאָר זי איז געבויט אויף אונזער וויסן וואָס עס איז ווירקליך גוט און וואָס עס מאַכט מעגליך פאַר מענשן צו לעבן ניט אַנגרייפנדיג די אַנדערע, נאָר זיין געערכט צו זיי: ד.ה. דינען דער געזעלשאַפט און ניט זיך אַליין. אַחוץ דעם איז א געזעלשאַפט ניט דיינקבאַר.

נאָך פולער האָט דערקלערט דידאַזיגע אנשויאונגען און זיי באַגייסטערט מיט אַן אידעאַליסטישן באַגריף פון דאָס מאָראַלע סאָקראַטעסעס תלמיד פלאַטאָ (געב. אין 428טען יאָר, געשט. אין 348טען יאָר פאַר קריסטוס). ער האָט נאָך טיפער אריינגעקוקט אין דעם עצם פון דאָס מאָראַלע, הגם געדיינקט האָט ער ווי א מעטאַפיזיקער. ניט שטעלנדיג זיך פאַר אַן אויפגאַבע איבערצוגעבן פּלאַטאָס געדאַנקען אין זייער אַבסטראַקטער פאָרם, נאָר האַלטנדיג זיך בלויז אַן זייער תמצית, קאָן מען זיין לערע אויסדריקן אזוי: — אין דער נאַטור גופא עקזיסטירן די אידייען פון גוטעם און גערעכטיקייט. אין לעבן פון דער וועלט איז פאַראַן א סך שלעכטס און אומגערעכטס, אבער צוזאַמען מיט דעם זיינען

אוועקגעלייגט די יסודות פון אַלעם גוטעס. פּלאַטאָ האָט געזוכט צו דערקלערן דאָס דאָזיגע גוטע און גערעכטע און צו באַווייזן זיין גאַנצע קראַפט, כדי דאָס זאָל ווערן דער לייטנדער פּאַדים אין דעם לעבן פון די מענשן.

ליידער אבער, אנשטאט צו גיין אויפן וועג, וואָס האָט זיך שוין אָנגעמערקט דאַמאָלסט אין גריכנלאַנד, און צו באַווייזן אויף וואָסער אופן ,י יסודות פון דאס מאָראַלע און גוטע פליסן ארויס פונם לעבן פון דער נאַטור גופא, פון דער געזעלשאַפטליכקייט פון די מענשן און פון דעם צונויפשטעל פון זייער פאַרשטאַנד — פון דאָס מיטגעבווירענע, אזוי גוט ווי פון דאס, וואָס האָט זיך אויסגע־אַרבעט דורך דעם געזעלשאַפטליכן לעבן — האָט פּלאַטאָ געזוכט די יסודות פון דאָס מאָראַלע דרויסן פון דער וועלט: אין דער אידעע, וואָס איז אריינגעלייגט געוואָרן אין געבוי פון וועלטליכן לעבן, אָבער דריקט זיך אין איר ניט אויס פולשטענ־דיג באַשטימט.

טראָץ די אומצייליגע אויסטייטשונגען פון פּלאַטאָס אַב־סטראַקטע געדאַנקען, איז דאָך שווער צו דערגיין דעם עיקר פון זיין דיינקען. עס וועט אבער זיכער קיין טעות ניט זיין צו זאָגען, אז אָט דער גרויסער גריכישער דיינקער, מיט זיין טיפן באַגריף פון דער איינגער פאַרבינדונג צווישן דעם לעבן פון דער מענשהייט מיט דעם גאַנצן לעבן פון דער נאַטור, האָט ניט געקאָנט דערקלערן דאָס מאָראַלע אינם מענשן בלויז דורך דעם פשוטן זוכן פון דאָס, וואָס איז יעדערן פערזענליך אנגענעם, ווי די סאָפיסטן האָבן דאָס גע־טאָן. נאָך ווייניגער האָט ער געקאָנט האַלטן דאָס מאָראַלע אַלס אַ צופעליגן פּראָדוקט פון געזעלשאַפטליכקייט, בלויז דערפאַר וואָס עס האָט אנגענומען פאַרשיידענע פאָרמען אין פאַרשיידענע ערטער צו פאַרשיידענע צייטן. ער האָט געמוזט זיך שטעלן די פראַגע, און האָט זי פּאַקטיש געשטעלט: — פאַרוואָס־זשע קומט עס אזוי אויס, אז ווען אפילו דער מענש פירט זיך אויף לויט דעם צוועק פון זוכן דאָס, וואָס איז אים פערזענליך אנגענעם, דערגייט ער פונדעסט־וועגן ביז צו מאָראַלע באַגריפן, וועלכע זיינען אין עצם די איי־גענע ביי פאַרשיידענע פעלקער אין פאַרשיידענע צייטן, היות ווי זיי שטעלן אויף אַלס ווינשנסווערט אַלעמעס גליק?

פאר וואס אידענטיפיצירט זיך סוף כל סוף דאס פ ע ר ז ע נ־ל י כ ע גליק מיט דעם גליק פון דעם ר ו ב מ ע נ ש ן? פאר־וואס איז דאס ערשטע אוממעגליך אהן א מער אלגעמיינעם צווייטן, און וואס איז עס וואס פארוואנדלט דעם מענשן פון א זיך־ליבנדען באשעפעניש אין א באשעפעניש, וואס קאן זיך רעכענען מיט די אינטערעסן פון אנדערע מענשן און אפטמאל אפפערן פאר זיי מיט זיין פערזענליכן גליק און לעבן?

ווי סאקראטעס'עס א תלמיד האט פלאטא שוין ניט געקאנט צושרייבן די אנטשטייאונג פון דעם באגריף וועגן גוטעס צו די איינפלוסן פון די געטער: פון דונער, זון, לבנה און דערגלייכן, ד. ה. פון די נאטור־קרעפטן פארגעשטעלט אין מענשליכע גע־שטאלטן; און ביי דעם דאמאלסטדיגן אנפאנגדיגן צושטאנד פון דער וויסנשאפט וועגן מענשליכע געזעלשאפטן האט ער ניט גע־קאנט זוכן די דערקלערונג פון גוטעס, ווי מיר זוכן און געפינען איצטער, אין דער שטופנארטיגער אנטוויקלונג פון געזעלשאפט־ליכקייט און פון דעם געפיל פון גלייכבארעכטיגונג. ער האט גע־פונען דעריבער זייער דערקלערונג אין דער א י ד ע ע, אין עפעס אן אבסטראקטעם, וואס דרינגט דורך די גאנצע וועלט, די גאנצע וועלטשאפונג, און ממילא אויך דעם מענשן. — „אין דער וועלט קאן זיך ניט באווייזן קיין זאך, וואס איז ניט אריינגעטאן גע־ווארן אין דעם לעבן פון דאס גאנצע", — אט דאס איז געווען זיין גרונט־געדאנק: א פולשטענדיג ריכטיגער פילאסאפישער געדאנק. דאך אבער האט ער ניט געצויגן פון אים דעם פולן שלום. גע־דארפט האט ער, דאכט זיך, ארויספירן דעם שלום, אז וויבאלד דעם מענשנס פארשטאנד זוכט גוטעס, גערעכטיקייט, ארדענונג, אלם די „געזעצן פון לעבן", זוכט ער זיי דערפאר, ווייל ד א ס א ל ץ א י ז פ א ר א ן א י ן ד ע ם ל ע ב ן פ ו ן ד ע ר נ א ט ו ר, ווייל דעם מענשנס שכל שעפט פון איר די יסודות פון גוטעס, גערעכטיגקייט און א געזעלשאפטליכן לעבן. אנשטאט דעם איז פלאטא, הגם ער האט געשטרעבט צו באפרייען זיך פון די מעותן פון זיינע פארגייענגער, גאר געקומען צום שלום, אז דעם מענשנס זוכענעש נאך עפעס בעסערס איידער דאס וואכעדיגע לעבן, ד. ה. זיין זוכן גוטעס און גערעכטיקייט, געפינט א דער־קלערונג און א שטיצע ניט אין דער נאטור, נאר אין עפעס אזוינס,

וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט פון אונזער דערקענטעניש, פון אונזערע געפילן און דערפאַרונג, — אין דער וועלט־אידעע.

עס איז פאַרשטענדליך, ווי אַזוי שפּעטער די נעאָפּלאַטאָניקער און דערנאָך דאָס קריסטנטום האָבן זיך באַנוצט מיט אַזאַ שלום פון דעם קלוגן און סימפּאַטישן גריכישן דיינקער — צוערשט פאַר דעם מיסטיציזם און דערנאָך פאַר דער באַגרינדונג פון דעם מאַ־נאָטעאיזם און פאַר דער דערקלערונג פון אַלע מאָראַלע געפילן אינם מענטשן — אָבער ניט דורך דער נאַטירליכער אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטליכע געפילן און דעם פאַרשטאַנד, נאָר בדרך אַנטפּלעקונג, ד. ה. דורך אַן איינפלוס פון אויבן, וואָס קומט פון אַן אויבערשטן וועזן.

עס איז אויך פאַרשטענדליך, אַז ווײַבאַלד ער האָט זיך ניט אַרײַנגעטראַכט אין דער פראַגע וועגן דער נויטיקייט צו באַגרינדן דאָס מאָראַלע אויף דעם פאַקט גופא פון געזעלשאַפטליכן לעבן, וואָס עס וואָלט אים וואַרשײַנליך געפירט אַנצודערקענען די גלײַכ־באַרעכטיקייט פון מענטשן; ווײַבאַלד ער איז ניט געווען דורכגע־דרונגען פון דעם געדאַנק, אַז די מאָראַלע לערען וועלן קיין מאַכט ניט האָבן, אויב דער געבוי פון געזעלשאַפטליכן לעבן וועט זיי ווידערשפּרעכן — האָט ער אין זײַן „רעפּובליק" אַרויסגעשטעלט אַלס אידעאַל פון אַ געזעלשאַפטליכער אָרדענונג, אַזוי ווי זײַנע פאָרגייער, אַ קלאַסן־רעפּובליק, וואָס איז געבויט אויף דער אונ־טערטעניקייט פון אייניגע קלאַסן צו אַנדערע, אַפילו אויף שקלאַ־פערײַ, אויך אויף טויט־שטראָף.

דערמיט דערקלערט זיך אויך, פאַרוואָס שפּעטער נאָך אים, דורך דער גאַנצער געשיכטע פון דער עטיק אַלס וויסנשאַפט וועגן דער אַנטוויקלונג פון מאָראַלע באַגריפן ביים מענטשן — אַנהויבנדיק פון אַלטן גריכנלאַנד ביז בעקאָן און ספּינאָזאַ — גייט דורך אַלץ דערזעלביגער גרונט־געדאַנק וועגן אַן אויסער מענשליכער און אוי־סער נאַטירליכער אַנטשטייאונג פון דאָס מאָראַלע.

אמת, אייניגע סאָפיסטן, פּלאַטאָס פאָרגייער, זײַנען שוין געקומען צו אַ נאַטירליכער דערקלערונג פון דערשײַנונגען. זיי האָבן שוין דאַמאָלסט געזוכט צו דערקלערן דאָס לעבן פון דער נאַ־טור דורך מעכאַנישע אורזאַכן, ווי די „פּאָזיטיווע" פילאָסאָפיע דערקלערט עס איצטער; און בנוגע די מאָראַלע באַגריפן האָבן איי־

גיגע סאָפיסטן אפילו איינגעזען דעריין אַ נויטיגע פאָלגע פון דעם מענשנס פיזישן געבוי. אבער די וויסנשאַפטליכע קענטעניש פון דער מענשהייט אין יענער עפּאָכע זיינען נאָך ניט געווען גענוגענד צו קאָנען איינשטימען מיט אַזאַ באַגריף וועגן דאָס מאָראַלע, און די עטיק איז פאר אַ לאַנגער צייט געבליבן אונטער דעם שוץ פון דער רעליגיע. ערשט איצטער הויבט זי זיך אָן בויען אויפן גרונט פון דער נאַטורוויסנשאַפט.

ביי יענעם נידעריגן מצב, אויף וועלכן די נאַטורוויסנשאַפט איז דאַמאָלסט געשטאַנען, איז פּלאַטאָ׳ס מאָראַלע לערע נאַטיר־ליך געווען די מער צוגייענגליכע פאר די מערסטע געבילדעטע מענשן. וואַרשיינליך האָט זי אויך איינגעשטימט מיט די נייע רעליגיעזע אַנשויאונגען, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון מזרח, וואו עס האָט זיך שוין יעמאָלט אויסגעאַרבעט דער בודדיזם. דערמיט אַליין אבער וואָלט מען נאָך ניט געקאָנט דערקלערן פּלאַטאָ׳ס איינפלוס, וועל־כער פילט זיך נאָך אפילו אין אונזער צייט. די מעשה איז, וואָס פּלאַטאָ האָט אַריינגעבראַכט אין דער עטיק ד ע ם א י ד ע א ־ ל י ס ט י ש ן ב א ג ר י ף פ ו ן ד א ָ ס מ א ָ ר א ל ע. די „נשמה" האָט ער באַטראַכט ווי אַ באַהעפטונג פון שכל, געפיל און ווילן, פון וועלכע עס פליסן אַרויס חכמה, מוט און איינגעהאַלטנ־קייט פון די ליידנשאַפטן. זיין אידעאַל איז געווען — ליבע, פריינט־שאַפט; אבער דאָס וואָרט ליבע (עראָס) האָט דאַמאָלסט געהאַט אַ ברייטערן זין איידער איצטער, און פּלאַטאָ האָט פאַרשטאַנען אונטער „עראָס" ניט נאָר די געגנזייטיגע צוגעבונדקייט פון צוויי באַשעפענישן, נאָר אויך די געזעלשאַפטליכקייט, וואָס איז געבויט אויף דער איינשטימונג צווישן די שטרעבונגען פון דער פּערזענ־ליכקייט און אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. זיין „עראָס" איז אויך געווען דאָס, וואָס מיר רופן אָן איצטער ג ע ־ ז ע ל י ק י י ט אדער ג ע ג נ ז י י ט י ג ע ר מ י ט ג ע פ י ל, ס י מ פּ א ט י ע — דער דאָזיגער געפיל, וועלכער (ווי מען מוז באַשליסן פון די פאַקטן, וואָס איך האָב אַנגעוויזן אין אַנאַנדער אָרט, פון דעם לעבן פון חיות און פון דער מענשהייט) ד ר י נ ג ט ד ו ר ך ד י ג א נ צ ע וועלט פון לעבעדיגע באַשעפענישן און איז פונקט אַזוי־פיל אַ נויטיגער באַדינג פון זייער לעבן ווי

ד ע ר  א י נ ס ט י נ ק ט  פ ו ן  ז ע ל ב ס ט ד ע ר ה א ל ט ו נ ג. פּלאַטאָ האָט דאָס ניט געוואוסט, ער האָט שוין אָבער געשפּירט די באַדייטונג פון דעמדאָזיגן גרונט־פאַקטאָר פון יעדער פּראָגרע־סיווער אַנטוויקלונג, ד. ה. פון דאָס, וואָס מיר רופן איצטער ע ו ו אָ ל ו צ י ע.

דערצו מוז מען באַמערקן, אַז אויב אַפילו פּלאַטאָ האָט ניט אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון גערעכטיקייט אין דער אויסאַרבע־טונג פון מאָראַל, האָט ער פונדעסטוועגן פאָרגעשטעלט די גערעכ־טיקייט אין אַזאַ פאָרם, וואָס מען מוז ניט ווילנדיג זיך וואונדערן, פאַרוואָס זי איז אין די באַטראַכטונגען פון די שפּעטיגערע דייני־קער ניט אַריינגעגליידערט געוואָרן אין דעם פונדאַמענט פון דער עטיק. פאַקטיש, אין דעם געשפּרעך „דער ערשטער אַלקוויוויאַד", וואָס ווערט צוגעשריבן צו דעם נאָך יונגען פּלאַטאָ'ן, צווינגט סאָקראַטעס אַלקוויוויאַד'ן מודה צו זיין, אַז אויב אַפילו מענשן זיינען גרייט צו פירן געפערליכע מלחמות כלומרשט צוליב אַ פונקט פון גע־רעכטיקייט, פונדעסטוועגן קעמפן זיי אין דער ווירקליכקייט פאַר דאָס, וואָס זיי רעכענען, אַז עס איז פאַר זיי ניצליך. דאָס גערעכטע איז אַלעמאָל שיין; זי איז אַלעמאָל גוט, ד. ה. אַלעמאָל ניצליך; אַזוי אַז מען קאָן ניט אָנווייזן קיין זאַך, וואָס זאָל זיין וויכטיגער אײדער גערעכטיקייט, שיינקייט, גוטעס, ניצליכקייט. *

עס איז אינטערעסאַנט, אַז בעת פּלאַטאָ, אין דעמזעלביגן גע־שפּרעך, רעדט מיט סאָקראַטעסעס מויל וועגן דער נשמה און איר געטליכן טייל, האַלט ער פאַר „געטליך" יענעם טייל אירן, מיט וועלכן זי גרייכט דערקענטעניש און דיינקט, ד. ה. ניט דעם געפיל, נאָר דעם שכל. און ער פאַרענדיגט דעם דאָזיגן געשפּרעך מיט די פאָלגענדע ווערטער, וואָס ער לייגט אַריין אין סאָקראַטעסעס מויל: —

„לעבנדיג אינאיינעם מיט דער שטאָט (די געמיינדע) ערליך און אויסגערעכנט, וועט איר לעבן אַזוי ווי עס איז אָנגענומען ביי די געטער... און איר וועט דערביי אַריינבליקן אין דאָס געט־

* „דער ערשטער אַלקוויוויאַד" 118. איך באַנוץ זיך מיט דער אויס־געצייכנטער איבערזעצונג פון וו. סאָלאָוויאָוו, „די שאַפונגען פון פּלאַ־טאָ", באַנד 1, 1899.

ליבע און דאס קלארע, ד. ה. אין דער פארנונפט, וואס שטעלט צוזאמען די קראפט פון דער נשמה. אבער אריינבליקנדיג אין דאס דאזיגע געטליכע, וועט איר איינזען און דערקענען וואס איר אליין זייט און אין וואס אייער וואוילזיין באשטייט".

אין נאך קלערערע אויסדרוקן האט פלאטא געשריבן וועגן גערעכטיקייט און וועגן מאראליטעט בכלל אין דעם געשפרעך וועגן „סעודות", וואו די אנטיילנעמער אין דער סעודה זאגן שבחים דעם גאט פון ליבע, עראס'ן. פארשטייט זיך, ניט אין דעם ערשטן טייל פון דעם שמועס, וואו זיי ריידן געמיינהייטן וועגן אים, נאר אין דעם אנדער טייל, וואו עס שמועסן צווישן זיך דער פאעט־דראמאטורג אגאטאן און סאקראטעס. — עראס'עס וואוילטאט, זאגט דער פאעט, דאס איז זיין גערעכטיקייט, זעלבסטהערשונג און מוטיקייט; דערצו — זיין ליבע צו שיינקייט: ער פארטראגט ניט דאס העסליכע. „ער פארהיט אונז פון פארפרעמדונג און גיט אין אונז אריין א צוטרויען איינער צום אנדערן... ער טראגט אריין א ווייכקייט אין אונזערע באציאונגען און פארטרייבט גראבקייט; ער איז פרייגיביג מיט גיטיקייט און קארג אויף רשעות... ער זארגט זיך וועגן די גוטע און וויל ניט וויסן פון די שלעכטע" א. אז. וו.

אין את דעם ווערק זיינעם באהויפטעט און באווייזט פלאטא, אריינלייגנדיג די ווערטער אין סאקראטעסעס מויל, אז ליבע קאן ניט אפגעטיילט ווערן פון גוטעס און שיינקייט. די ליבע, זאגט סאקראטעס אין דער „סעודה", באשטייט אין דעם, „כדי צו שאפן אין דאס שיינע, און דערצו ווי פיזיש, אזוי אויך גייסטיג". ליבע שטרעבט צו חבר'ן זיך מיט דאס גוטע און שיינע, און אויף דעם אופן ווערט די ליבע צוגעפירט סוף כל סוף צו דער זוכעניש פון גוטס און שיינקייט.

„די שיינקייט, וואס געפינט זיך אין איין וועלכן עס איז קערפער, איז א קרובה פון דער שיינקייט, וואס געפינט זיך אין אלע אנדערע קערפערס. דער מענש, וואס פארשטייט עס, מוז ליב קריגן אלערליי שיינע פארמען... און מוז די גייסטיגע שיינקייט שעצן א סך העכער איידער די שיינקייט פון קערפער, און אויף דעם אופן וועט ער קומען צו דער אנשויאונג פון שיינקייט, וואס באשטייט אין דער דערפילונג פון זיינע פליכטן, און דאן וועט ער

באַגריפן, אַז דאָס שיינע איז אומעטום גלייך, און דאַן וועט די שיינקייט פון פאָרם ניט האָבן פאַר אים קיין באַזונדערע באַדייטונג". „ווען דער מענש וועט דערגרייכן, זאָגט פּלאַטאָ, אַזאַ שטופע פון פאַרשטיין שיינקייט, וועט ער דערזען עטוואָס וואונדערליך־שיינעס אין עצם נאַטור — אַן אייביגע שיינקייט, אַ שיינקייט, וואָס איז ניט געשאַפן געוואָרן און קאָן ניט פאַרלאָרן גיין, וואָס קאָן זיך ניט פאַרמערן, אַבער אויך ניט געמינערט ווערן, אַ שיינקייט, וואָס ענדערט זיך ניט אין אַלע טיילן, אין אַלע צייטן, אין אַלע באַציאונגען, אין אַלע ערטער און פאַר אַלע מענשן"... דערגייענדיג ביז דער העכסטער שטופע פון אידעאַליזם, זאָגט פּלאַטאָ ווייטער, אַז „דידאָזיגע שיינקייט שטעלט זיך ניט פאָר ווי עפּעס וואָס געפינט זיך אין וואָס עס איז, מיר'ן זאָגן למשל, אין אַ וועלכן עס איז לעבעדיגן וועזן, אויף דער ערד אָדער אויפן הימל, אָדער אין אַ וועלכן עס איז נייעם געגענשטאַנד, נאָר ווי עפּעס אַזוינס וואָס עקזיסטירט, היות עס איז איינאַרטיג, אַלעמאָל אומאָפּהענגיק, אַליין פאַר זיך און אין זיך אַליין," מיט אַנדערע ווערטער, ווי אַ באַגריף פון אונזער פאַרשטאַנד און געפיל — ווי אַ א י ד ע ע.

אָט אַזעלכער איז געווען פּלאַטאָ'ס אידעאַליזם; און דעריבער איז קיין חדוש ניט, וואָס עס געפינען זיך מענשן, וועלכע האַלטן מיט אים ביז היינטיגן טאָג. פון איין זייט האָט ער געעפנט אַ וועג פאַר דער צאָלרייכער כתה „איידעמאָניסטן," וועלכע האָבן עד היום די אויבערהערשאַפט אין דער עטיק און האַלטן (אַזוי ווי עס האָבן געהאַלטן די סאָפיסטן פאַר פּלאַטאָ'ן און עפּיקורוס מיט זיינע תלמידים נאָך אים), אַז אַלץ וואָס דער מענש טוט, טוט ער עס צוליב דעם, „כדי אים זאָל זיין גוט"; עס פאַרשטייט זיך, פּלאַטאָ האָט פאַרשטאַנען דאָס „גוט" ניט אין דעם איינגען זין פון די תענוגים פון דעם האַלב־מענשן און האַלב־חיה, נאָר אין דעם העכערן זין, וועלכן ער האָט דעפינירט אין די געשפּרעכן „לאַכעס" און „סעוחה". פון דער אַנדער זייט אַבער, אַזוי ווי ער האָט דאַ גופא אריינגעפירט דעם באַגריף וועגן דער „נשמה" און „שיינקייט" ווי וועגן עפּעס, וואָס שטייט טאַקע אין דער נאַטור אַבער דאָך העכער פאַר איר, האָט ער צוגעגרייט דעם וועג פאַר דער רעליגיעזער עטיק, און דעריבער איז ער געבליבן ביז אויף היינטיגן טאָג דער ליבלינג פון די רעליגיעזע דיינקער. ער איז געווען זייער פאַרגיינגער. עס

איז פונדעסטוועגן ווערט צו באַמערקן, אַז זיין העכער באַגריף פון דער נאַטור און פון דער מאָראַלער שיינקייט אין דער נאַטור, וואָס איז ניט געווען אָפּגעשאַצט געוואָרן ביז היינטיגן טאָג, ניט פון דער רעליגיעזער און ניט פון דער אומרעליגיעזער עטיק, טיילט אים אָפּ אי פון דער, אי פון יענער.

אין דער אַנדערער העלפט פון זיין לעבן, ווען ער איז געפאַלן אונטער דעם איינפלוס פון די פּיטאַגאָריער און האָט פּרובירט, מיט דער מיטווירקונג פון דעם סיראַקוזער טיראַן (דיקטאַטאָר אָדער זעלבסטהערשער) דיאָניסי, באַשאַפן אַ מלוכה לויט זיין פּלאַן, וואָס ער האָט באַשריבן אין די ווערק „די מלוכה" און „די געזעצן" (אַ פּראָדוקט פון שוין אַן אָפּגעשוואַכטן פאַרשטאַנד), איז ער שוין ניט געווען דערזעלביגער אידעאַליסט ווי אין דעם ערשטן טייל פון זיין לעבן און לערערשאַפט. אין זיין אידעעלער מלוכה, ווי זיין גרויסער פאַרערער וול. סאָלאָוויאָוו האָט פאַרדראָסיג דאָ־רויף אָנגעוויזן, האָט פּלאַטאָ ניט נאָר אָנגעהאַלטן די קנעכטשאַפט, נאָר אויך די טויט־שטראָף — דעם שקלאַף פאַר ניט מאָסערן און די בירגער בכלל פאַר אַן אומאַכטונג צו דער עטאַבלירטער רעליגיע. ער האָט אויף דער אופן געפאָדערט פון די מענשן צו באַגיין דאָסזעלביגע פאַרברעכן, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק אויפ־גערעגט אין זיין יוגענט, ווען אין קראַפט פון דערזעלביגער רע־ליגיעזער אומטאָלעראַנץ איז באַשטראָפט געוואָרן מיטן טויט זיין לערער סאָקראַטעס. דער „עראָס", ד. ה. די ליבע, וואָס פּלאַטאָ האָט געפאַרטיידיגט אין אַזאַ וואונדערבאַרער פאָרם, האָט אים ניט אָפּגעהאַלטן פון דיזעלביגע פאַרברעכנס, אין וועלכע אויך די קריסטליכע קירך איז שפּעטער אַריינגעפאַלן, ניט קוקנדיג אויף די פּרעדיגן פון ליבע פון איר באַגרינדער.

אַ ר י ס ט אָ ט ע ל. — אַ מיטעלע פּאָזיציע צווישן דעם נאַ־טורוויסנשאַפטליכן און דעם מעטאַפיזישן באַגריף פון מאָראַל פאַרנעמט די לערע פון אַריסטאָטעל, וועלכער האָט געלעבט אין פערטן יאָרהונדערט (פון 384טען ביז דעם 322טען יאָר) פאַר קריס־טוס.

די דערקלערונג פון אונזערע מאָראַלע באַגריפן האָט אַריסטאָ־טעל געזוכט ניט אין דער העכערער פאַרנונפט און ניט אין דעה

וועלט־אידעע, ווי דאס האט פלאטא געטאן, נאר אין דעםווירקליכן לעבן פון מענשן: אין זייער זוכן זייער אייגענעם גליק און אייגענע נוצן און אין דעם פארשטאנד פונם מענשן. אין אט די זוכענישן, האט ער געלערנט, האבן זיך אויסגעארבעט צוויי הויפט געזעלשאפטליכע טוגענדן: פריינטשאפט, ד.ה. ליבע צו מענשן (מיר וואלטן עס איצט גערופן געזעליקייט) און גערעכטיקייט; אבער די גערעכטיקייט האט ער פארשטאנען, ווי מיר ווען עס זען ווייטער, ניט אין דעם זין פון גלייכבארעכטיגונג.

אין אריסטאטעלס פילאסאפיע האבן מיר אויף דעם אופן צום ערשטן מאל די זעלבסטבאהויפטונג פון דעם מענשליכן פארשטאנד. ער האט, אזוי ווי פלאטא, געדיינקט, אז דער מקור פון דעם פארשטאנד איז די געטליכקייט; אבער די דאזיגע געטליכקייט, הגם זי איז דער מקור „פונם פארשטאנד און דער באוועגונג אין דער וועלט,‟ מישט זיך ניט אריין אין דעם וועלטליכן לעבן. בכלל גערעדט, בעת פלאטא האט געשטרעבט אופצושטעלן די עקזיסטענץ פון צוויי אפגעטיילטע וועלטן: א וועלט, וואס מיר דערקענען דורך אונזערע חושים, און א העכערע וועלט, וואס די חושים קאנען ניט משיג זיין, האט אריסטאטעל געשטרעבט צו פאראייניגן זיי ביידן. אין זיין לערע איז פארן גלויבן קיין פלאץ ניט געוועזן, און ער האט ניט אנדערקענט קיין פערזענליכע אומשטערבליכקייט. אן אמתן באגריף פון אונזער לעבן, האט אריסטאטעל געזאגט, קאנען מיר באקומען נאר ווען מיר באגרייפן דעם געבוי פון דער וועלט. *

דעם גרונט פון דעם מענשנס מאראלע באגריפן האט ער געזען אין די פאקטן פונם ווירקליכן לעבן. אלע שטרעבן צו דער גרעסטער גליקזעליקייט אדער גוטעס (איצטער דריקן מיר עס אויס: צום גרעסטן גליק); גליקזעליקייט איז דאס, וואס מאכט, אז דאס לעבן זאל זיין ווינשנסווערט און צופרידנשטעלענד. דער גראבער המון זעט גוטעס און גליקזעליקייט אין גענוס, געבילדעטע מענשן זוכן זיי אין עפעס „העכערעס‟: ניט אין דער „אידעע“, ווי דאס

---

* די עטיק צו ניקאמאכן, טייל 1. איך באנוץ זיך מיט דער רוסישער איבערזעצונג פון ע. ראדלאוו.

האָט געלערנט פּלאַטאָ, נאָר „אין דער פֿאַרנינפֿטיגער טעטיקייט, אדער לכל הפּחות ניט אין דער אומפֿאַרנינפֿטיגער טעטיקייט פֿון דער נשמה." (עטיק 1, § 6.) דאָס גוטע פֿאַרן מענשן באַשטייט אין דער טעטיקייט פֿון דער נשמה, וואָס איז אין איינקלאַנג מיט וואוילטעטיקייט, און דערצו — אין פֿאַרלויף פֿונם גאַנצן לעבן — אין אַ טעטיגער וואוילטעטיקייט, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט ענערגיע (1, §§ 6 און 9). גליקזעליקייט גיט אונז דאָס לעבן, וואָס איז אין איינשטימונג מיט די פֿאָדערונגען פֿון גערעכטיקייט, און אַזאַ לעבן איז שענער ווי אַליץ: עס איז געזונט און דו גרייכסט דערמיט וואָס דו האָסט ליב. *

„פֿונדעסטוועגן זעט אויס — לייגט צו אַריסטאָטעל — אַז גליקזעליקייט נויטיגט זיך דאָך אויך אין אויסערליכע גוטס". צו וועלכע ער האָט צוגערעכנט „פֿריינט, רייכקייט, פּאָליטישן איינפֿלוס", „אַ ערנהאַפֿטע אָפּשטאַמונג, גוטע קינדער און שיינקייט". אָהן „אַזוינע אייטעלקייטן איז די גליקזעליקייט, זעט אויס, ניט פֿולשטענדיג. (1, § 9.) אין דער פֿאַרטיילונג פֿון „גליקזעליקייט" שפּילט צופֿעליקייט אַ ראָליע; אָבער „אַלע, וועלכע זיינען ניט גאָר אינגאַנצן אָהן וואוילטעטיקייט, זיינען בכח זי צו גרייכן דורך אַ געוויסן שטודיום און מיע (§ 10), היות ווי אפֿילו דער ניטפֿאַרנינפֿטיגער טייל פֿון דער נשמה (אונזערע ליידנשאַפֿטן) „פֿאָלגט ווי פֿיל עס איז דעם שכל". בכלל האָט אַריסטאָטעל צוגעשריבן דעם שכל זייער אַ גרויסע ראָליע אין דער אויסאַרבעטונג פֿון יעדן מענשנס מאָראַל: ער, דער שכל, האַלט איין די ליידנשאַפֿטן, אַ דאַנק אים זיינען מיר בכח צו פֿאַרשטיין, אַז די שטרעבונג צום וואוילזיין פֿון דער געזעלשאַפֿט גיט אַ פֿיל העכערע, „פֿיל „שענערע" גליקזעליקייט איידער די שטרעבונג צו באַפֿרידיגן די אייגענע פּערזענליכע אימפּולסן.

פֿון אָט די ציטאַטן קאָן מען זען, אַז אַנשטאַט צו זוכן די

---

* איך געברויך דאָ דאָס וואָרט „גליקזעליגקייט", ווי אַזאַ אויטאָריטעטער איבערזעצער פֿון אַריסטאָטעלס עטיק, ווי ע. ראַדלאָוו, געברויכט עס. מען דאַרף אָבער געדיינקען, אַז ווערטער ענדערן וויפֿיל עס איז זייער באַדייטונג אין פֿאַרשיידענע צייטן. איצטער דאַרף מען פֿאַרשטיין אונטער דעם וואָרט „גליקזעליקייט" ביי אַריסטאָטעלן דאָס, וואָס די הייגטיגע אוטיליטאַריסטן רופֿן אָן „דאָס העכסטע גוטס" אדער גליק.

יסודות פון דעם מענשנס מאראלע באגריפן אין איינפלוסן פון אויבן, האט שוין אריסטאטעל צוגעפירט די דאזיגע באגריפן צו דעם באשלוס פון שכל, וואס זוכט פאר זיך די גרעסטע באפרידיגונג און גליק. און דערצו האט ער פארשטאנען, אז דאס גליק פון דער פערזאן איז אייננ פארבונדן מיט'ן גליק פון דער געזעלשאפט (ער האט געזאגט „די מלוכה", פארשטייענדיג אונטער דעם נאמען מלוכה דאס ארגאניזירטע געמיינשאפטליכע לעבן). אריסטאטעל איז אויף דעם אופן דער פארגייענגער פון דער צאלרייכער שול פון די „איידעמאניסטן", וועלכע האבן שפעטער דערקלערט די מאראלע אינסטינקטן, געפילן און די האנדלונגען פון מענשן דורך דעם זוכן פון זיין פערזענליכן גליק, און אזוי אויך פון דער היינטיגער שול „אוטיליטאריסטן", אנהויבנדיג פון בענטאם און מילל ביז הערבערט ספענסערן.

אריסטאטעלס „עטיק" איז לויט דער פארם און לויט דער גענויער באארבעטונג פון יעדן באזונדערן געדאנק, גאנץ זיכער אזא וואונדערליכער מאנומענט פון דער אנטוויקלונג פון אלטן גריכנלאנד, ווי זיינע איבעריגע ווערק, די נאטורוויסנשאפטליכע און די פאליטישע. אבער אין דער „עטיק", אזוי גוט ווי אין דער „פאליטיק", צאלט ער א פולן צינז דעם אפארטוניזם, ווי מיר רופן דאס איצטער. אט אזא איז זיין בארימטע דעפיניציע פון טוגענד: „און בכן — האט ער געלערנט — איז די טוגענד א פאראויסגערעכנטע (באוואוסטזיניגע), דערווארבענע אייגנשאפט פון דער נשמה, וואס באשטייט אין א *סוביעקטיוון מיטן* און איז א באַשטימטע פונם שכל; און דערצו אזוי באשטימט, ווי עס וואלט איר באשטימט א וואוילדיינקענדער מענש: *דער מיטן פון צוויי איבלען — פון א צופיל און א ניט גענוג* (טייל 2, § 5-6; אויך אין § 9).

און דאס אייגענע איז אויך אין דעם באגריף וועגן גערעכטיקייט.* הגם אריסטאטעל האט איר געווידמעט א באזונדער קא

---

* „איצט מוז מען זיך ווענדן צו באטראכטן גערעכטיקייט און אומגערעכטיקייט, צו וועלכע טעטיקייטן זיי האבן א שייכות, און וואס פאר א סארט מיטן איז גערעכטיקייט און צווישן וועלכע סארטן עקסטרעמען געפינט זיך דאס גערעכטיגע" — אזוי האט ער אנגעהויבן זיין בוך „וועגן גערעכטיקייט."

פיטל פון זיין „עטיק“, האָט ער זי אבער דעפינירט אין דעמזעלביגן גייסט ווי די טוגענד בכלל, ד. ה. ווי א מיטן צווישן צוויי עקסטרעמען, און האָט זי באגריפן, ניט ווי אן אנדערקענונג פון מענשן אלס גלייכבארעכטיגטע, נאר אין א זייער באשריינקטן זין. *

אזא באגריף פון גערעכטיקייט איז נאָך מער כדאי צו באַמערקן דערפאר, ווייל די גערעכטיקייט האָט זיך אים פאָרגעשטעלט אלס די גרעסטע פון אלע טוגענדן, „וואונדערבארער און גלענצענדער אײדער דער אָוונט־ און דער מאָרגן־שטערן“: „אין גערעכטיקייט זיינען איינגעשלאָסן אלע טוגענדן“ איז דאמאָלסט געווען א פאלקס ווערטל. אריסטאָטעל האָט אָהן צווייפל באגריפן זיין מאָראלע באטייטונג, ווארים ער האָט געלערנט, אז פון אלע טוגענדן באשטייט, ווי מען קאָן זען, די גערעכטיקייט אליין, אין א גוטס, וואָס ברייננגט נוצן אנאנדער פערזאָן“ (§ 3); מיט אנדערע ווערטער, זי איז א וואוילטאָט ניט קיין עגאָאיסטישע. ** נאָך מער, אַריסטאָטעל האָט גאנץ ריכטיג באשלאָסן, אז „אלע אנדערע אומגערעכטע האנדלונגען קאן מען אלעמאָל צופירן צו א װעלכער עס איז אַרט זינדיקייט“, — און דערפון קאָן מען דרינגען, אז ער האָט אויך געהאלטן, אז יעדע האנדלונג, וועלכע מיר רופן אָן ניט קיין

* „אן אומגערעכטיגן רופט מען אָן דעם, וואָס איז עובר אויפן געזעץ, און אויך דעם, וואָס נעמט איבעריגע פון אנדערע, און א מענשן, וואָס פארהאלט זיך ניט גלייך צו אנדערע מענשן. — אלזא, דער באגריף וועגן גערעכטיקייט באטייט איין און דערזעלביגער צייט אי דאָס געזעצליכע, אי דאָס גלייכמעסיגע, און דאָס אומגערעכטע — דאָס געגענגעזעצליכע און ניטגלייכמעסיגע (באציאונג צו מענשן). „די געזעצן, זאָגט ער ווייטער, זיינען נוגע אלע מעגליכע באַציאונגען, נעמענדיג אין אַכט אדער דאָס אלגעמיינע וואוילזיין פון אלע מענשן, אדער דאָס וואויל זיין פון די בעסטע און שטאַרקסטע מענשן“. (5, 3) זיין אויסטייטשונג פון גערעכטיקייט אלס געהאָרכזאמקייט צום געזעץ, פירט אריסטאָטעלן, ווי מען קאָן דערוואַרטן אין א געזעלשאַפט, וואָס איז געבויט אויף שקלאַווערײ, צו דער אָנדערקענונג פון דער ניט גלייכבאַרעכטיגונג פון מענשן.

** „אין אַזאַ זין איז די גערעכטיקייט ניט קיין טייל פון טוגענד, נאָר די גאנצע טוגענד, און איר היפך — די אומגערעכטיקייט — איז ניט א טייל פון זינדיקייט, נאָר די זינדיקייט בכלל. (5, 3).

גוטע, ווייזט זיך כמעט אַלעמאָל ארויס אַלס אַן אַקט פון אומגע־רעכטיקייט בנוגע צו וועמען עס איז.

צוזאַמען מיט דעם אָבער האָט אַריסטאָטעל, וועלכער האָט אונטערשיידט צוויי אַרטן אומגערעכטיקייט — אַן אַלגעמיינע, וואָס באַשטייט אין עובר זיין אויפן געזעץ, און אַ ספּעציעלע, וואָס באַ־שטייט אין אַ ניטגלייכמעסיגער באַציאונג צו מענשן, ווי אויך די אַנטשפּרעכענדע צוויי אַרטן גערעכטיקייט, — אַנדערקענט נאָך צוויי אַרטן פון ספּעציעלער גערעכטיקייט, וואָס איינע פון זיי ווייזט זיך ארויס „אין דער פ ו נ א נ ד ע ר ט י י ל ו נ ג (אויף אַ גלייכן אָדער ניט גלייכן אופן) פון כבודים אָדער פון געלט, אָדער בכלל פון אַלץ, וואָס קאָן צעטיילט ווערן צווישן מענשן, וועלכע נעמען אַנטייל אין אַ געוויסער געזעלשאַפט,“ און די אַנדערע — אין דעם „א ו י ס ג ל י י ך פון דאָס, וואָס שטעלט צונויף אַ געגענשטאַנד פון אויסטויש“. און גלייך נאָך דעם האָט דער גרויסער דיינקער פון דער אַלטער וועלט צוגעגעבן, אַז אין דער גלייכמעסיקייט, און פאָלגליך אויך אין דער גערעכטיקייט, מוז זיין אַ „מיטן“. און אַזוי ווי אַ „מיטן“ איז איינגאַנצן אַ קאָנדיציאָ־נעלער באַגריף, האָט ער דערמיט מבטל געווען דעם באַגריף גופא פון גערעכטיקייט, וואָס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן ווי די ר י כ־ ט י ג ע לייזונג פון קאָמפּליצירטע ניט־קלאָרע מאָראַלע פראַגן, וואו דער מענש וואַקלט זיך צווישן צוויי מעגליכע לייזונגען. און אין דער ווירקליכקייט האָט אַריסטאָטעל טאַקע ניט אַנדערקענט קיין גלייכקייט אין „פאַנאַנדערטיילונג,“ נאָר האָט געפאָדערט בלויז אַן „אויסגלייכונג“. *

---

* דאָס זעט זיך ארויס קלאָר, לויגט ער צו, פון דעם שפּרוכוואָרט: „טיילן לויט דעם ווערט נאָך.“ אַלע מענשן שטימען איין, אַז די פאַנאַנ־דערטיילנדע גערעכטיקייט דאַרף האָבן אַלס איר ריכטשנור אייגנעמס ווערט; אָבער ניט אַלע זעהען איין די מאָס פון ווערט אין איין און דעמ־זעלביגן פּונקט: די בירגער פון אַ דעמאָקראַטיע זעהען עס אין דער פרייהייט, בירגער פון אַ אָליגאַרכיע — אין רייכקייט, און די בירגער פון אַן אַריסטאָקראַטיע — אין טוגענד (5, 6). און אונטערפירנדיג אַ סך הכל צו אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, כדי צו באַפעסטיגן זיין געדאַנק, שליסט ער זיינע באַטראַכטונגען מיט די ווערטער: „אַלזאָ, האָבן מיר רעפּינירט דעם באַגריף פון גערעכטיקייט און דעם באַגריף פון אומגע־

אויף דעם אופן איז קלאָר, אז אריסטאָטעל, וועלכער האָט גע־לעבט אין א געזעלשאַפט, וואו עס האָט עקזיסטירט שקלאַווערייַ, האָט זיך ניט אנטשלאָסן אָנצודערקענען, אז גערעכטיקייט הייסט די גלייכבארעכטיגונג פון מענשן. ער האָט זיך באַשריינקט אויף א סוחרישער גערעכטיקייט, און האָט די גלייכבארעכטיגונג אפילו ניט ארויסגעשטעלט אלס א אידעאַל פון געזעלשאַפטליכן לעבן. די מענשהייט האָט געמוזט דורכלעבן אַ ערך נאָך צוויי טויזענט יאָר אין אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטן, איידער די גלייכהייט איז אין איין לאַנד, אין פראנקרייך, פּראָקלאַמירט געוואָרן אלס דער אידעאַל פון געזעלשאַפטליכן געבוי, צוזאמען מיט פרייהייט און ברידער־ליכקייט.

אין די פראַגן וועגן מאָראַל און אין דער פּאָליטיק איז אריס־טאָטעל בכלל ניט געגאנגען ווייטער ווי זיין צייט. דערפאַר אין די באַשטימונגען פון וויסנשאַפט, חכמה און קונסט איז ער געוועזן דער פּאַרגייענגער פון בעקאַנס פילאָסאָפיע. אין דעם אַנאַליז פון די פּארשיידענע סאָרטן „גוטס" און אין דער קלאַסיפיקאַציע פון די באפרידיגונגען האָט ער שוין אריבערגעשטיגן בענטאַמען. דערצו האָט ער באַגריפן, פון איין זייט, די באַדייטונג פון איינפאַכער גע־מיינשאַפטליכקייט, וועלכע ער האָט אגב צונויפגעמישט מיט

---

רעכטיקייט. פון אַט די דעפיניציעס איז קלאָר, אז דער גערעכטער אופן ֿון האנדלונג געפינט זיך אינמיטן צווישן באַגיין און לײדן אן אומ־גערעכטיקייט. דאָס ערשטע שטרעבט צו האָבן מער איידער עס קומט. די גערעכטיקייט אבער איז דער מיטן" א. אז. וו. (5, 9). אריסטאָטעל קערט זיך אום עטליכע מאָל צו דעמדאָזיגן ענין. אזוי האָט ער אין בוך 8 (§ 9) געשריבן, אז „אין גערעכטיקייט שטייט אויפן ערשטן פּלאַן ליכהייט לויט דעם ווערט, אבער אויפן צווייטן פּלאַן שטייט שוין א קוואנטיטאַטיווע גלייכהייט." אין דעם בוך „וועגן גערעכטיקייט" האָט ער אפילו פארטיידיגט די שקלאַווערייַ מיט אזוינע ווערטער: „וואָס איז שייך די רעכט פון דעם האַר איבערן קנעכט און פון פאָטער איבער די קינדער, איז... קאַן ניט זיין קיין אומגערעכטיקייט אנטקעגן דאָס, וואָס איז דאָס אבסאָלוטע אייגנטום פון וועמען עס איז. דער שקלאַף און דאס קינד, כל זמן עס האָט זיך ניט אפּגעטיילט פון דער פאַמיליע, מאַכט אוים אזוי צו זאָגן א טייל פון דעם האַר, און קיינער וועט יאָך ניט בכיוון טאָן זיך אליין שלעכטס; דעריבער קאָן ניט זיין קיין אומגערעכטיקייט בשייכות צו זיך אליין.

פריינטשאַפט און גענגזייטיגער ליבע; פון דער אַנדער זייט האָט ער דער ערשטער אָפּגעשאַצט דאָס, וואָס די מערסטע דיינקער פון אונזער צייט האָבן ארויסגעלאָזט פון באַטראַכט, — אַז ווען מען רעדט פון מאָראַל, מוז מען מאַכן אַן אונטערשייד צווישן דאָס, וואָס מיר האָבן אַ רעכט צו פאָדערן פון אַלעמען, און יענער הערא־אישער טוגענד, וועלכע שטייגט אריבער די כחות פון דעם געוויינ־ליכן מענשן (7, 1). בעת פאַקטיש איז עס גראָד אָט די פייאיקייט (וועלכע מיר רופן אַן איצטער זעלבסטאָפּפערונג אָדער גרויסמוט), וואָס טרייבט די מענשהייט פאָרווערטס און אנטוויקלט די שטרע־בונג צו פארווירקליכן דאָס שיינע, וואָס אריסטאָטעלס עטיק זוכט צו פאַרווירקליכן. (דער גאַנצער § 8 פון 8טען בוך). נאָר פאָדערן דאָס פון אַלעמען האבן מיר, פארשטייט זיך, ניט קיין רעכט.

אָט דאָס איז געווען די מאָראַלע פילאָסאָפיע פון דעם גרויסן (אבער ניט טיף־דיינקנדיגן) געלערטן, וועלכער איז געווען אַזוי פּראַמינענט צווישן דער דאַמאָלדיגער ציוויליזאַציע, און האָט אין משך פון די דריי לעצטע יאָרהונדערטן (פון דער רענעסאַנס אין 16טען י. ה.) אויסגעאיבט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער וויסנ־שאַפט בכלל, ווי אויך אויף דער עטישער פילאָסאָפיע.

ע פ י ק ו ר ו ס. — פּלאַטאָס לערע און אריסטאָטעלס לערע האָבן פאָרגעשטעלט אויף דעם אופן צוויי שולן, וואָס זיינען זיך פונאַנדער געגאַנגען גאַנץ שאַרף אין דעם באַגריף פון דאָס מאָראַ־לע. די מחליקות צווישן די שולן האָט זיך לאַנג נאָך ניט געענ־דיגט נאָכן טויט פון זייערע באַגרינדער; נאָר ביסלאַכווייז האָבן זיי פאַרלאָרן זייער אורשפּרינגליכן אינטערעס, וואָרים ביידע שולן זיינען זיך שוין צונויפגעגאַנגען אויף דעם פּונקט, אַז דאָס מאָ־ראַלע אינם מענשן איז ניט קיין צופעליגע דערשיינונג, אַז עס האָט זיין טיפן גרונט אין דעם מענשנס נאַטור, און אַז עס זיינען פאַראַן מאָראַלע באַגריפן, וואָס זיינען אייגנטימליך פאַר אַלע מענש־ליכע געזעלשאַפטן.

אין דעם דריטן יאָרהונדערט פאַר דעם אָנהויב פון אונזער צייטרעכענונג זיינען ארויסגעטראָטן צוויי נייע שולן — פון די ס ט אָ א י ק ע ר און די ע פּ י ק ו ר ע ע ר. די סטאָאיקער האָבן געלערנט, פּונקט ווי זייערע פאָרגיינגער פּלאַטאָ און אריסטאָטעל,

אז לעבן דארף מען אין איינשטימונג מיט דער אייגענער נאטור, ד. ה. מיטן אייגענעם שכל און די אייגענע פייאיגקייטן, דערפאר וויל נאר אין אזא לעבן געפינען מיר דאס גרעסטע גליק. אבער ווי עס איז באקאנט, זיינען זיי ספּעציעל באשטאנען אויף דעם, אז דער מענש געפינט גליק — אײדעמאָניאַ — ניט אין נאָכיאָגן זיך נאָך אויסערליכע גוטס, רייכ־קייט, כבוד א. ד. ג., נאר אין דער שטרעבונג צו עפּעס העכערעס, אידעעלעס: אין דער אנטוויקלונג פונם גייסטיגן לעבן פארן וואויל־זיין פון דעם מענשן אליין, זיין פאמיליע און דער געזעלשאפט, און דער עיקר, כדי צו גרייכן איינערליכע פּרייהייט.

וועגן דער לערע פון די סטאָאיקער וועל איך ריידן ווייטער אין דעמזעלביגן קאפּיטל; דא וויל איך נאר באמערקן, אז הגם די סטאָאיקער האָבן מיט זייער לערע פאַרוואָרפן די סאָקראַטישע מע־טאפיזיק פון דאס מאָראַלע, האָבן זיי פונדעסטוועגן פאַרטגעזעצט זיין ארבעט, וואָרים זיי האָבן אריינגעפירט דעם באגריף וועגן ווי ס ן, וואָס גיט די מעגליכקייט פאנאנדערצוקלייבן זיך אין די פארשיידענע ארטן געניוס פון לעבן און צו זוכן דאס גליק אין זיין מער פּאַרפאַלקאָמטער און באגייסטערטער פאָרם. דער איינפלוס פון די סטאָאיקער, ווי מיר וועלן זען ווייטער, איז געווען אן אומגעהויערער, דערהויפּט שפּעטער, אין דער רוי־מישער וועלט; ער האָט צוגעגרייט די מוחות אנצונעמען דאס קריס־טנטום, און מיר פילן אים נאָך ביז דער היינטיגער צייט. באזונ־דערס מוז מען דאס זאָגן בנוגע עפּיקטעטוסעס לערע (סוף צווייטן און אנהויב ערשטן י. ה. פאר קריסט.) וואָס איר עצם איז אויפ־גענומען געוואָרן פון דעם פּאָזיטיוויזם און דער היינטיגער נאטור־וויסנשאפטליכער שולע פון עטיק.

אין געגנזאץ צו די סטאָאיקער האָבן די סאָפּיסטן, באזונדערס דעמאָקריט (געב. אין 470טען יאָר, געשט. אין 380טען יאָר פאר קריסט.) — דער ערשטער באגרינדער פון דער מאָלעקולאַרער פיזיק — און בכלל די שולע פון די קירענאַאיקער, וועלכע האָבן דאס זוכן פון באפרידיגונג, געניוס, גליק (העדאָניזם) ארויסגעשטעלט אלס דעם גרונט־שטריך פון מענשן און יעדער לעבעדיגער באשע־פעניש, ניט געקוקט אָנגעדייטעט, אז עס קאָנען זיין אלערליי ארטן פון זוכן גליק — פון ריין־טירישער אייגנליבע ביז דער אידעעלס־

מער זעלבסטאפפערונג, פון איינג־פערזענליכע שטרעבונגען ביז ברייט־געזעלשאפטליכע שטרעבונגען. די אויפגאבן פון דער עטיק באשטייען אבער גראד אין דעם צו פאנאנדערקלייבן אט די פאר־שיידענע ארטן פון זוכן גליק און אנצו־ווייזן צו וואס זיי פירן און וואס פאר א גראד צופרידנשטעלונג די און די אנדערע גיבן. דאס האט גאנץ אויפריכטיג געטאן ע פ י ק ו ר ו ס, וועלכער האט געלעבט אין דריטן יארהונדערט און איז געווען ווייט באַ־רימט אין דער דאמאלסדיגער גריכיש־רוימישער וועלט, א דאנק זיין דורכגעארבעטן א י י ד ע מ א נ י ז ם, ד. ה. די מאראלע לערע, וואס איז אויך געבויט אויף גליק־זוכעניש, אבער מיט אן אנאליז פון דאס, וואס פירט אמבעסטן צו א גליקליכן לעבן.

„דאס ציל פון לעבן פון אלע לעבעדיגע באשעפענישן, צו וועלכן זיי שטרעבן אהן איבערקלערונגען, איז דאס גליק,“ האט געלערנט עפיקורוס, (מען קאן אויך אנשטאט „גליק“ זאגן „דאס אנגענעמע“); ווארים ווי נאר זיי ווערן געבארן, געפעלט זיי שוין דער גענוס און זיי ראנגלען זיך אנטקעגן ליידן. דער פארשטאנד האט דא ניט וואס צו זאגן, די נאטור אליין טרייבט זיי אין דער ריכטונג. פאר־שטאנד און געפיל גיסן זיך דא צוזאמען און דער פארשטאנד ווארפט זיך אונטער דעם געפיל. מיט איין ווארט: די באפרידיגונג איז דער אנהויב און דער צוועק פון א גליקליך לעבן — דאס ערשטע און נאטירליכע גוטס“. טוגענד איז נאר דאן גוט, ווען זי פירט צו גוטס; די פילאסאפיע ווידער איז א ענערגיע, וועלכע גיט דורך דעם איבערדיינקען א גליקליך לעבן. *

עפיקורוס האט דערצו אויסגעדריקט זיין גרונט־געדאנק, ווארשיינליך בכיון, אין א גאנץ שארפער פארם. „דער אויסגאנג־פונקט און דערווארצל פון יעדן גוטס, האט ער געזאגט, איז די באפרידיגונג פון בויך“. און זיינע געגנער האבן זיך ברייט באנוצט מיט

---

* אין דער דארלייגונג פון עפיקורוסעס לערע פאלג איך נאך הויפט־זעכליך מארק גיא'ן, אין זיין מערקווירדיגער ארבעט „די מאראלע לערע פון עפיקורוס און זיין שייכות צו די היינטיגע לערען“, וואו ער האט גרינטליך אויסגעפארשט ניט נאר די עטליכע ווערק עפיקורוסעס, וואס זיי־נען איבערגעבליבן פון אים, נאר אויך די שריפטן פון יענע, וואס האבן באשריבן זיין לערע נאך זיין טויט. גוטע אפשאצונגען פון עפיקורו־סעס לערע געפינען זיך אויך ביי יאדל, וואונדט, פאולסען און אנדערע.

אם דעם שפרוך זיינעם, כדי ארויסצושטעלן דעם עפיקורעאיזם אין א לעבערליכן געשטאלט. עס איז אבער קלאר, אז עפיקורוס האט געהאט אין אויג בלויז דעם געדאנק, אז דער אויסגאנג־פונקט פון די אויפגענומענע עמפינדונגען, פון וועלכע עס ארבעטן זיך שפעטער אויס אי די נידעריגע, אי די הויכע עמפינדונגען, איז די באפרידיגונג פון דערנערונג. ביסלאכוויז ווערט זי פארשיידן פארמירט אויף טויזנטער אופנים, זי בילדעט זיך אויס אין דער באפרידיגונג פון געשמאק, פון בליק, פון פארשטעלונג; אבער דער אויסגאנג־פונקט פון די אויפגענומענע עמפינדונגען ביי דער חיה און ביים מענשן איז די אויפגענומענע עמפפינדונג, וואס האט זיך באקומען פון דערנערונג — א געדאנק, מיט וועלכן עס וועלן איינשטימען אויך די היינטיגע ביאלאגן, וואס פארשן אויס די ערשטע טריט פון באוואוסטזיניגן לעבן, באזונדערס אויב מען זאל נאך נעמען אין באטראכט די ווייטערדיגע דערקלערונגען פון די עפיקורעער.

„קלוגע און שיינע זאכן", האט געשריבן עפיקורוס, „האבן א פארבינדונג מיט די דאזיגע באפרידיגונגען". עס פארשטייט זיך, דאס שטעלט ניט פאר דאס ענדליכע ציל פון גליק, עס קאן אבער אנגענומען ווערן אלס דער אויסגאנג־פונקט, היות ווי אהן דערנערונג איז דאס לעבן אוממעגליך. דאס גליק באקומט זיך פון דער גאנצער סומע באפרידיגונגען; און אין דערזעלביגער צייט, וואס די אנדערע העדאניסטן (צום ביישפיל דער יונגערער אריסטיפפוס) האבן ניט גענוג אונטערשיידט צווישן די אלערליי גענוסן, האט עפיקורוס ארייגעפירט א פארשיידענע אפשאצונג פון באפרידיגונגען לויט זייער איינפלוס אויף אונזער לעבן אינגאנצן גענומען. די ליידן גופא קאנען זיין נוצליך, האט ער געלערנט, און קאנען פירן צו גוטעס. אויף דעם אופן האט זיך אפיקורוסעס עטיק שוין אויפגעהויבן א סך העכער איידער די עטיק פון פשוטער צופרידענשטעלונג. * זי איז ארויסגעגאנגען אויפן וועג, אויף וועלכן בענטאם און דזשאן סטוארט מילל זיינען אוועק אין נייגצנטן יארהונדערט.

* דאס איז אויסגעצייכנט אנגעוויזן געווארן ביי פילע פארשער און צווישן זיי ביי גיא (3טער קאפיטל, § 1 און 4טער קאפ., אוינלייטונג).

וועקשטעלנדיג אלס דעם מענשנס ציל א גליקליך לעבן אין זיין גאַנצקייט, און ניט די באפרידיגונג פון מאָמענטאַנע גלוסטן און ליידנשאַפטן, האָט עפּיקורוס אויך אַנגעוויזן ווי אזוי דאס צו דערגרייכן. קודם כל דאַרף מען באגרעניצן די פּאַרלאַנגען און זיך באנוגענען מיט ווייניג. דא האָט עפּיקורוס, וועלכער איז אין זיין אייגענעם לעבן געווען גרייט זיך צו באנוגענען מיט א גערשטענעם קוכן און אביסל וואסער, שוין גערעדט ווי דער שטרייגסטער סטאָאיקער. * און דאָן — לעבן אָהן אינערליכע ווידערשפּרוכן א פ ו ל ן ל ע ב ן אין איינקלאַנג מיט זיך אליין, און פילן אז דו לעבסט דיין אייגן לעבן און ניט אין קנעכטשאפט צו די אויסערליכע איינפלוסן. **

דער גרונט פון דעם מענשנס אויפפיר דאַרף זיין דאס, וואָס גיט אים די גרעסטע באפרידיגונג. אבער די שטרעבונג צו פערזענליכע נוצן קאָן ניט זיין אזא גרונט, היות ווי דאס גרעסטע גליק באקומט זיך דורך דער צונויפשטימונג פון די פ ע ר ז ע נ ל י כ ע ש ט ר ע ב ו נ ג ע ן מיט די ש ט ר ע ב ו נ ג ע ן פ ו ן א נ ד ע ר ע. גליק איז פרייהייט פון שלעכטס; אבער אזא פרייהייט קאָן ניט דערגרייכט ווערן, א ו י ב ד אָ ס ל ע ב ן פ ו ן י ע ד ן ש ט י מ ט נ י ט מ י ט ד י א י נ ט ע ר ע ס ן פ ו ן א ל ע. דאָס לערנט אונז דאָס לעבן, און דער מענש אלס פארנינפטיגע בריאה, וואָס קאן זיך באנוצן מיט די לערען פון ערפארונג, קלייבט זיך אויס צווישן די האנדלונגען, וואס פירן צו אזא איינשטימונג און די, וואָס טיילן זיי אָפּ פון איר. אָט אזוי ווערט געשאַפן דער מאָראַלער צונויפשטעל פון דער געזעלשאפט, איר עטיק, אין יעדער געגעבענער צייט.

עס איז איצט לייכט צו פארשטיין ווי אזוי עפּיקורוס, וועלכער האָט אנגעהויבן מיט דער באהויפּטונג, אז טוגענד פאר זיך אליין, און אומאייגננוציגקייט אין ריכטיגן זין פון וואָרט איז גאר ניט בנמצא, און אז די גאַנצע מאָראַל איז מער גארנישט ווי א פארנינפטיגער עגאָאיזם, איז דערגאנגען ביז צו דער מאָראַלער לערע, וואָס טרעט א האָר ניט אָפּ אין אירע שלוסן פון די לערען פון סאָקראַטעס

* דאָרט גופא, קאפיטל 4, § 1.

** דאָרט גופא, בוך 1, קאפיטל 4, § 2.

און אפילו פון די סטאָאיקער. די ריין־קערפּערליכע באפרידיגונגען נעמען ניט ארום דאס גאנצע לעבן פון מענשן: זיי זיינען שנעל פאראיבערגייענדיגע. עס איז אבער פאראַן א לעבן פון שכל און פון הארצן, א לעבן פון דעראינערונגען און זאַפּענונגען, פון געדיינקען און פאַראויסזען, וואָס דעקן אויף פארן מענשן א מאסע נייע גענוסן.

אחוץ דעם האָט עפּיקורוס אויך זיך געמיעט צו באפרייען די מענשן פון די שרעקן, וואָס זיינען איינגעפּלאנצט געוואָרן אין זיי דורך דעם גלויבן אין געטער, וועלכע באזיצן אלערליי בייזע אייגנ־שאַפּטן, ווי אויך פון דער מורא פאר די פּייניגונגען נאָכן טויט, און פון דעם גלויבן אין דעם איינפלוס פון „שיקזאל", וואָס אפילו דע־מאָקריט'ס לערע האָט אויפגעהאלטן. כדי צו באפרייען די מענשן פון אָט די שרעקן, איז קודם כל געווען נויטיג זיי צו באפרייען פון דעם שרעק פאר דעם טויט, אדער ריכטיגער פאר דער יענער וועלט, וואָס איז אין אלטערטום געווען זייער שטארק, ווארים דאס לעבן נאָכן טויט האָט מען זיך דאמאָלסט פאָרגעשטעלט אין דער פאָרם פון א שלאָף אין פינסטערניש אונטער דרערד, און אין דעם דאָזיגן שלאָף איז ביים מענשן געבליבן עפּעס נאָך א מין געוויסן, וואָס האָט אים געקאָנט פּלאָגן. * צוזאמען מיט דעם האָט עפּיקורוס גע־קעמפט אנטקעגן דעם פּעסימיזם, וואָס העגעזיאַס האָט געפּריידיגט (ענליך צו דעם מאָדערנעם פּעסימיזם פון שאָפּענהויער), ד. ה. אנקעגן דער געוואונשנקייט פון טויט, מחמת דער גרויסער מאסע שלעכטס און ליידן, וואָס האָבן די אויבערהאנט אין דער וועלט.

בכלל האָט עפּיקורוסעס גאנצע לערע געשטרעבט צו דער גייס־טיגער און מאָראלער באפרייאונג פון מענשן. זי האָט אבער גע־האָט איין גרויסן חסרון: זי האָט ניט געשטעלט קיין הויכע מאָ־ראלע אויפגאבן, באזונדערס די אויפגאבע פון זעלבסטאָפּפערונג לטובת דער געזעלשאפט. אזא צוועק ווי די גלייכבארעכטיגונג פון אלע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, אדער אפילו די אפּשאפונג

---

* דאס קריסטענטום, באמערקט גיאָ, וואָס האָט פארשפּראָכן, אז די אויסדערוויילטע מענשן וועלן ניט בלייבן אין גיהנום, נאָר וועלן ארויס־גערגיין אין די ליכטיגע הימלען, האָט ארייַנגעבראכט א פולשטענדיגע איבערקערעניש אין די מוחות. יעדער איינער האָט געקאָנט האָפן צו זיין אן אויסדערוויילטער.

פון שקלאַווערייַ, האָט אַפּיקורוס צומאָל ניט משיג געווען. מוט, צום בייַשפּיל, איז לויט זייַן מייַנונג באַשטאַנען ניט אין זוכן געפאַרן, נאָר אין קאָנען זיי אויסמייַדן. דאַסגלייַכן בנוגע ליבע: אַ קלוגער מענטש דאַרף אויסמייַדן די לייַדנשאַפטלעכע ליבע, וואָרים עס איז ניטאָ אין איר קיין נאַטירלעכעס און ראַציאָנאַלעס: זי איז סוף כל סוף אַ פּסיכאָלאָגישע אילוזיע און שטעלט פאָר אַ מין רעליגיעזע פאַרגעטערונג, וואָס דאַרף ניט זייַן. ער איז געווען געגן הייראַטן, ווייל די הייראַט און דערנאָך די קינדער שאַפן צופיל זאָרג (קינדער האָט ער פונדעסטוועגן ליב געהאַט). דערפאַר האָט ער פריינדשאַפט אָוועקגעשטעלט זייער הויך. אין פריינדשאַפט פאַרגעסט אַ מענטש זייַנע אייגענע אינטערעסן: טוענדיק אַ געפעליקייט דעם פריינט טוען מיר אַנגענעמעס זיך אַליין. עפּיקורוס איז אַלעמאָל געווען אַרומגערינגלט מיט פריינט, און זייַנע תלמידים האָבן מיט זייער גוט לעבן צוזאַמען צוגעצויגן אַזויפיל נאָכפאָלגער, אַז לויט דער באַמערקונג פון איינעם, וואָס האָט געלעבט מיט זיי אין איין צייַט, דיאָגענעס פון לאַערטעס, וואָלטן „גאַנצע שטעט זיי ניט געקאָנט אַרייַננעמען". די מענטשן פון זייער צייַט האָבן ניט געקאָנט זיך געבוג אָנלויבן די געטרייַשאַפט פון די עפּיקורייער אין פריינדשאַפט.

גיאָ אין זייַן אַנאַליז פון די לערעס פון די עפּיקורייער האָט אויך אָנגעוויזן אויף איין אינטערעסאַנטע אייגנשאַפט זייערע. אויפן ערשטן קוק זייַנען פריינדשאַפט און זעלבסטאָפּפערונג צו גונסטן פון אַ פריינט אַ ווידערשפּרוך צו דער טעאָריע פון פערזענלעכע אינטערעסן, לויט וועלכער אַ פאַרנינפטיג דייַנקנדער מענטש דאַרף זיך פירן על פּי עפּיקורוסעס טעאָריע; כּדי אָבער אויסצומייַדן דעם דאָזיגן ווידערשפּרוך, האָבן עפּיקורוסוס נאָכפאָלגער דערקלערט פריינדשאַפט אַלס אַ שטילן אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אויף די יסודות פון גערעכטיקייט (ד. ה. אויף געגנזייַטיקייט אָדער גלייַכבאַרעכטיגונג, ווי מיר וואָלטן עס געזאָגט). אויפהאַלטן האַלט זיך אויף אַזאַ אָפּמאַך — על פּי הרגל. די ערשטע באַציאונגען קומען פאָר צוליב געגנזייַטיגע פערזענלעכע באַפרידיגונגען, ביסלאַכווייַז אָבער ווערן די דאָזיגע באַציאונגען אַ רגילות; עס וואַקסט אויס אַ ליבשאַפט, און דאַמאָלסט האָבן מיר ליב אונזערע פריינט, ניט פאַנאַנדערקלייַבנדיג וואָסערע פערזענלעכע נוצן מיר האָבן פון זיי. אָט אַזוי האָבן די עפּיקורייער באַרעכטיגט די פריינדשאַפט, באַווייַזנדיג אַז א

ווידערשפרעכט ניט זייער גרונט פּרינציפּ — דאָס זוכן פון פער־זענליכן גליק.

עס איז אָבער אַנטשטאַנען די פראַגע: — „וואָס פאַר אַ פּאָ־זיציע מוז אַן עפּיקורייער אָננעמען בשייכות צו דער גאַנצער גע־זעלשאַפט?“ — פּלאַטאָ (אין דעם געשפרעך „גאָרגיאַס“) האָט שוין ארויסגעזאָגט דעם געדאַנק — זאָגט גיאָ — אַז דער איינציגער גע־זעץ פון דער נאַטור איז דאָס רעכט פון דעם שטאַרקן. נאָך פּלאַטאָן האָבן די סקעפּטיקער און דעמאָקריט אָפּגעלייקנט די „נאַטירליכע גערעכטיקייט“, און אַ סך דיינקער פון יענער צייט האָבן אָנדער־קענט, אַז די רעגעלן פון בירגערליכן לעבן זיינען איינגעשטעלט גע־וואָרן דורך מאַכט און פאַרפעסטיגט געוואָרן דורך געוויינהייט.

עפּיקורוס, באַהויפּטעט גיאָ, האָט דער ערשטער ארויסגעזאָגט דעם געדאַנק, וואָס איז אַ צייט שפּעטער אַנטוויקלט געוואָרן דורך האָבבסן און נאָך אים פון אַ סך אַנדערע, אַז דאָס אַזוי אָנגערופענע „נאַטירליכע רעכט“ איז ניט געווען קיין אַנדער זאַך ווי נאָר „אַ געגנזייטיגער אָפּמאַך, ניט צו טאָן איינער דעם אַנדערן און ניט צו ליידן איינער פון אַנדערן קיין שאָדן“. — „גערעכטיקייט אַז און פאַר זיך האָט קיין ווערט ניט; זי עקזיסטירט נאָר אין די געגנזיי־טיגע איינשטימונגען, און שטעלט זיך איין אומעטום, וואו עס איז אָנגענומען די געגנזייטיגע פאַרפליכטונג ניט צו טאָן אַנדערע קיין שאָדן און ניט צו פאַרליידן אַליין קיין שאָדן“. „אַזוינע אָפּמאַכן ווערן איינגעפירט דורך די חכמים“, האָט געזאָגט אַפּיקורוס, „און ניט צוליב דעם, כדי ניט אָפּצוטאָן אומגערעכטיקייטן, נאָר כדי ניט צו ליידן אומגערעכטיקייטן פון אַנדערע“. בלויז אַלס פּועל יוצא פון דער געגנזייטיקייט קומט עס אויס, אַז באַשיצנדיג זיך פון אַנ־דערע, באַשיצן מיר די אַנדערע פון זיך. אָהן אַזוינע אָפּמאַכן און געזעצן וואָלט קיין געזעלשאַפט ניט מעגליך געווען: מענשן וואָלטן אויפגעגעסן איינע די אַנדערע, האָט געזאָגט מעטראָדאָר, עפּיקורוסעס נאָכפאָלגער. (גיאָ, בוך 3, קאַפּ. 2.)

דער אויספיר פון דער גאַנצער לערע פון די עפּיקורייער איז פאָלגליך געווען, אַז דאָס, וואָס מען רופט אָן פליכט און טוגענד, איז אידענטיש מיט יעדן איינעמס נוצן. די טוגענד איז דער ריכ־טיגסטער מיטל צו גרייכן גליק; און אויב עס שטעלט זיך ביים מענשן אַ צווייפל, ווי אַזוי צו האַנדלען, איז דאָס בעסטע — פאָלגן די טוגענד.

אין דער דאָזיגער טוגענד איז אָבער אפילו קיין סמן ניט געווען פון מענשליכער גלייכבארעכטיגונג. די שקלאַווערייַ האָט עפּיקורוסן ניט געאַרט. ער אליין איז זיך באַגאַנגען גאַנץ גוט מיט זיינע קנעכט, זייערע רעכט האָט ער אָבער ניט אָנדערקענט: די גלייכבארעכטיגונג פון מענשן איז אים הפּנים גאר אויפן זין ניט געקומען. און עס האָבן נאָך געדאַרפט אריבערגיין פיל הונדערטע יאָרן, איידער די דיינקער, וואָס האָבן זיך באַשעפטיגט מיט דער מאָראַלער פראַגע, האָבן זיך אַנטשלאָסן ארויסצושטעלן פאַר א לאָזונג פון דאס מאָראַלע — די גלייכבארעכטיגונג, די גלייכהייט פון אַלע מענשליכע באַשעפענישן.

מען דאַרף אָבער באַמערקן, כדי די כאַראַקטעריסטיק פון דער עפּיקורייאישער לערע זאָל זיין פולשטענדיג, אַז ביי איין נאָכפאָלגער עפּיקורוסעס, ביי וועמען מיר געפינען די פולסטע דאַרלייגונג פון זיין לערע, דאָס איז ביי דעם רוימישען שרייבער ל ו ק ר ע צ י ו ס (אין דעם ערשטן י. ה. פאר אונזער ערא) איז אין זיין פּאָעמאַ „וועגן דער נאַטור פון זאכן" שוין געווען אויסגעדריקט די אידייע פון פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג, ד. ה. פון עוואָלוציע, וועלכע ליגט איצטער אין גרונט פון דער מאָדערנער פילאָסאָפיע. ער האָט אויך געגעבן א נאַטור־וויסנשאַפטליכן, מאַטעריאַליסטישן באַגריף פונם לעבן פון דער נאַטור ווי די מאדערנע וויסנשאפט פאַרשטייט דאָס. בכלל איז עפּיקורוסעס באַגריף וועגן דער נאַטור און וועלטשאַפונג געווען געבויט, אַזוי ווי זיין עטיק, אָהן א וועלכן עס איז אריינמיש פון גלויבן; די סטאָאיקער אבער, וועלכע זיינען געווען פּאַנטעאיסטן, האָבן אַלץ געגלויבט אין דעם שטענדיגן אריינמישן זיך פון איבערנאַטירליכע קרעפטן אין אונזער גאַנצן לעבן. יוידער, פּלאַטאָ'ס נאָכפאָלגער, דערהויפּט די פילאָסאָפן פון דער אַלעקסאַנדריער שולע, וועלכע האבן געגלויבט אין נסים און כשוף, האָבן, פאַרשטייט זיך, געמוזט זיך אונטערגעבן דעם קריסטליכן גלויבן. די עפּיקורייער אליין זיינען געבליבן אומגלויבער, און זייער לערע האָט אנגעהאַלטן זייער לאַנג, ד. ה. מער ווי פינף הונדערט יאָר. זי איז געווען, האַרט ביז דעם אויפקומען פון קריסטנטום, די מאַרשפּרייטסטע לערע אין דער אַלטער וועלט, און זי איז אפילו נאָכדעם געבליבן פּאָפּולער נאָך א פיר הונדערט יאָר. אין צוועלפטן יאָרהונדערט און דערנאָך אין דער רענעסאַנס עפּאָכע, ווען עס האָבן

זיך אנגעהויבן אין איראפּא די ראַציאָנאַליסטישע באַוועגונגען, זייַ־נען טאַקע זייערע ערשטע טריט אין איטאַליע געמאַכט געוואָרן אויף די יסודות פון עפּיקורוסעס לערע. (גיאָ, בוך 4, קאַפּ. 1.)

אַ שטאַרקן איינפלוס האָט עפּיקורוסעס לערע געהאַט אויף דעם ראַציאָנאַליסט פון 17טען י. ה. ג אַ ס ע נ ד י (1592־1655) און אויף זיין תלמיד האָבבעס, און אפילו אויף לאָקק, וועלכע האָבן צו־געגרייט די באַוועגונג פון די ענציקלאָפּעדיסטן און פון דער מאָדער־נער נאַטוראַליסטישער פילאָסאָפיע. און פונקט אַזוי שטאַרק איז דער דאָזיגער איינפלוס געוועזן אויף דער פילאָסאָפיע פון די „לייַ־קענער", ווי ל אַ ר אַ ש פ ו ק אָ און מ אַ נ ד ע ו ו י ל, ווי אויך אין 19טען י. ה. אויף ש ט י ר נ ע ר, נ י ט צ ש ע און זייערע נאָכפאָלגער.

ד י ס ט אָ אַ י ק ע ר. — די פערטע שולע, וועלכע האָט זיך אויך אַנטוויקלט אין אַלטן גריכנלאַנד און דערנאָך אין רוים, און וועלכע האָט ביז אויף היינטיגן טאָג איבערגעלאָזט אַ טיפן שפּור אין דעם עטישן דיינקען, איז געוועזן די שולע פון די סטאָאיקער. פאַר זייערע גרינדער רעכנט מען ז ע נ אָ ' ן (געב. אין 340 יאָר, געשט. אין 265טען יאָר פאַר קריסט.) און ק ר י ז י פּ ו ס ן (געב. אין 281 אדער 276טן, געשט. אין 208 אדער 204טן יאָר פאַר קריסט.); שפּעטער, אין דער רוימישער אימפּעריע, האָט דיזעלביגע לערע אַנטוויקלט ס ע נ ע ק אָ (געלעבט פון 54טן יאָר פאַר קריסט. ביז דעם 36טן יאָר נאָך קריסט.), דערהויפּט אָבער ע פּ י ק ט ע ט ו ס (געלעבט ביים סוף ערשטן און אָנהויב צווייטן י. ה.) און מ אַ ר ק אַ ו ר ע ל י ו ס (פון 121 ביז 180 פון אונזער צייטרעכענונג).

די סטאָאיקער האָבן זיך געשטעלט דעם ציל צו געבן דעם מענשן גליק, אַנטוויקלנדיג אין אים די טוגענד, וועלכע באַשטייט אין לעבן אין איינקלאַנג מיט דער נאַטור, גלייכצייטיג מיט דער אַנטוויקלונג פונם פאַרשטאַנד און דער דערקענטעניש פון דעם אַלוועלטליכן לעבן. זיי האָבן ניט געזוכט די אָפּשטאַמונג פון דעם מענשנס מאָ־ראַלע באַגריפן און שטרעבונגען אין אַ וועלכער עס איז איבערנאַ־טירליכער קראַפט, נאָר האָבן פאַרקערט באַהויפּטעט, אַז די נאַטור גופא אַנטהאַלט אין זיך די רעגעלן, און ממילא די פאָרמען פון מאָ־ראַליטעט. דאָס, וואָס מענשן רופן אַז מאָראַלע געזעצן, האָבן זיי

באַהויפּטעט, פליסט אַרויס פון די וועלט־געזעצן, וואָס פירן אַז דאָס לעבן פון דער נאַטור. זייערע אַנשויאונגען זיינען זיך צונויפגעגאַנגען אויף דעם אופן מיט די אַנשויאונגען, וואָס שלאָגן זיך דורך אַ וועג אין דער מאָדערנער עטיק זינט די צייטן פון בעיקאָן, ספּינאָזאַ, אָויגוסט קאָנט און דאַרווין. מען דאַרף נאָר באַמערקן, אַז ווען די סטאָאיקער האָבן גערעדט וועגן די ערשטע יסודות פון מאָראַל און וועגן דעם לעבן פון דער נאַטור בכלל, האָבן זיי נאָך אָפּט אויסגעדריקט זייערע אַנשויאונגען אין ווערטער, וואָס זיינען אייגנטימליך פאַר די מעטאַפיזיקער. אַזוי האָבן זיי געלערנט, אַז די פאַרנונפט אַדער דאָס „וואָרט" (אין גריכיש ל אָ ג אָ ס) דרינגט דורך די גאַנצע וועלט אַלס די העכסט אַלגעמיינע וועלט־פאַרנונפט, און אַז דאָס, וואָס מענשן רופן אַז מאָראַלע געזעצן, פליסט אַרויס פון די וועלט־געזעצן, וועלכע פירן אַז דאָס לעבן פון דער נאַטור. * דעם מענשנס פאַרנונפט, האָבן געזאָגט די סטאָאיקער, און ממילא אויך אונזערע באַגריפן וועגן מאָראַל, איז נישט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר איינע פון די דערשיינונגען פון די נאַטור־קרעפטן. דאָס האָט זיי, נאַטירליך, ניט געשטערט צו באַגרייפן, אַז דאָס בייזע אין דער נאַטור און אין מענשן, דאָס פיזישע בייז ווי דאָס מאָראַלע, איז פונקט אַזאַ נאַטירליכע פאָלגע פונם לעבן פון דער נאַטור, ווי דאָס גוטע. זייער גאַנצע לערע איז פאָלגליך געווען געווענדעט צו העלפן דעם מענשן אַנטוויקלען אין זיך דאָס גוטע און קעמפן אַנקעגן דאָס בייזע, און דורכדעם גופא דערגרייכן דאָס גרעסטע גליק.

די געגנער פון די סטאָאיקער האָבן אָנגעוויזן אויף זיי, אַז זיי ווישן אָפּ מיט זייער לערע דעם אונטערשייד צווישן גוטס און שלעכטס; און מען דאַרף טאַקע באַמערקן, אַז הגם אין לעבן האָבן די מערסטע סטאָאיקער ניט צונויפגעמישט די ביידע באַגריפן, האָבן זיי אָבער ניט אָנגעוויזן קיין באַשטימטן קריטעריום (ד. ה. מאָסשטאַב), מיט וועלכן צו קאָנען אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס, ווי דאָס האָבן געטאָן צום ביישפּיל די אוטיליטאַריאַניסטן אין 19טן יאָרהונדערט, וועלכע האָבן אָוועקגעשטעלט דעם

* עפּיקטעטוס האָט אפילו ניט געהאַלטן פאַר נויטיג אויסצולערנען די נאַטור, כּדי צו דערקענען דעם עצם פון אירע געזעצן. אונזער נשמה, האָט ער געזאָגט, דערקענט זיי דירעקט, היות ווי זי געפינט זיך אין אַן אייניגער פאַרבינדונג מיט דער גאָטהייט.

ציל פון דער עטיק דאָס גרעסטע גליק פון דער גרעסטער צאָל מענשן (בענטאַם), אדער די, וועלכע האָבן זיך באַצויגן אויף דער אויבערמאַכט פון דעם געזעלשאַפטליכן אינסטינקט איבער דעם פערזענליכן (בעיקאָן און דאַרווין), אדער די, וועלכע האָבן אריינגעטראָגן אין דער עטיק דעם באַגריף וועגן גערעכטיקייט, ד. ה. גלייכבארעכטיגונג.

בכלל איז די באַמערקונג געווען אַ גערעכטע, אַז די סטאָאיקער האָבן ניט דערפירט זייערע געדאַנקען ביז צו אַווירקליכן אויפבויען פון דער מאָראַל־טעאָריע אויף נאַטירליכע יסודות. אמת, ווען די סטאָאיקער האָבן באַהויפּטעט, אַז דער מענש דאַרף לעבן לויט די געזעצן פון דער נאַטור, האָבן איינינגע פון זיי שוין געהאַט אָנגעוויזן, אַז דער מענש איז אַ געזעלשאַפטליכע חיה, און דעריבער מוז ער אונטערוואַרפן זיינע אימפּולסן אונטער דער ממשלה פון דער פאַרנונפט און די באַשטרעבונגען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט; און ציצעראָ האָט אַפילו גערעדט וועגן דער גערעכטיקייט ווי וועגן אַ יסוד פון דאָס מאָראַלע. נאָר ווען ער לעבט אין איינקלאַנג מיט דער וועלט־פאַרנונפט קאָן דער מענש געפינען חכמה, טוגענד און גליק, האָבן געזאָגט די סטאָאיקער; און די נאַטור גופא גיט אונז געזונטע מאָראַלע אינסטינקטן. „אָבער... ווי שווער עס איז געווען פאַר די סטאָאיקער צו געפינען דאָס מאָראַלע אין דעם נאַטירליכן און דאָס נאַטירליכע אין דעם מאָראַלן" — האָט ריכטיג באַמערקט יאָדל אין זיין „געשיכטע פון עטיק". און מחמת אָט דעם פעלער אין זייער לערע — אגב, אַן אומפאַרמיידליכער פאַר יענער צייט — זיינען איינינגע פון די סטאָאיקער, ווי צום ביישפּיל עפּיקטעטוס, געקומען צו דער קריסטליכער עטיק, וואָס אנדערקענט די נויטיקייט פון אַ געטליכער אַנטפּלעקונג פאַר דער דערקענטעניש פון דאָס מאָראַלע; איינינגע, ווי ציצעראָ, האָבן געוואַקלט צווישן אַ נאַטירליכער און אַ געטליכער אָפּשטאַמונג פון דאָס מאָראַלע; און מאַרק אורעליוס, וועלכער האָט אנגעשריבן אַזעלכע פאַרטרעפליכע מאָראַלע שפּרוכן, איז דערגאַנגען (אין זיין פאַרטיידיגונג פון די אָפיציעלע אַנדערקענטע געטער) ביז צו דער באַרעכטיגונג פון די גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען אויף די קריסטן. זיין סטאָאיציזם איז שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעליגיע און אין רעליגיעזן פאַנאַטיזם.

בכלל איז אין די לערען פון די סטאָאיקער געווען אַ סך ניט דערזאָגטעס און אפילו ווידערשפרוכן. אבער נאָך אלעם דעם האבן זיי איבערגעלאָזט טיפע שפורן אין דער פילאָסאָפיע וועגן מאָראל. איינינע פון זיי זיינען דערגאַנגען ביז צו פריידיגן אַן אלוועלטליכע ברודערשאַפט; אבער צוזאמען מיט דעם האָבן זיי ניט אָפּגעלייקנט דעם אינדיווידואליזם, די ליידנשאַפטלאָזיקייט און דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער וועלט. ס ע נ ע ק אַ, דער ערציער פון נעראָ'ן (פון דעמזעלביגן נעראָ, וועלכער האָט אים שפּעטער פאראורטיילט צום טויט), האָט פאראייניגט דעם סטאָאיציזם מיט פּלאַטאָ'ס מעטאַפיזיק און האָט אויך צוגעמישט צו אים עפּיקורוסעס לערע און די לערען פון די פּיטאַגאָריער. ציצעראָ ווידער האָט זיך דירעקט גענייגט צו דעם רעליגיעזן באַגריף פון מאָראל, זעהענדיג אין איר דעם אויסדרוק פון די געזעצן פון דער נאַטור און פון דער גאָטהייט. * אבער דער גרונט געדאנק פון די סטאָאיקער איז געווען, אַז מען דאַרף זוכן די יסודות פון מאָראל אין דער מ ע נ ש ל י כ ע ר פ אַ ר נ ו נ פ ט. די שטרעבונג צום וואלזיין פון כלל האבן זיי געהאַלטן פאַר אַ מיטגעבוירענע איינגנשאַפט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אינעם מענשן לפי ערך פון זיין גייסטיגער אַנטוויקלונג. רעכט האַנדלונג איז פאַרנינפטיג, האבן זיי מוסיף געווען, וועלכע שטימט מיט דער נאַטור פון מענשן און פון „אלע זאכן“, ד.ה. מיט דער נאַטור בכלל. לעבן אין איינשטימונג מיט דער נאַטור האָט לויט ציצעראָ'ן געהייסן קודם כל צו דערקענען די נאַטור און צו אַנטוויקלען אין זיך געזעלשאַפטליכקייט, ד. ה. די פייאיקייט איינצוהאַלטען די אימפּולסן, וואָס פירן צו אומגערעכטיקייט; מיט אַנדערע ווערטער, אַנטוויקלען אין זיך גערעכטיקייט, מוט און בכלל די אַזוי גערופענע בירגערליכע טוגענדן. עס איז אויף דעם אופן פאַרשטענדליך, פאַרוואָס ציצעראָ איז געוואָרן דער באַליבטער שרייבער זינט דער רענעסאַנס צייט און דערנאָך אויך ביי די שרייבער פון 17טן יאָרהונדערט, און פאַרוואָס ער האָט געהאַט אַזאַ איינפלוס אויף לאָקק,

* דער נאַטוראליסטישער פּאַנטעאיזם פון די סטאָאיקער איז ביי אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאַטוראליסטישן דעאיזם, האָט יאָדל געשריבן. דער דאָזיגער פאַרוואַנדלונג פון דעם סטאָאיציזם האָט אויך סענעקאַ געהאַלפן. (די געשיכטע פון עטיק, ב. 1, ז. 27).

האבבס, שעפטסבערי און אויף די פאָרגייענגער פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, מאָנטעסקיע, מאַבלי און רוססאָ.

אויקען איז דעריבער פולשטענדיג גערעכט, ווען ער זאָגט אַז דער גרונט געדאַנק פון דעם סטאָאיציזם, ד.ה. די וויסנשאַפטליכע באַגרינ־דונג פון מאָראַל און איר אויפהויבונג ביז דער פולער הויך און זעלבשטענדיקייט, אינאיינעם מיט דעם באַגריף פון דער וועלט אַלס גאַנצעס, איז פאַרבליבן ביז הייגטיגן טאָג. * לעבן אויף דער וועלט און זיך בייגן צו איר אומבאַוואוסטזיניג, איז אַ פּחיתת הכבוד פאַרן מענשן. מען מוז דערגיין צו אַ פאַרשטענדעניש פון דעם לעבן פון דער וועלט און אים באַגרייפן ווי אַ שטענדיגע אַנטוויקלונג (עוואָ־לוציע) און לעבן אין איינקלאַנג מיט די געזעצן פון דער דאָזיגער אַנטוויקלונג. אַט אַזוי האָבן די בעסטע סטאָאיקער פאַרשטאַנען די מאָראַל, און דורך אַט אַזאַ באַגריף האָט דער סטאָאיציזם שטאַרק געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער ווינשאַפט וועגן מאָראַל.

דערצו איז דער לאָזונג פון די סטאָאיקער געווען — ניט גלייכ־גילטיג, נאָר אַקטיוו צו פאַרהאַלטן זיך צום לעבן פון דער געזעל־שאַפט, און צוליב דעם אויסאַרבעטן אַ פעסטן כאַראַקטער; און אַט דעם געדאַנק האָט עפּיקטעטוס אַנטוויקלט מיט אַ גרויסער קראַפט. פּאַולסען האָט געשריבן אין זיינע „גרונדשטריכן פון עטיק": „איך ווייס ניט פון קיין אַנדער זאַך, וואָס זאָל זיין בכח צו מאַכן אַ טיפערן איינדרוק איידער די פּלעצער ביי עפּיקטעטוסן, וואו ער רופט צו באַ־פרייען זיך פון דעם איינפלוס פון זאַכן, וואָס ליגן ניט אין אונזער מאַכט, און דערגרייכנדיג אינערליכע פרייהייט, צו פאַרלאָזן זיך נאָר אויף זיך אַליין" (קאַפּ. 1, § 5, רוסישע איבערזעצונג אונטער דער רעדאַקציע פון וול. איוואַנאָווסקי).

מען מוז זיך האַלטן אָן דעם ריגאָריזם אין לעבן, האָבן געשריבן די סטאָאיקער, ד. ה. מען מוז האָבן אַ שטרייגגע באַציאונג צו די אייגענע שוואַכקייטן. דאָס לעבן איז אַ קאַמף — ניט קיין עפּיקור־רייאישער געגוס פון אַלערליי פריידן. דער ערגסטער שונא פונם מענשן איז דאָס ניט האָבן קיין העכערן ציל. פאַר אַ גליקליכן לעבן איז נויטיג אינערליכער מוט, עלית הנפש, הערואיזם. און אַזוינע

* אויקן „לעבענסאַנשויאונג גראָססער דענקער", זיבעטע אויפלאַגע, 1907, זייט 90.

אידייען האָבן זיי געפירט צו דעם געדאַנק פון אן אלוועלטליכער ברידערליכקייט, פון דער „מענשהייט“, ד. ה. צו א געדאַנק, וואָס האָט זיך נאָך ניט ארויסגעוויזן ביי זייערע פאָרגייער.

אבער אינאיינעם מיט אזוינע שיינע שטרעבונגען באמערקן מיר פונדעסטוועגן ביי אלע אנגעזעהענע סטאָאיקער א ניט־אנט־שלאָסענקייט, א צווייזייטיקייט. אין דער פירונג פון דער וועלט האָבן זיי געזען ניט בלויז די געזעצן פון דער נאטור, נאר אויך דעם ווילן פון אן אלערהעכסטער פארנונפט; און דאס האָט אומפאר־מיידליך פאראליזירט די וויסנשאפטליכע אויספאָרשונג פון דער נאטור. זייער וועלטאנשויאונג איז געווען א צווייפאכיגע, און אָט די צווייפאכיקייט האָט זיי געפירט צו מאכן הנחות, וואס זיינען געגאנגען להיפך צו די גרונטפרינציפן פון זייער מאָראל, צו מאכן שלום מיט דאס, וואָס זיי האָבן אָפּגעלייקנט אין זייער אידעאל; דאָס האָט געפירט אזא דיינקער ווי מארק אורעליוס צו א גרויזא־מער פארפאָלגונג פון די קריסטן. די שטרעבונג צונויפצוגיסן דאס פערזענליכע לעבן מיט דעם לעבן וואָס ארום איז דערגאנגען ביז געמיינע קאָמפּראָמיסן, ביז דער איינשטימונג מיט דער גראָבער, געמיינער ווירקליכקייט; און אלס פועל יוצא פון דעם האָבן שוין אָפּגעקלונגען אין די שריפטן פון די סטאָאיקער די ערשטע קלאַנ־גען פון פארצווייפלונג, פון פעסימיזם. מיט אלעם דעם איז דער איינפלוס פון די סטאָאיקער דאָך געווען זייער א גרויסער. דער דאָזיגער איינפלוס האָט פאָרבערייט די מוחות אנצונעמען דעם קריסטנטום, און זיין איינפלוס פילען מיר נאָך אפילו איצטער צווישן די ראציאָנאַליסטן.

## זעקסטער קאפּיטל.

# קריסטנטום. — דער מיטלאלטער. — די רענעסאַנס עפּאָכע.

דאָס קריסטנטום. — די אורזאַך פון דער פאַרשפּרייטונג און דעם ערפאָלג פון דער קריסטליכער לערע. — דאָס קריסטנטום ווי א רעליגיע פון אָרימקייט. — קריסטנטום און בודיזם. — דער הויפּט חלוק צווישן קריסטנטום און בודיזם און אלע פריערדיגע רעליגיעס. — דער סאָציאלער אידעאל פון קריסטנטום. — די ענדערונג פון דעם אורשפּרינגליכן קריסטנטום. — די פאַראייניגונג פון דער קירך מיט דער רעגירונג. — דער מיטלאַלטער. — דער פאָלקס-פּראָטעסט אנטקעגן דעם יאָך פון דער רעגירונג און דער קירך. — דער קאַמף פון פאָלק אנטקעגן דער אָפיציעלער קירך און דער רעגירונג אין מיטלאלטער. — די פרייע שטעדט און די רעליגיעזע באַוועגונגען (די אַלביגענצער, לאָלאַרדן און הוססיטן). — די רעפאָרמאַציע. — די רענעסאַנס עפּאָכע. — קאָפּערניקוס און זשיאָרדאַנאָ ברונאָ. — קעפּלער און גאלילעאָ. — פראַנסיס בעקאָן. — בעקאָנ'ס לערע וועגן מאָראַל. — הוגאָ גראָציוס. — דער פּאָרטשריט פון די מאָראַלע לערען אין 17טן יאָרהונדערט.

פון דעם סך הכל ביז דער קריסטליכער עטיק אין אלטן גריכנלאנד זעהען מיר, אז ווי פארשיידן די גריכישע דיינקער האָבן ניט ערקלערט די מאָראַל, זיינען זיי זיך אבער צונויפגעקומען אין איין פּונקט. זיי האָבן איינגעזען, אז דער מקור פון דעם מענשנס מאָראַלע טריבן געפינט זיך אין זיינע מיטגעבוירענע נייגונגען און אין זיין פארשטאַנד. וועגן דעם ריכטיגן מהות פון די דאָזיגע נייגונגען האָבן זיי קוים זיך אפּגעגעבן א קלאָרע רעכענונג. זיי האָבן

אָבער געלערנט, אַז דער מענטש, לעבנדיק אַ געזעלשאַפטלעכן לעבן, און אַ דאַנק זיין פאַרשטאַנד, אַנטוויקלט נאַטירלעך אין זיך און פאַרשטאַרקט זיינע מאָראַלע נייגונגען, וואָס דינען אויפצוהאַלטן די פאַר אים נויטווענדיקע געזעלשאַפטלעכקייט, און דעריבער האָבן זיי ניט געזוכט קיין הילף פון מענטשן דרויסן אין איבערנאַטיר־לעכע קרעפטן.

אַט אַזאַ איז געווען דער עצם פון די לערן פון סאָקראַטעס, אַריסטאָטעל, טיילווייז אויך פון פּלאַטאָ און די ערשטע סטאָאי־קער; אַריסטאָטעל האָט שוין אפילו פּרובירט בויען די מאָראַל אויף אַ נאַטורוויסנשאַפטלעכן באַזיס. בלויז פּלאַטאָ האָט אַריינגעטראָגן אין דער מאָראַל אַ האַלב־רעליגיעזן עלעמענט. פון דער אַנדער זייט אָבער האָט עפּיקורוס, מעגלעך אַלס געגנגעוויכט צו פּלאַטאָ'ן, אַרויסגערוקט אַ נייעם פּרינציפּ: די פאַרניפטיקע שטרעבונג פונם מענטשן צו גליק, צו באַפרידיקונג, און ער האָט זיך געמיט פאַר־צושטעלן דאָס גליק־זוכעניש אַלס דעם הויפּט קוואַל פון דאָס מאָ־ראַלע ביי דעם דיינקענדן מענטשן.

באַהויפּטנדיק, אַז די ריכטיק פאַרשטאַנענע שטרעבונג פונם מענטשן צו פּערזענלעכן גליק, צו דער פולקייט פון לעבן, איז אַ מאָראַלע באַוועגנדע קראַפט, איז עפּיקורוס געווים געווען גערעכט: אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט פולשטענדיק אויף וויפיל געזעלשאַפט־לעכקייט, גערעכטיקייט און אַ גוטע גלייכהייטלעכע באַציאונג צו מענטשן פירט צו אַ גליקלעכן לעבן פון יעדן איינעם, ווי אויך פון דער גאַנצער געזעלשאַפט — וועט ניט זיין אוממאָראַליש. מיט אַנדערע ווערטער: אַ מענטש, וואָס אַנערקענט די גלייכהייט פון אַלע מענטשן, און וואָס איז דערגאַנגען אויפן וועג פון לעבנס דער־פאַרונג צו דער אידענטיפיצירונג פון זיינע אייגענע נוצן מיט די נוצן פון אַלע אַנדערע, קאָן אודאי געפינען אין אַזאַ באַגריף פון פּערזענלעכן גליק אַ שטיצע פאַר זיין מאָראַל. אָבער באַהויפּטנדיק אַז דאָס פאַרנינפטיקע זוכן פון גליק וועט אַליין פירן דעם מענטשן צו אַ מאָראַלער באַציאונג צו אַנדערע מענטשן, האָט אַפּיקורוס אָהן אַ שום נויט פאַרשמעלערט דיווירקלעכע יסודות פון דער מאָראַל. ער האָט פאַרגעסן, אַז וויפיל ציגנזן דער מענטש זאָל ניט צאָלן דעם עגאָאיזם, עקזיסטירן נאָך אין אים די געוויינהייטן פון געזעלשאַפט־לעכקייט, און ער האָט אויך אַ באַגריף פון גערעכטיקייט, וואָס פירט,

ער זאָל ביז א געוויסן גראַד אנדערקענען די גלייכבארעכטיגונג פון אלע מענשן; און ענדליך, אז אפילו ביי מענשן, וואָס זיינען מאָראַליש געפאַלן גאַנץ נידעריג, געפינט זיך א געוויסע אומקלאָרע דערקענטעניש פון א אידעאַל און פון א מאָראַלער שיינקייט.

עפיקורוס האָט אויף דעם אופן פארקלענערט די באדייטונג פון די געזעלשאפטליכע אינסטינקטן פונם מענשן און האָט גע־האָלפן אוועקשטעלן די פראַקטישע „אויסגערעכנטקייט" אויף דעם אָרט פון דעם רעכט־דיינקנדיגען שכל, וואָס אָהן אים קאָן אין דער געזעלשאפט ניט זיין קיין פראָגרעסיווע אנטוויקלונג. פון דער אַנ־דער זייט האָט ער אויסגעלאָזט פון באַטראַכט דעם איינפלוס פון דער סביבה און די איינטיילונג אין קלאַסן, וואָס ווערט פיינטליך צו דער מאָראַל, ווען די פיראַמידאַלע געבוי־פאָרם פון דער געזעל־שאפט דערלויבט אייניגע מענשן צו טאָן דאָס, וואָס זי פארבאָט אַנדערע מענשן צו טאָן.

דער אמת איז, אז עפיקורוסעס נאָכפאָלגער — א גאַנץ היפשע צאָל אין אלכסנדר מוקדונס אימפעריע, און שפעטער אויך אין דער רוימישער אימפעריע, — האָבן אין דער פארלייקענונג פון דעם מאָראַלן אידעאַל, וואָס שטעלט אויף די גלייכהייט פון מענשן און די גערעכטיקייט אלס דעם ציל פון דער מאָראַל, געפונען א באַ־רעכטיגונג פאר זייער גלייכגילטיקייט צו די וואונדן פון דער גע־זעלשאפטליכער אָרדענונג. *

א פראָטעסט אקעגן די וואונדן פון דער דאמאָלסדיגער געזעל־שאפט און אקעגן דער אפשוואַכונג פון געזעלשאפטליכקייט איז

* מאַרק גיאָ האָט אָנגעוויזן אין זיין אויסגעצייכנטער פאָרשונג וועגן עפיקורוסעס פילאָסאָפיע, אז אין פארלויף פון עטליכע יארהונ־דערטן האָט זי פאראייניגט א סך וואוילע מענשן; און דאָס איז פול־שטענדיג ריכטיג. אין דער מענשהייט איז אלעמאָל פאַראַן א גרופע מענשן, וואָס קיין חקירה, זאָל עס זיין א רעליגיעזע אדער א ריין נע־גאַטיווע, וועט זיי ניט מאַכן ניט בעסער, ניט ערגער אין דעם געזעל־שאַפטליכן זין. אבער צוזאמען מיט זיי עקזיסטירן מאַסן מענשן מיטל־מעסיגע, אייביג וואַקלענדיגע, וואָס ווארפן זיך אונטער די באהערשנדע לערען פון א געוויסער צייט; און פאר אָט דער שוואַך־כאַראַקטערדיגער מערהייט האָט עפיקורוסעס פילאָסאָפיע געדינט אלס א בארעכטיגונג פאר זייער געזעלשאַפטליכער גלייכגילטיקייט, בעת אנדערע, וועלכע האָבן געזוכט א אידעאל, האָבן זיך געווענדט נאָך אים צו דער רעליגיע.

געווען אומפאַרמיידליך. און דער פּראָטעסט איז געקומען, ווי מיר האָבן געזען, צוערשט אין די לערעס פון די סטאָאיקער און דערנאָך אין דעם קריסטנטום.

שוין אין פינפטן יאָרהונדערט פאַר אונזער צייטרעכענונג האָבן זיך אנגעהויבן די מלחמות פון גריכנלאַנד מיט פּערסיע, און די דאָזיגע מלחמות האָבן בּיסלאַכווייז געפירט צו דער פולשטענדיגער אָפּשוואַכונג פון יענעם סדר פון פרייע שטעט אין דער אַלט־גריכישער רעפּובליק, אין וועלכע די וויסנשאַפטן, קונסט און פילאָסאָפיע האָבן דערגרייכט אַ הויכע אנטוויקלונג. שפּעטער, אין פערטן יאָרהונדערט, איז באַשאַפן געוואָרן דאָס מאַקעדאָנישע קיניגרייך און עס האָבן זיך אנגעפאַנגען אַלעקסאַנדער דעם גרויסנס מלחמה־צוגן אין די אינעווייניגסטע טיילן פון אַזיע. די בּליענדיגע, אומאָפּהענגיקע גריכישע דעמאָקראַטיעס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אונטערטעניגע געגענדן פון דער נייער עראָבערענדער אימפּעריע: און אַריינבּרייננגנדיג שקלאַוון פון מזרח און ברייננגנדיג צו פירן פון דאָרטן די אנגערויבטע רייכטימער, האָבן די עראָבערער צוזאַמען מיט דעם איינגעפירט אַ צענטראַליזאַציע און אַ פּאָליטישן דעספּאָטיזם מיט דעם רויבערשן גייסט פון געלט־מאַכן, וואָס זיינען אומפאַרמיידליך ביי אַ צענטראַליזאַציע. נאָך מער, די רייכטימער, וואָס זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין גריכנלאַנד, האָבן צוגעצויגן צו איר רויבער פון מערב, און שוין ביים סוף דריטן יאָרהונדערט ביזן אנהויב פון אונזער צייט־רעכענונג האָט זיך אנגעהויבן די עראָבערונג פון גריכנלאַנד דורך רוים.

די אַלטע עללאַדאַ, וואָס איז געווען די פאַרשטייערין פון וויסן און קונסט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּראָווינץ פון דער עראָבערישער רוימישער אימפּעריע. דער פאַקל פון וויסנשאַפט, וואָס האָט געברענט אין גריכנלאַנד, איז אויסגעלאָשן געוואָרן אויף אַ סך יאָרהונדערטן. פון רוים האָט זיך פאַרשפּרייט אויף אַלע זייטן די רויבערישע צענטראַליזירטע רעגירונג, וואו דער לוקסוס פון די העכערע קלאַסן איז געווען געבויט אויף דער שקלאַוון־אַרבעט פון די אונטערדריקטע פעלקער, און די אויסגעלאַסנקייט פון די העכערע רעגירנדע קלאַסן האָט דערגרייכט די לעצטע גרעניצן.

אַ פּראָטעסט איז אונטער אַזוינע אומשטענדן געווען אומפאַרמיידליך, און ער איז געקומען — צוערשט אין דער פאָרם פון אַפּ־

קלאנגען פון דער נייער רעליגיע, דעם בודדיזם, וואס איז געבארן געווארן אין אינדיע, וואו עס איז פארגעקומען פונקט אזא דעגענעראציע ווי אין דער רוימישער אימפעריע; און דערנאך, א יאר פיר הונדערט שפעטער, אין דער פארם פון קריסטנטום, אין יודעא, פונוואנען עס איז אריבערגעגאנגען אין קליין־אזיע, וואס איז געווען איבערגעפילט מיט גריכישע קאלאניעס, און דערנאך אין סאמע צענטער פון דער רוימישער הערשאפט, אין איטאליע.

עס איז לייכט צו פארשטיין, וואס פאר אן איינדרוק עס האבן געמוזט מאכן, באזונדערס אויף די ארימע קלאסן, דידאזיגע צוויי לערען, וועלכע האבן צווישן זיך אזויפיל געמיינשאפטליכעס. אנזאגונגען וועגן דער נייער רעליגיע, וואס איז געבארן געווארן אין אינדיע, האבן אנגעהויבן אריינדרינגען אין יודעא און אין קליין־אזיע שוין אין די לעצטע צוויי יארהונדערטן פאר דעם אנפאנג פון אונזער צייטרעכענונג. עס איז ארומגעגאנגען א קלאנג, אז דעם קיסרס זון גאטאמא, אנגערעגט פון דער נויט פון א נייעם גלויבן, האט זיך צעשיידט מיט דעם קיניגליכן הויף און זיין יונגער פרוי, האט אראפגעווארפן פון זיך די קיניגליכע קליידער, האט זיך אפגעזאגט פון זיין רייכטום און הערשאפט און איז געווארן דער דינער פון זיין פאלק. לעבנדיג פון נדבות, האט ער געלערנט פאראכטונג צו רייכטום און הערשאפט, ליבע צו אלע מענשן, צו פריינט און פיינט; ער האט געלערנט בארמהערציקייט צו אלע לעבעדיגע באשעפענישן, האט געפריידיגט עניוות און האט אנדערקענט די גלייכהייט פון אלע שטאנדן, אפילו פון די סאמע נידעריגסטע.

צווישן די פעלקער, וואס זיינען געווען אויסגעמאטערט פון מלחמות און צינזן, און האבן זיך געפילט באליידיגט אין זייערע בעסטע געפילן פון דער הערשאפט פון די רייכע, האט די לערע פון בודדא גאטאמא * שנעל געפונען צאלרייכע נאכפאלגער און האט זיך ביסלאכוויז פארשפרייט פון צפון אינדיע צו דרום, און אין מזרח איבער גאנץ אזיע. צענדליגע מיליאנען מענשן האבן זיך באקערט צום בודדיזם. דאס אייגענע איז פארגעקומען פיר הונדערט יאר שפעטער, ווען די ענליכע אבער מער דערהויבענע לערע פון קריסטנטום האט אנגעהויבן זיך פארשפרייטן פון יודעא איבער די

* דאס ווארט בודדא באטייט „א לערער“.

גריכישע קאָלאָניעס אין קליין־אַזיע, האָט אַריינגעדרונגען דערנאָך אין גריכנלאַנד און איז אַריבערגעגאַנגען פון דאָרטן אין סיציליע און איטאַליע.

דער באָדן פאַר דער נייער רעליגיע פון אָרימע לייט, וואָס האָט זיך אויפגעשטעלט אַנקעגן דער אויסגעלאַסנקייט פון די רייכע, איז געווען גוט צוגעגרייט. דערצו האָט די סטיכישע איבערוואַנדערונגען פון גאַנצע פעלקער פון אַזיע אין אייראָפּאַ, וואָס האָט זיך אַנגעהויבן אין דערזעלביגער צייט און האָט אָנגעהאַלטן גאַנצע צוועלף יאָרהונדערטן, אַרויפגעוואָרפן אַזאַ שרעק אויף די מוחות, אַז די נויט אין אַ נייעם גלויבן האָט זיך געמוזט פאַרשטאַרקן. *

צווישן די, וואָס האָבן איבערגעלעבט יענע דידאָזיגע שרעקן, האָבן אַפילו די ניכטערע דענקער פאַרלאָרן דעם גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט פאַר דער מענשהייט, בעת די מאַסן האָבן אין די־

---

* ביים סוף אייז־פּעריאָד און דעם טייכן־פּעריאָד, וואָס איז געקומען נאָך אים, בעת דער אייז־צודעק איז צעגאַנגען, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שנעלע אויסטריקעניש פון די הויכע פלאַטאָס פון מיטל־אַזיע — פלעצער, וואָס שטעלן איצט פאָר פוסטע וויסטענישן מיט עראינערונגען נאָר פון אַמאָליגע באַפעלקערטע שטעט און איצט פאַרשאָטן מיט זאַמד. די דאָזיגע אויסטריקעניש האָט געצוואונגען די איינוואוינער פון די פלאַטאָס זיך אַרונטערצולאָזן אויף דרום, אין אינדיע, און אויף צפון — אין די נידערלענדער פון דזשונגאַרי און סיביר, פון וואַנען זיי האָבן זיך געצויגן אויף מערב, אין די רייכע פלאַכלענדער פון דרום־רוסלאַנד און מערב אייראָפּאַ. גאַנצע פעלקער האָבן אָט אַזוי איבערגעוואַנדערט, און עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן דעם שרעק, וואָס דידאָזיגע איבערוואַנדערונגען האָבן אַרויפגעוואָרפן אויף די אַנדערע פעלקער, וואָס זיינען שוין געווען לאַנג איינגעזעסן אויף די פלאַכלענדער פון אייראָפּאַ; דערצו האָבן די ניי־אָנגעקומענע באַרויבט די איינגעזעסענע אָדער האָבן אויסגעראָט די באַפעלקערונג פון גאַנצע געגנטן, וועלכע האָט זיי אַרויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד. דאָס, וואָס דאָס רוסישע פאָלק האָט איבערגעלעבט אין 13טען י. ה., אין דער צייט פון דעם מאָנגאָלישן איבערפאַל, האָט אייראָפּאַ איבערגעלעבט אין פאַרלויף פון די ערשטע זיבן אָדער אַכט יאָרהונדערטן פון אונזער צייטרעכענונג מחמת דער איבערוואַנדערונג פון די האָרדן, וואָס האָבן זיך געצויגן איינע נאָך דער אַנדערער פון מיטל־אַזיע; און שפּאַניע און דרום־פראַנקרייך האָט דאָס איבערגעלעבט פון דעם איבערפאַל פון די אַראַבער, וואָס האָבן זיך געצויגן צוליב אורזאַכן פון אויסטריקעניש פון צפון־אַפריקאַ אין אייראָפּאַ.

דאָזיגע איבערפאַלן געזען די ארבעט פון דער שווארצער גבורה. אין די מענטשליכע מוחות איז ניטווילנדיג אריינגעדרונגען די פאָרשטע־לונג וועגן דעם אונטערגאנג פון דער וועלט, און מענטשן האָבן דע־ריבער גערן געזוכט א רעטונג אין דער רעליגיע.

דער הויפּט אונטערשייד, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם קריס־טנטום און בודדיזם פון די פריערדיגע רעליגיעס איז באשטאנען דעריין, וואָס אנשטאט די גרויזאמע, נקמה נעמענדיגע געטער, וועמעס געבאָט די מענטשן האָבן געמוזט פאָלגן, האָבן אָט די צוויי רע־ליגיעס ארויסגעשטעלט, ווי א ביישפּיל פאר מענטשן און ניט זיי אנצושרעקן, דעם א י ד ע א ל ן ג אָ ט ־ מ ע נ ש ן. אין דעם קריסטנטום איז נאָך דערצו די ליבע פון דעם געטליכן לערער צו די מענטשן — צו אלע מענטשן, אָהן אונטערשייד פון פאָלק און שטאַנד, אבער ספּעציעל צו די נידעריגסטע — דערגאנגען ביז צו דער גאָר העכסטער מאָס, ביז צום טויט אויפן קרייץ, כדי צו ראטעווען די מענשהייט פון דער הערשאפט פון שלעכטס.

אנשטאט דעם שרעק פאר דעם קנא ונוקם יעהאָווא, אדער פאר די געטער, וואָס האָבן פערזאָניפיצירט די בייזע כחות פון דער נאַטור, האָט מען געפּריידיגט ל י ב ע צ ו ד י ק ר ב נ ו ת פ ו ן ג ו ו א ל ט. און דער מאָראַלער לערער אין קריסטנטום איז געווען ניט קיין נקמה־גאָטהייט, ניט קיין כהן, ניט קיין מענש פון א גייסטליכער קאסטע, און אפילו נישט קיין דענקער פון צווישן די געלערנטע חכמים, נאָר א מענש פון פאָלק. אויב דער גרינדער פון בודדיזם איז נאָך געווען א קיסרס זון, וואָס איז געוואָרן אן ארימאן מיט'ן אייגענעם ווילן, איז דער גרינדער פון קריסטנטום געווען א סטאָליער, וואָס האָט פארלאָזט זיין היים און אייגענע און געלעבט ווי עס לעבן „די פויגעלאך אין הימעל", ווארטנדיג אויף דעם אנקומען פון דעם גרויסן „יום הדין". דאָס לעבן פון דידאָזיגע צוויי לערער איז ניט פארבראכט געוואָרן אין די טעמפּלען אדער אין אקאַדעמיעס, נאָר צווישן די ארימע לייט, און פון דיזעלביגע ארימע לייט, ניט פון די אנגעשטעלטע אין די טעמפּלען, זיינען ארויסגעקומען קריסטוסעס אַפּאָסטאָלן. און אויב דערנאָך איז סיי אין קריסטנטום, סיי אין דעם בודדיזם אויפגעבויט געוואָרן א „קירך", ד. ה. א רעגירונג פון „אויסדערוויילטע", מיט די אומפאר־מיידליכע פעלערן פון יעדער רעגירונג, האָט דאָס פאָרגעשטעלט א

דירעקטע אָפּקערונג פון דעם ווילן פון דיביידע גרינדערס פון די רעליגיעס — וויפיל מען האָט שפּעטער ניט געזוכט צו באַרעכטיגן דידאַקטיגע אָפּקערונג, באַציענדיג זיך אויף ביכער, וואָס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן אַ סך יאָרן שפּעטער, נאָכן טויט פון די לערער אליין.

נאָך אַ גרונטשטריך פון קריסטנטום, וואָס האָט אויסגעמאַכט זיין הויפּט כח, איז געווען דאָס, וואָס עס האָט ארויסגעשטעלט אַלס דעם לייטנדען שנור אין מענשנס לעבן ניט זיין פּערזענליכן גליק, נאָר דאָס ג ל י ק פ ו ן ד ע ר ג ע ז ע ל ש אַ פ ט, און פאָלגליך איז זיין אידעאַל געווען אַ ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע ר א י ד ע אַ ל, פאַר וועלכן אַ מענש וואָלט געווען בכח אוועקצוגעבן זיין לעבן (זע צום ביישפּיל דעם 10טען און 13טען קאַפּיטל פון מאַרק'ס עוואַנגעליום). דער אידעאַל פון קריסטנטום איז געווען: — ניט דאָס רוהיגע לעבן פון דעם גריכישן חכם און ניט די מיליטערישע אדער בירגערליכע העראָאישע טאַטן פון די העלדן פון אַלטן גריכנלאַנד און רוים, נאָר דער פּריידיגער, וואָס איז אויפגעשטאַנען אַנטקעגן די פאַרדאָרבענע מעשים פון דער געזעלשאַפט און איז גרייט זיך ממית צו זיין פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פון זיין גלויבן, וואָס באַשטייט אין גערעכטיקייט צו אַלעמען, אין אַנדערקענען די גלייכבאַרעכטיגונג פון אַלע מענשן, אין אַ ליבשאַפטליכער באַציאונג צו אַלעמען, צו אייגענע ווי צו פרעמדע, און ענדליך אין מ ו ח ל ז י י ן פ אַ ר ע ו ל ו ת, להיפך צו דעם דאַמאָלסט אַלגעמיין אָנגענומענעם רעגל פון אָבליגאַטאָרישער נקמה פאַר אַן עולה.

ליידער זיינען פּונקט אָט די יסודות פון קריסטנטום — דער הויפּט די גלייכבארעכטיגונג און די פארצייאונג פאַר עולות — גאַנץ שנעל אָפּגעלאָזט געוואָרן אין דער פּראָפּאַגאַנדע פון דעם נייעם גלויבן, און דערנאָך אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. אין קריסטנטום, פּונקט ווי אין אַלע מאָראַלע לערען, האָט זיך זייער גיך, שוין אין די צייטן פון די אַפּאָסטאָלן, אריינגעגאַנוועט דער אָפּאָרטוניזם, ד. ה. די לערע פון „גליקליכן מיטן". און דאָס איז דורכגעפירט געוואָרן אזוי לייכט דערפאַר, ווייל אין קריסטנטום, אזוי גוט ווי אין אַנדערע רעליגיעס, איז געשאַפן געוואָרן אַ גרופּע מענשן, וואָס האָבן באַהויפּטעט, אַז זיי, אויף וועמען עס

ליגט דער חוב מקיים צו זיין די מצוות און צערעמאָניעס, היטן אָפּ קריסטוסעס לערע אין איר גאַנצער ריינקייט און פירן א קאַמף אַנ־קעגן די פאַלשע אויסטייטשונגען, וואָס דרינגען שטענדיג אין איר אריין.

עס איז קיין ספק ניט, אַז די נאָכגעביקייט פון די אַפּאָסטאָלן האָט זיך אויך ביז א געוויסן גראַד דערקלערט דורך די שטרייננגע פאַרפאָלגונגען, וואָס די ערשטע קריסטן זיינען אויסגעשטאַנען אין דער רוימישער אימפּעריע איידער דאָס קריסטנטום איז געוואָרן די אָפיציעלע רעליגיע; און עס איז מעגליך, אַז די הנחות זיינען גע־מאַכט געוואָרן נאָר לפּנים, בעת דער אינערליכער קערן פון די קריסטליכע געמיינדעס האָט זיך געהאַלטן אַן דער לערע אין איר גאַנצער ריינקייט. פאַקטיש איז איצט פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך א לאַנגער ריי געניויע אונטערזוכונגען, אַז די פיר עוואַנגעליען, וואָס די קירך האָט אַנדערקענט אַלס די ריכטיגערע באַשרייבונגען פון קריסטוסעס לעבן און לערען, ווי אויך „די טואונגען" און „די בשורות" פון די אַפּאָסטאָלן, אין דעם נוסח ווי זיי האָבן אונז דער־גרייכט, זיינען אויפגעשריבן געוואָרן ניט פריער ווי צווישן די 60יגער און 90יגער יאָרן פון אונזער איצטיגער צייטרעכענונג, און עס קאָן זיין אַז נאָך שפּעטער — צווישן דעם יאָר 90 און 120. אבער שוין דאָ־מאָלסט זיינען די עוואַנגעליען און די בשורות געווען איבערגע־שריבן פון עלטערע כתבים, צו וועלכע די איבערשרייבער האָבן גע־וויינלאַך מוסיף געווען די טראַדיציעס, וואָס זיי האָבן געהערט דער־ציילנדיג בעל פּה. * אבער פּונקט אין דידאָזיגע יאָרן זיינען פאָר־געקומען די גרויזאַמסטע רדיפות פון דער רוימישער רעגירונג אויף די קריסטן. די באַשטראָפונגען אין גליל האָבן זיך אָנגעפאַנגען שוין נאָך דעם אויפשטאַנד פון יהודא הגלילי אַנטקעגן דער רוימישער הערשאַפט, אין 9טן יאָר פון אונזער צייטרעכענונג; דערנאָך האָבן נאָך גרויזאַמערע פאַרפאָלגונגען זיך אָנגעפאַנגען אַנטקעגן די אידן נאָך דעם אויפשטאַנד אין יודעא, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פון 66טן

---

* אַז עס זיינען געווען א סך אַזוינע כתבים, האָט שוין עדות גע־זאָגט דער עוואַנגעליסט לוק (קאַפּ. 1, פּסוקים 1-4) צוטרעטנדיג צו זיין באַשרייבונג, אין וועלכער ער האָט מחבר און מוסיף געווען די פריער־דיגע כתבים.

ביז דעם 71טן יאָר, און דאַמאָלסט האָבן די באַשטראָפונג־פּאַלן שוין געציילט זיך אין די הונדערטער. *

די קריסטליכע פּריידיגער, וועלכע זיינען אַליין געווען גרייט אומצוקומען אויפ׳ן קרייץ אָדער שייטערהויפן, האָבן נאַטירליך געקאָנט צוליב דידאָזיגע רדיפות מאַכען אין זייערע בשורות צו די גלויביגע אייטיגע ווייניגער וויכטיגע הנחות, כדי ניט צו שטעלן אין סכנה פון פאַרפאָלגונגען די נאָך יונגע קריסטליכע געמיינדן. אַזוי צום ביישפּיל, די ווערטער: „גיט אָפּ דעם קיסר, וואָס איז דעם קיסרס, און צו גאָט, וואָס איז גאָטס“, אויף וועלכע די מאַכט באַזיצער האָבן אַזוי ליב אָנצו־ווייזן, האָבן געקאָנט ארייניפאַלן אין עוואַנגעליום ווי א ניט וויכטיגע הנחה, וואָס שטערט ניט דעם עצם פון דער לערע — דערהויפּט נאָך אַז דאָס קריסטנטום האָט געפּרעדיגט דאָס אָפּזאָגן זיך פון אַלע וועלטליכע רייכקייטן. אין דערזעלביגער צייט איז דאָס קריסטנטום, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין מזרח, געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון די מזרח־גלויבנס אין איין זייער וויכטיגער ריכטונג. די עגיפּטישע, פּערזישע און אינדישע רעליגיעס האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט דער פּשוטער פאַרמענשליכונג פון די נאַטור־קרעפטן, ווי דאָס האָט געטאָן דאָס גריכישע און רוימישע היידנטום. זיי האָבן געזען אין דער וועלט א קאַמף פון צוויי גלייך־מעכטיגע עלעמענטן, פון גוטס און שלעכטס, פון ליכט און פינסטערניש, און האָבן דעמזעלביגן קאַמף אריבערגעטראָגן אין דעם מענשנס האַרץ. און דידאָזיגע פאָרשטעלונג וועגן צוויי פיינדליכע כחות, וואָס קעמפן פאַר דער אויבערהערשאַפט אין דער וועלט, איז ביסלאַכווייז אריינגעטראָטן אינם קריסטנטום ווי א גרונט פּרינציפּ זיינער. שפּעטער האָט די קריסטליכע קירך זיך באַנוצט אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן מיט דער פאָרשטעלונג פון א מעכטיגן טייוול, וואָס באַהערשט דעם מענשנס האַרץ, כדי אויסצוראָטן מיט אַן אומגלויבליכער גרויזאַמקייט אַלעמען, וואָס האָבן געוואַגט צו קריטיקירן אירע פאָרשטייער.

די קירך האָט אויף דעם אופן דירעקט פאַרוואָרפן אין לעבן

---

* די אומרויען אין יודעא האָבן, ווי עס זעט אויס זיך שוין אָנגעהויבן אין די יאָרן ווען קריסטוס האָט נאָך געפּרעדיגט (זע לוקאַס 13, 1 און מאַרק 15, 7).

די גוטסקייט און אלפארצייאונג, וואָס זיינען געפריידיגט געוואָרן פון דעם באגרינדער פון קריסטנטום און האָבן אויסגעמאכט דעם אונטערשייד צווישן אים און אלע אנדערע רעליגיעס אחוץ די בודדיסטישע. נאָך מער, אין דער פאַרפאָלגונג פון אירע געגנער זיינען ניט געווען קיין גרעניצן צו אירע גרויזאמקייטן.

קריסטטוסעס נאָכפאָלגער, אפילו די נאָהענטסטע, זיינען אוועק נאָך ווייטער אויף דעם אָפּטריניגן וועג. זיך דערוויטערנדיג אלץ מער און מער פון דער אורשפרינגליכער לערע, זיינען זיי דער־גאנגען אזוי וויט, אז די קריסטליכע קירך איז ארייגעטראָטן אין א פולשטענדיגן פארבאנד מיט קיסרים; אז די אמתע קריסטטוסעס לערען זיינען אין די אויגן פון די „פרינצן פון דער קירך" פאררעכנט געוואָרן אפילו ווי געפערליכע — אויף אזויפיל געפערליך, אז אין די אָקסידענטאַלע קירך האָט זיך ניט דערלויבט ארויסצוגעבן די עוואַנגעליען אנדערש ווי אויף לאַטיין, וואָס איז פאר'ן פאָלק לחלוטין אומפארשטענדליך, און אין רוסלאנד בלויז אויף דער ווייניג פאר־שטענדליכער אלט־סלאוויאנישער שפראך. *

אבער ערגער פאר אלץ איז געווען דאס, וואָס ווי נאר דאס אפיציעלע קריסטנטום איז געוואָרן א מלוכה־קירך, האָט עס פאר־געסן דעם גרונט חילוק מיט וואָס די קריסטליכע רעליגיע האָט זיך אונטערשיידט פון אלע פריערדיגע רעליגיעס אחוץ דעם בודדיזם. עס האָט פארגעסן די פ א ר צ י י א ו נ ג פ א ר ע ו ל ו ת און האָט נקמה גענומען פאר יעדער עולה ניט ווייניגער ווי די אָריענ־טאַלע דעספּאָטן. ענדליך זיינען די קירכן־פאָרשטייער באלד גע־וואָרן פונקט אזוינע באזיצער פון לייבאייגענע ווי דער וועלטליכער אדעל, און האָבן ביסלאכווייז ערואָבערט פונקט אזא איינטרעגליכע ריכטער־מאַכט ווי די גראפן, הערצאָגן און קיניגע, און אין דעם געברויך פון דער דאָזיגער מאכט האָבן די פרינצן פון דער קירך זיך ארויסגעוויזן פונקט אזוי נקמה־דורשטיג און גייציג ווי די וועלט־

---

* אין רוסלאנד איז אָט דער פארבאָט געבליבן אין קראפט ביז דעם יאָר 1859 אדער 1860, און איך געדיינק גאנץ גוט וואָס פאר אן איינדרוק עס האָט געמאכט אין פעטערבורג די ערשטע דערשיינונג פון דעם עוואנ־געליום אין דער רוסישער שפראך, און ווי מיר האָבן אלע זיך געאיילט צו קויפן די דאָזיגע אומגעוויינליכע אויסגאבע אין דעם איינציגן אָרט וואו מען האָט עס געקאנט קויפן — אין דער דרוקעריי פון סינאָד.

ליבע הערשער. אין 15טן און 16טן יאָרהונדערט, בעת עס האָט זיך אנגעהויבן אַנטוויקלען די צענטראַליזירטע מאַכט פון די קיניגן און קיסרים אין די דאַמאָלסט אָנשטאָענע מלוכות, האָט די קירך מיט איר איינפלוס און פאַרמעגנס אומעטום געהאָלפן די באַשאַפונג פון אַזאַ מאַכט, און האָט באַשיצט מיט איר צלם אַזוינע ברוטאַלע הערשער ווי לודוויג דעם עלפטן, פיליפּ דעם צווייטן און איוואַן גראָזני. יעדע געגנערשאַפט פון איר מאַכט האָט די קירך באַשטראָפט מיט אַ ריין־אָריענטאַלישער גרויזאַמקייט — מיט פייניגונג און דעם שייטערהויפן, צוליב וואָס די אָקסידענטאַלע קירך האָט אפילו באַשאַפן אַ ספּעציעלע אינסטיטוציע, די „הייליגע" אינקוויזיציע.

די הנחות צו די וועלטליכע הערשער, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פון די ערשטע קריסטוסעס נאָכפאָלגער, האָבן אָוועקגעפירט דעם קריסטנטום גאַנץ ווייט פון דער לערע פון זיין גרינדער. די פאַרצייאונג פאַר פערזענליכע באַליידיגונגען איז פאַרגעסן געוואָרן ווי אַ נוצלאָזער באַלאַסט און עס איז פאַרוואָרפן געוואָרן אויף דעם אופן דאָס, וואָס עס האָט אויסגעמאַכט דעם גרונט־חילוק צווישן קריסטנטום און אַלע פריערדיגע רעליגיעס אחוץ דעם בודדיזם. *

דער אמת איז, ווען מען זאָל זיך אַריינטראַכטן אָהן פאָראורטיילן ניט נאָר אין די פריערדיגע רעליגיעס, נאָר אפילו אין די זיטן און מנהגים פון דעם גאָר אָנפאַנגליכן שטאַם־לעבן ביי ווילדע, וועלן מיר געפינען, אַז אין אַלע פּרימיטיווע רעליגיעס און אין די פּרימיטיווסטע געמיינלעבנס האָט מען שוין געהאַלטן, און מען האַלט נאָך איצטער דעם רעגל, ניט צו טאָן דעם נאָהענטן, ד. ה. דעם מענטשן פון דעם אייגענעם שטאַם, דאָס, וואָס מען ווינשט ניט זיך. אַ סך טויזנטער יאָרן האָט זיך שוין אויף אָט דעם רעגל געבויט די גאַנצע מענשליכע געזעלשאַפט; אַזוי אַז פריידיגנדיג אַ גלייכ־

* וועגן דעם ווי אַזוי פלאַטאָ'ס לערע, דערהויפּט זיין לערע וועגן דער נשמה, און אויך די לערען פון די סטאָאיקער, האָבן צוגעגרייט דעם וועג פאַרן קריסטנטום, ווי אויך וועגן נאָך אייניגע פונקטן, וואָס ער האָט גענומען פון די פריערדיגע לערען, איז פאַראַן אַ גאַנץ ברייטע ליטעראַטור, פון וועלכער מען קאָן ספּעציעל אָנווייזן אויף האַרנאַק'ס ווערק „די מיססיאָן אונד אויסברייטונג דעס קריסטנטומס אין דען ערסטען דריי יאַהרהונדערטען" (1902).

חיטליכע באציאונג צו מענשן פון אייגענעם שטאם, האט דאס קריסטנטום קיין נייעס ניט אריינגעבראכט. *

פאקטיש געפינען מיר שוין אין אזא אלטן ספר חזכרונות פון דעם שטאם-לעבן ווי תורת משה דעם רעגל: — „לא תקום ולא תטור את בני עמך, ואהבת לרעך כמוך“ (זאלסט ניט נעמען קיין נקמה און ניט האבן קיין שנאה אויף די קינדער פון דיין פאלק, נאר זאלסט ליב האבן דיין נאהענטן ווי זיך אליין). דאס איז געזאגט געווארן אין גאטס נאמען (ויקרא, קאפיטל 19, פסוק 18). און דערזעלביגער רעגל איז אנגעווענדט געווארן אויף דעם אנגעקומענעם פרעמדן: — „כאזרח מכם יהיה לכם הגר הגר אתכם, ואהבת לו כמוך, כי גרים הייתם בארץ מצרים“. (דער פרעמדער, וואס וואוינט ביי אייך, זאל זיין פאר אייך גלייך ווי דער אלטגעזעסענער פון אייך; האב אים ליב ווי זיך אליין, דען איר זייט דאך אליין געווען פרעמדע אין לאנד מצרים. (ויקרא, קאפ. 19, פסוק 34.) דאס אייגענע אויך די באהויפטונג פון די עוואנגעליסטן, אז עס איז ניטא קיין גרעסערע מצוה ווי אוועקצוגעבן דאס לעבן פאר די ברידער פון דעם אייגענעם פאלק, וואס איז אזוי פאעטיש אויסגעדריקט געווארן אין עוואנגעליום פון מארק (קאפ. 13), — אפילו אט דער געדאנק קאן ניט אנדערקענט ווערן אלס א כאראקטעריסטישער שטריך פון קריסטנטום, ווארים די זעלבסטאפפערונג פונוועגן די אייגענע שטאם ברידער איז הויך געהאלטן געווארן ביי אלע געצנדינער, און די פארטיידיגונג פון די אייגענע, ריזיקירנדיג מיטן לעבן, איז א געוויינליכע דערשיינונג ניט נאר ביי די ווילדעסטע פעלקער, נאר אויך ביי די מערסטע געזעלשאפטליכע חיות.

דאס אייגענע מוז מען אויך זאגן בנוגע דער וואוילטעטיקייט, וואס ווערט אפט פארגעשטעלט ווי א כאראקטעריסטישער שטריך פונם קריסטנטום אין געגנזאץ צו דעם היידנישן אלטערטום. דער אמת איז, אז שוין אין דעם שטאם-לעבן האט זיך אלעמאל גערעכנט

---

* זע צום בײשפיל די באשרײבונג פונם לעבן פון די אלעאוטן, אויף דער שטופע בעת זיי האבן נאך געמאכט שטיינערנע מעסערס און שיסגעווער (וואס דער גלח וועניאמינאוו האט געגעבן, אין זיינע „פארצייכענונגען וועגן דעם אונאלאשקינשען אפטייל, פעטערבורג 1840), און די פולשטענדיג גלייכארטיגע באשרייבונג פון די גרינלאנדער עסקימאזן, וואס די דענישע עקספעדיציע האט ניט לאנג צוריק געגעבן.

און רעכנט זיך עד היום פֿאַר אַ פֿאַרברעכן אָפּצוזאָגן אַ שטאַם־ברודער אַדער אַפֿילו אַ פֿרעמדן וואַנדערער אין אַ מקום מקלט אַדער זיך ניט טיילן מיט אים דעם מאָלצייט. איך האָב שוין דערמאָנט, אין דריטן קאַפּיטל, אַז אַ צופֿעליג פּאַראָרימטער בוריאַט שפּייזט זיך על פּי רעכט ביי יעדערן פֿון זיינע שטאַם־ברידער נאָך דער ריי; און אויך אַז די איינוואוינער פֿון פֿייערלאַנד, די אַפֿריקאַנער האָטענטאָטן און אַלע אַנדערע „ווילדע" טיילן זיך צווישן זיך גלייך אויף מיט יעדן שטיקל שפּייז, וואָס זיי קריגן במתנה. איז דעריבער, אויב אין דער רוימישער אימפּעריע, באַזונדערס אין די שטעט, זיינען אַזוינע מנהגים פֿון דער שטאַם־אָרדענונג ווירקליך פֿאַרלאָרן געגאַנגען, דאַרף מען דעריין ניט באַשולדיגן דאָס היידנטום, נאָר די גאַנצע פּאָליטישע אָרדנונג פֿון אַ עראָבערענדער אימפּעריע. איך וויל אָבער באַמערקן, אַז אין דער היידנישער איטאַליע, אין די צייטן פֿון נומאַ פּאָמפּיליוס, און אַ סך שפּעטער דערנאָך, אין די צייטן פֿון דער אימפּעריע, זיינען געווען שטאַרק אַנטוויקלט די ק אָ ל ל ע ג י אַ ס, ד. ה. די פֿאַרבאַנדן פֿון בעלי מלאכות, וועלכע האָבן זיך שפּעטער, אין מיטלאַלטער, אָנגערופֿן „גילדעס", און אין דידאָזיגע קאָללעגיאַס האָט זיך פּראַקטיצירט דיזעלביגע אָבליגאַטאָרישע געגנזייטיגע הילף און עס האָבן עקזיסטירט אָבליגאַטאָרישע אַלגעמיינע מאָלציייטן אין באַשטימטע טעג און דערגלייכן, וועלכע זיינען דערנאָך געוואָרן אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פֿון יעדער גילדע. עס שטעלט זיך דעריבער די פֿראַגע: איז די געגנזייטיגע הילף ווירקליך פֿרעמד געווען דער רוימישער פֿאַר־קריסטליכער געזעלשאַפֿט, ווי דאָס באַהויפּטן אייניגע שרייבער, אָנווייזנדיג אַז עס האָט זיך דאַמאָלסט ניט געפֿונען קיין מלוכה־ און רעליגיעזע וואוילטעטיקייט? צי האָט זיך ניט אַרויסגעוויזן אַ נויט אין אַזאַ וואוילטעטיקייט צוליב דער אָפּשוואַכונג פֿון דער צעך־אָרגאַניזאַציע פֿון די קאָללעגיאַס לפֿי ערך ווי עס האָט זיך פֿאַרשטאַרקט די רעגירונגס צענטראַליזאַציע?

מיר דאַרפֿן פֿאָלגליך אָנערקענען, אַז מיט דעם פֿריידיגן ברידערליכקייט און געגנזייטיגע הילף אינצווישן דעם אייגענעם פֿאָלק האָט דאָס קריסטנטום ניט אַריינגעבראַכט קיין מין נייעם מאָראַלן פּרינציפּ. וואָס דאָס קריסטנטום און דער בודדיזם אָבער האָבן ווירקליך יאָ אַריינגעטראָגן אַ נייעם פּרינציפּ אין דעם לעבן פֿון דער

מענשהייט, איז דאָס געווען — אין פאָדערן פון מענשן א פ ו ל־שטענדיגע פאַרצייאונג פאַר דאָס שלעכטס, וואָס איז אים געטאָן געוואָרן. ביז יענער צייט האָט די שטאַם־מאָראַל ביי אלע פעלקער געפאָדערט נקמה — א פערזענליכע און אפילו א שטאַם־נקמה פאַר יעדער עולה: פאַר א מאָרד, פאַר א באַשעדיגונג, פאַר א וואונד, פאַר א באַליידיגונג. קריסטוסעס לערע אבער, אין איר אורשפּרינגליכער פאָרם, האָט פאַרוואָרפן אי נקמה, אי די געריכטליכע פאַרפאָלגונג, פאָדערנדיג פון דעם באַליידיגטן, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון יעדן „אָפּרעכענען זיך", ער זאָל לחלוטין פאַרצייען יעדע עולה: און ניט איינמאָל און ניט צוויי מאָל, נאָר אלעמאָל און אין יעדן פאַל. אין די ווערטער: „נעם קיין נקמה ניט פון דיינע שונאים" ליגט די אמתע גרויסקייט פון קריסטנטום. *

אבער אָט דעם הויפּט געבאָט קריסטוסעס, וואָס האָט געהייסן זיך אָפּזאָגן פון נקמה, האָבן די קריסטן גאַנץ שנעל פאַרוואָרפן. אפילו די אַפּאָסטאָלן האָבן געהאלטן דערפון בלויז אין א זייער אָפּגעשוואכטער פאָרם. — „צאָלט ניט אָפּ מיט שלעכטס פאַר שלעכטס אדער מיט זידלעריי פאַר זידלעריי: פאַרקערט, בענטשט זיי", האָט געשריבן דער אַפּאָסטאָל פּעטער אין זיין ערשטער בשורה (קאַפּיטל 3, ז. 9). אבער שוין ביי דעם אַפּאָסטאָל פּאול געפינט מען בלויז א שוואכע אָנדייטונג אויף פאַרצייאונג פאַר עולות, און אפילו דידאָזיגע אָנדייטונג איז פאַרוויקלט אין א עגאָאיסטישער

---

* אין תורת משה, אין דעם פריער געבראכטן אָרט פון ספר ויקרא, באַגעגנט מען שוין די ווערטער: „לא תקום ולא תטור את בני עמך." אבער אָט דער געבאָט שטייט פאַראיינצלט און אין דער שפּעטערדיגער געשיכטע פון ישראל געפינט מען קיינע שפּורן פון אים. דערפאַר אין אַנאַנדער אָרט אין „שמות", איז באַשטימט געוואָרן פון געזעץ די צייט־ווייליגע שקלאַווערייַ נאָר פאַר א געקויפטן אידישן קנעכט; עס האָט זיך דערלויבט שלאָגן אַן אייגענעם קנעכט אדער דינסט, אויב זיי זאָלן נאָר ניט שטאַרבן א טאָג אדער צוויי טעג נאָך די קלעפּ; און ענדליך, אזוי ווי ביי אלע פעלקער, וואָס פירן נאָך עד היום א שטאַב־לעבן, אויב עס איז פאָרגעקומען א געשלעג און „עס וועט זיין אַן אומגליק: ונתת נפש תחת נפש, עין תחת עין, שן תחת שן, יד תחת יד, רגל תחת רגל, כויה תחת כויה, פצע תחת פצע, חבורה תחת חבורה. (שמות, משפטים, כ"א).

פאָרם: „און בכן טוסט דו, יעדער מענש, אַן אומפאַרצייליכע זאַך, ווען דו משפּט'סט (אַנאַנדער מענש): וואָרים דורך דעמזעלביגן משפּט, מיט וועלכן דו משפּט'סט אַנאַנדערן, פאַרמשפּט'סטו זיך אַליין". (בשורה צו די רוימער, קאַפּ. 2, ז. 1.) בכלל, אַנשטאָט די קלאָרע פאָרשריפטן קריסטוסעס, וואָס פאַרניינען די נקמה, געפינען מיר ביי די אַפּאָסטאָלן די פּחדניש עצה „אָפּצולייגן די נקמה" און — אַן אַלגעמיינע פריידיגונג פון ליבע. אַזוי, אַז סוף כל סוף איז די געריכטליכע נקמה, אַפילו אין די גרויזאַמסטע פאָרמען, געוואָרן אַ נויטווענדיגער תוך פון דאָס, וואָס רופט זיך גערעכטיקייט אין די קריסטליכע מלוכות און אין דער קריסטליכער קירך. ניט אומזיסט באַגלייט אַ גלח דעם תליון אויפן עשאַפאָט.

דאָסזעלביגע איז פאָרגעקומען אויך מיט אַנדערע גרונט־פּרינציפּן פון קריסטוסעס לערע. זיין לערע איז געווען אַ לערע פון גלייכהייט. דער שקלאַוו און דער פרייער רוימישער בירגער זיינען ביידע גלייך געווען פאַר אים ברידער, גאָט'ס קינדער — „ווער עס וויל זיין גרויס צווישן אייך, דער זאָל זיין אַלעמעס דינער", האָט קריסטוס געלערנט (מאַרק, 10, 44). אָבער שוין ביי די אַפּאָסטאָלן געפינען מיר עפּעס אַנדערש. די קנעכט און די אונ־טערטאַנען זיינען גלייך מיט זייערע הערן... „אין קריסטוס". אין דערווירקליכקייט אָבער איז די געהאָרכזאַמקייט פון די אונ־טערטאַנען צו די אויפגעשטעלטע הערשער, „מיט פּחד און ציטער־ניש" ווי צו איינגעשטעלטע פון גאָט, און די געהאָרכזאַמקייט פון די קנעכט צו זייערע הערן, איינגעפירט געוואָרן פון די אַפּאָסטאָלן פּעטער און פּאַול ווי אַ גרינטליכע קריסטליכע טוגענד. און וואָס איז נוגע די הערן פון די קנעכט, האָבן דיזעלביגע צוויי אַפּאָסטאָלן נאָר געראָטן, זיי זאָלן זיך באַגיין עפּעס מילדער מיט זייערע דינער, אָבער כלל ניט זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע רעכט אַלס קנעכט באַזיצער, אַפילו ווען זיי, די הערן פון די קנעכט, זיינען „געטרייע און געליבטע", ד. ה. זיי האָבן אָנגענומען קריסטוסן. *

---

* „איז דעריבער זייט אונטערטעניג יעדער מענשליכער הערשאַפט צוליב גאָט: דעם קיסר אַלס דער העכסטער מאַכט און די פירער אַלס געשיקטע פון אים צו באַשטראָפן די פאַרברעכער און דערמונטערן די טוער פון גוטס" — האָט געשריבן דער אַפּאָסטאָל פּעטער בעת אין רוים האָבן געהערשט אַזעלכע ווילדע חיות ווי קאַליגולאַ און נעראָ. (די ערש־

עס פאַרשטייט זיך, מען קאָן דידאָזיגע עצות פון די אַפּאָסטאָלן דערקלערן דערמיט, וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט, אַז זייערע נאָכפאָלגער זאָלן פאַרפאָלגט ווערן פון די רוימישע אימפּעראַטאָרס, וואָס האָבן דאַמאָלסט געבושעוועט ווי ווילדע חיות. אָבער מיט זייער פריידיגן געהאָרכזאַמקייט צו די ברוטאַליזירטע צעזאַרס ווי אָנגעשטעלטע פון גאָט — ד. ה. אַנדערקענען דידאָזיגע ווילדע חיות אַלס גאָטס אָנגעשטעלטע — האָט דאָס קריסטנטום זיך אַליין דערלאַנגט אַ קלאַפּ, פון וועלכן עס איז נאָך צו זיך ניט געקומען ביז היינטיגן טאָג. עס האָט אויפגעהערט זיין אַ רעליגיע פון דעם געקרייציגטן קריסטוס, כדי צו ווערן די רעליגיע פון דער מלוכה.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז שקלאַווערייַ און די קנעכטישע אונטערטעניקייט צו דער הערשאַפט, וואָס זיינען געשטיצט געוואָרן פון דער קירך, האָבן זיך געהאַלטן אין משך פון עלף יאָרהונדערטן — ביז די ערשטע שטאָטישע און פויערימשע אויפשטאַנדן פון 11טן און 12טן יאָרהונדערט. יאָהאַן זלאַטאָוסט, דער פּויפּסט גרעגאָרי, וועמען די קירך האָט אָנגערופן דער גרויסער, און פאַרשיידענע אַנדערע,

---

טע בשורה פון די קירך־פאָטערס, קאַפּ. 6, 13, 14). און ווייטער: קנעכט, פאָלגט אייערע בעליבתים מיט גרויס פחד, און ניט נאָר די גוטע און פרומע, נאָר אויך די גרויזאַמע, א. אז. וו. (דאָרט גופא, פּערזן 18 און 25). וועגן די עצות, וואָס דער אַפּאָסטאָל פּאַול האָט געגעבן זיין עדה, עקעלט אפילו איבערצורײַדן: זיי האָבן פאַרגעשטעלט די דירעקטע פאַרלייקענונג פון קריסטוסעס לערע. — „יעדער נפש זאָל זיין אונטערטעניג צו די הערשער, ווארים עס איז ניטא קיין הערשאַפט וועלכע איז ניט פון גאָט". „דער גוועלטיגער איז גאָטס קנעכט", האָט געשריבן אַפּ. פּאַול צו די רוימער. די קנעכט האָט ער בחלול השם געהייסן פאָלגן זייערע האַרן „ווי קריסטוסן אַליין" — אַזוי יעדנפאַלס שטייט געשריבן אין זיינע בשורות צו די עפעזיאַנער, וועלכע די קריסטליכע קירכען אַנדערקענען אַלס די ריכטיגע בשורות פון דעם אַפּאָסטאָל. צו די האַרן אָבער, אַנשטאָט זיי צו ראַטן זיך אָפּזאָגן פון שקלאַוון־אַרבעט, האָט פּאַול זיי געראָטן זיך באַגיין מעסיג, „מילדערן די שטרענגקייט;" דערביי האָט פּאַול באַזונדערס געהייסן פאָלגן יענע קנעכט, „וואָס זייערע האַרן זיינען געטרייע: זיי דאַרף מען דינען נאָך מער, דערפאַר ווייל זיי זיינען געטרייע און געליבטע." (די בשורה צו די רוימער, 6, 2; אויך אין דער בשורה צו טיטוס, 2, 9 און 3).

וואָס די קירך האָט זיי פֿאַררעכנט פֿאַר הייליגע, האָבן גוט געהייסן די שקלאַווערײַ; און דער „געבענטשטער" א ו ג ו ס ט י ן האָט זאָגאַר באַרעכטיגט די שקלאַווערײַ, באַהויפּטנדיק, אַז די זינדיגע זײַנען געוואָרן שקלאַוון פֿאַר זייערע זינד. אַפֿילו דער פֿאַרהעלט־ניסמעסיג ליבעראַלער פֿילאָסאָף ט אָ מ אַ ס א ק ו ו י נ אַ ס האָט באַהויפּטעט, אַז די שקלאַווערײַ איז „אַ געזעץ פֿון גאָט". בלויז עטליכע שקלאַוון־באַזיצער האָבן באַפֿרײַט זייערע שקלאַוון, און אייניגע בישאָפֿס האָבן צונויפֿגעקליבן געלט, אויסצוקויפֿן די שקלאַוון. און נאָר אין אנהויב פֿון די קרייצצוגן זײַנען די שקלאַוון, וואָס האָבן אָנגענייט אַ צלם אויפֿן אַרבל און געגאַנגען אין מזרח אײַנצונעמען ירושלים, באַפֿרײַט געוואָרן פֿון זייערע בעליבתּים.

נאָך דער קירך זײַנען נאָכגעגאַנגען, אָפֿן אָדער בשתיקה, די מערסטע פֿילאָסאָפֿן. ערשט אין 18טן י. ה. ערב דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָבן זיך דערהערט די שטימען פֿון די פֿריי־דענקענדע אַנטקעגן שקלאַווערײַ. די רעוואָלוציע און ניט די קירך האָט אָפּגעשאַפֿט שקלאַווערײַ אין די פֿראַנצויזישע קאָלאָניעס און דאָס לײַבאייגנטום אין פֿראַנקרײַך גופֿא. אין פֿאַרלויף פֿון דער ערשטער העלפֿט פֿון 19טן י. ה. האָט דער האַנדל מיט נעגער־שקלאַוון געבליט אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ — און די קירך האָט געשוויגן. ערשט אין 1861טן יאָר איז אין רוסלאַנד פֿאַרווירקליכט געוואָרן די אָפּשאַפֿונג פֿון דער שקלאַווערײַ, וואָס האָט זיך גערופֿן דאָס לײַבאייקנטום רעכט. דאָס איז געווען צוגעגרייט דורך די קאָנספּיראַציעס פֿון די דעקאַבריסטן אין 1825טן יאָר, פֿון די פּעטראַשעווצעס אין 1848טן און פֿון די פֿויערשע בונטן אין די פֿופֿציגער יאָרן, וועלכע האָבן אַרויסגערופֿן בײַ די פּריצים אַ מורא פֿאַר אַ נײַעם אויפֿשטאַנד ווי אין פּוגאַטשאָוו'ס צײַט. דאָ, אין 1864טן יאָר, איז פֿאָרגעקומען די אָפּשאַפֿונג פֿון שקלאַווערײַ אויך אין די „טיף־רעליגיעזע" פֿאַראייניגטע שטאַטן. נאָך דער בלוטיגער מלחמה מיט די שקלאַוון־האַלטער האָט מען באַפֿרײַט די שקלאַוון, אָבער מען האָט זיי ניט געגעבן אויף זייער חיונה אַפֿילו אַ ברעקל פֿון דער ערד, וואָס זיי האָבן באַאַרבעט.

אין קאַמף מיט דער גײַציקייט פֿון די שקלאַוון־באַזיצער און שקלאַוון־הענדלער האָט זיך דאָס קריסטנטום אַרויסגעוויזן אומ־מעכטיג. די שקלאַווערײַ האָט זיך אַלץ געהאַלטן, ביז די פֿאַרגרע־

סערטע פּראָדוקטיוויטעט פון די מאַשינען האָט ניט געגעבן די מעגליכקייט צו מאַכן גרעסערע פּראָפיטן פון געדונגענער ארבעט אייער פון דער ארבעט פון שקלאַוון און לייבאייגענע, און ביז וואַנען די קנעכט גופא האָבן אליין ניט רעוואָלטירט.

אַט אזוי זיינען די צוויי גרונט־געבאָט פון קריסטנטום — די גלייכהייט און די פארצייאונג פאַר עולות — פארוואָרפן געוואָרן פון זיינע נאָכפאָלגער און לערער פון דער אמונה. און עס האָבן געדאַרפט פארבייגיין פופצען יאָרהונדערטן איידער איינציגע שרייבער, ניט האַלטנדיג פון רעליגיע, האָבן זיך אַנטשלאָסן אָנצודערקענען איינעם פון אָט די געבאָטן — די גלייכבארעכטיגונג — אלס דעם יסוד פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט.

צום סוף מוז מען נאָך אָנווייזן, אז דאָס קריסטנטום האָט באַשטעטיגט דעם גלויבן אין טייוול מיט זיינע חילות ווי מעכטיגע פיינד פון דעם יוצר טוב. דערהויפּט איז באַפעסטיגט געוואָרן דער גלויבן אין דער מאַכט פון דער שוואַרצער גבורה אין די צייטן פון דער גרויסער פעלקער וואַנדערונג; און די קירך האָט זיך ברייטלאַך באַנוצט מיט דעמדאָזיגן גלויבן, כדי אויסצוראָטן די „דינער פון טייוול,” וועלכע האָבן געהאַט די העזה צו קריטיקירן אירע פירער. נאָך מער: די רוימישע קירך האָט זיך אפילו צו דעם קריסטליכן פאַרבאָט פון נקמה פארהאַלטן ווי צו א טעות פון דעם צופיל גוטן לערער, און האָט אויף דעם אָרט פון באַרמהאַרציקייט אויפגעשטעלט איר שווערד און אירע שייטערהויפנס צו פאַרניכטן אלעמען, וועמען זי האָט געהאַלטן פאַר אַפּיקורסים. *

* אייזשען סו, אין זיין מערקווירדיגן ראָמאַן „די סודות פון פאָלק, די געשיכטע פון א פאמיליע פּראָלעטאַריער אין פארלויף פון הונדערטער יאָרן”, האָט באַשריבן א שוידערהאַפטיגע סצענע, אין וועלכער דער גרויסער אינקוויזיטאָר וואַרפט קריסטוסן אויף פאַר דעם טעות, וואָס ער האָט געמאַכט פאַרהאַלטנדיג זיך צו־באַרמהאַרציג צו די מענשן. דאָסטאָיעווסקי, א גרויסער פאַרערער פון אייזשען סו, האָט אריינגעבראַכט, ווי עס איז באַקאַנט, פּונקט אַזאַ סצענע אין זיין ראָמאַן „די ברידער קאַראַמאַזאָוו”. כדי צו באַגרייפן וויפיל די קירך האָט געשטערט דער פרייער אנטוויקלונג פון עטיק, ווי אויך פון אלע נאַטורוויסנשאַפטן, איז גענוג בלויז צו דערמאָנען וועגן דער הערשאַפט פון דער אינקוויזיציע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז דעם 19טן יאָרהונדערט. אין שפּאַניע איז זי אָפּגעשאַפט

## דער מיטלאַלטער — די בענעסאַנס עפּאָכע.

ווײפיל מען האָט ניט גערודפט די קריסטן אין דער רוימישער אימפּעריע און ווי קליין אין צאָל די קריסטליכע געמיינדן זײנען ניט געווען אין משך פון די ערשטע יאָרהונדערטן, פונדעסטוועגן האָט דאָס קריסטנטום אַלץ מער געפאַנגען די מוחות, צוערשט אין קליין־אַזיע און דערנאָך אין גריכנלאַנד, אין סיציליע, אין איטאַליע און אין מערב אייראָפּאַ בכלל. פון איין זייט איז עס געווען אַ פּראָטעסט אַנטקעגן דעם גאַנצן דעמאָלטיגן לעבן אין דער רוימישער אימפּעריע און אַנטקעגן די אידעאַלן פון דעמראָזיגן לעבן. דער רייכטום פון די רעגירנדע קלאַסן איז געווען געבויט אויף דער פאַרצווייפלטער אָרמוט פון די פּויערים און דעם שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט, און די „קולטור״ פון די רייכע איז באַשטאַנען אין אַנטוויקלען די באַקוועמליכקייטן פון לעבן און אַ געוויסן אויסערליכן גלאַנץ, לגמרי פאַראַכטנדיג די העכערע רוחניות'דיגע באַדער־

---

געוואָרן ערשט אין יאָר 1808 דורך דער פראַנצויזישער אַרמיי, נאָכדעם ווי זי האָט אין 320 יאָר געמשפּט און כמעט אַלעמאָל געמאַטערט מער ווי 340 טויזנט מענשן, פון וועלכע זי האָט 32 טויזנט מענשן ממש פאַרברענט, אַנדערע 17,659 פאַרברענט אין זייער בילדליכער געשטאַלטונג, און 291,450 געמאַטערט מיט אַלערליי פאַרשיידענע ענוים. אין פראַנקרייך איז די אינקוויזיציע ערשט אָפּגעשאַפט געוואָרן אין יאָר 1772, און איר מאַכט איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט געצוואונגען אפילו אַזאַ מעסיגן שרייבער ווי בופפאָנ'ען עפענטליך צוריקצוציען זיינע אַנשויאונגען וועגן די געאָלאָגישע פאָססילן, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט אין דעם ערשטן באַנד פון זיין באַרימטער באַשרייבונג פון די טירן, וואָס באַוואוינען דעם ערדקוגל. אין איטאַליע, וואו די אינקוויזיציע איז ערטערווייז אָפּגעשאַפט געוואָרן צום סוף פון 18טן י. ה., איז זי באַלד ווידער אויפגעשטעלט געוואָרן און האָט זיך אָנגעהאַלטן אין מיטל־איטאַליע ביזן מיטן פון 19טן י. ה. אין רוים גופא, ד. ה. אין דעם פּויפּסטליכן רוים, עקזיסטירן נאָך איבערבלייבאַכצן פון איר ביז אויף היינטיגן טאָג, אין דער פאָרם פון אַ געהיימן געריכט; בעת אַ טייל יעזואיטן אין שפּאַניען, אין בעלגיען און אין דייטשלאַנד שטייען נאָך אפילו איצטער פאַר דער ווידער אויפלעבונג פון דער אינקוויזיציע.

זעונישן, די גייסטיגע און מאָראַלע. * אבער פילע האבן שוין דאַ־מאָלסט מתרעם געווען אויף דער איבערטריבענער פיינקייט פון די פאַרגעניגענס ביי די העכערע קלאַסן, וואָס איז געגאַנגען צוזאַ־מען מיט אַ [illegible]יינער גראָבקייט פון די זיטן; און דעריבער האבן ניט נאָר די אָרימע לייט, ווען דאָס קריסטנטום האָט פאַרשפּראָכן אַ באַפרייאונג, נאָר אויך איינציגע אייגצעלנע מענשן פון די פרייע און רייכע קלאַסן, געזוכט אין קריסטנטום אַ מער גייסטרייכן לעבן.

אין דערזועלביגער צייט אָבער האָט זיך [פון דער אַנדער זייט] אויך אַנטוויקלט אַן אומצוטרויען צו דער מענשליכער נאַטור. דאָס האָט זיך שוין געמערקט אין דער גריכיש־רוימישער וועלט אין דער צייט פון פּלאַטאָ און זיינע נאָכפאָלגער. איצטער, אונטער דעם איינפלוס פון די פינסטערע אומשטענדן אין דער צייט פון דער גרויסער פעלקער־וואַנדערונג, פון דער פאַרדאָרבנקייט פון דער רוי־מישער געזעלשאַפט און דעם איינפלוס פון מזרח, האָט זיך אַנטוויקלט אַ פּעסימיזם; עס איז פאַרלאָרן געוואָרן דער גלויבן אין דער מענ־ליכקייט צו דערגרייכן אַ בעסערע צוקונפט דורך דעם מענשנס איי־גענער אנשטריינגונג. עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ זיכערקייט אין דעם טריאומף פון דער שוואַרצער גבורה אויף דער ערד, און מענשן האָבן גערן געזוכט אַ טרייסט אין דעם גלויבן פון אַן עקזיסטענץ נאָכן טויט, וואו עס וועט מער ניט זיין קיין די־וועלטיגע צרות און ליידן.

אונטער אַזעלכע באַדינגונגען האָט דאָס קריסטנטום זיך דער־וואָרבן אַלץ אַ גרעסערע שליטה אויף די מוחות. עס איז אבער מערקווירדיג, וואָס עס האָט ניט ארויסגעבראַכט קיין ממשותדיגע ענדערונג אין דעם געבוי פון לעבן. פאַקטיש האָט עס ניט נאָר

* די לעצטע צייט מישט מען צונויף, דערהויפּט אין דייטשלאַנד און רוסלאַנד, די באַגריפן פון „קולטור“ און „ציוויליזאַציע“, ד. ה. אויפקלערונג. אין די 60יגער יאָרן אָבער האָט מען זיי פולשטענדיג אונ־טערשיידט איינע פון די אַנדערע. קולטור האָט מען דאַמאָלסט אָנגערופן די אַנטוויקלונג פון די אויסערליכע באַקוועמליכקייטן פון לעבן, היגי־ענע, די פאַרקער־מיטלען, שיינע אויסשטאַטונגען א. ד. ג. ציוויליזאַציע אָדער אויפקלערונג, ווי[illegible], האָט מען אָנגערופן די אַנטוויקלונג פון וויסן, דיינקען, שאַפונ[illegible] און די שטרעבונג צו אַ בעסערער איינאָרדענונג פון לעבן.

ניט געשאַפֿן קיין נייע פֿאָרמען פֿון לעבן, נאָר עס האָט שלום געמאַכט, ווי דאָס היידנטום פֿריער, מיט דער רוימישער קנעכטשאַפֿט, מיט דעם גאָרמאַנישן לייבאייגנטום־רעכט און מיט די פֿאַרדאָרבנקייטן פֿון דער רוימישער זעלבסט־הערשאַפֿט. די קריסטליכע רעליגיאָנס דינער זיינען שנעל געוואָרן אַפֿילו די שטיצע פֿון די אימפּעראַטאָרס. די אומגלייכהייט פֿון די פֿאַרמעגנס און די פּאָליטישע אונטערדריקונג זיינען געבליבן דיזעלביגע ווי פֿריער, און די גייסטיגע אַנטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט איז באַדייטנד געפֿאַלן. קיין נייע פֿאָרמען פֿון געזעלשאַפֿטליכקייט האָט דאָס קריסטנטום ניט אויסגעאַרבעט. אין דער ווירקליכקייט, דערוואַרטנדיג אַ שנעלן אונטערגאַנג פֿון דער וועלט, האָט עס וועגן דעם זיך גאָר ווייניג געזאָרגט, אַזוי אַז עס איז פֿאַרביי געגאַנגען מער ווי טויזנט יאָר איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן אויסאַרבעטן אין אייראָפּאַ, צוערשט ביי די ברעגעס פֿון מיטללענדישן ים און דערנאָך אויך אין ענגלאַנד, — און דאָס אויך פֿון גאַנץ אַנדערע קוואַלן — אַ נייער געבוי פֿון לעבן אין די שטעט, וועלכע האָבן זיך דערקלערט פֿאַר אומאָפּהענגיקע. אין די דאָזיגע נייע צענטערס פֿון אַ פֿרייען לעבן, וואָס זיינען אין דעם פּרט געווען ענליך צו די פֿרייע שטעט פֿון דעם אַלטן גריכנלאַנד, האָט זיך אויך אָנגעפֿאַנגען די ווידערגעבורט פֿון די וויסנשאַפֿטן, וואָס זיינען פֿאַרשטיקט געוואָרן אין אייראָפּאַ זינט די צייטן פֿון די מאַקעדאָנישע און רוימישע אימפּעריעס.

אין די אַפּאָסטאָלישע צייטן האָבן קריסטוסעס נאָכפֿאָלגער, וועלכע האָבן געלעבט אין דער דערוואַרטונג פֿון יעזוסעס באַלדיגן צווייטן אָנקומען, דער עיקר זיך געזאָרגט וועגן דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון דער לערע, וואָס האָט פֿאַרשפּראָכן מענשן אַ רעטונג. זיי האָבן זיך געאיילט פֿאַנאַנדערצוטראָגן די „גוטע בשורה“, און ווען נויטיג זיינען זיי אומגעקומען פֿון אַ מאַרטירער־טויט. אָבער שוין אין דעם צווייטן יאָרהונדערט פֿון דער קריסטליכער צייטרעכענונג האָט זיך אָנגעהויבן שאַפֿן די קריסטליכע „קירך“. עס איז באַקאַנט ווי אין מזרח צעברעקלען זיך לייכט די נייע רעליגיעס אין אַ סך אָרטן. יעדערער טייטשט אויס אויף זיין שטייגער די אויפֿגעקומענע לערע און האַלט זיך ליידנשאַפֿטליך פֿאַר זיין פּירוש; און דאָס קריסטנטום איז אויך געווען אין געפֿאַר אַזוי צעברעקלט צו ווערן, נאָך מער

דערפאר, ווייל אין קליין־אזיע און עגיפטן, וואו עס האָט זיך דער־הויפּט אנטוויקלט, האָבן זיך צונויפגעמישט מיט אים אנדערע גלויבנס לערען: דער בודדיזם און דאָס אלטע היידנטום. * צוליב דעם האָבן די לערער פון קריסטנטום גלייך פון אנהויב אָן גע־שטרעבט צו באשאפן, לויט דעם ביישפּיל פון תורת משה, א „קירך“, ד. ה. אַן איינג־פארבונדענע גרופּע לערער, וואָס היטן אָפּ די לערע אין איר אמתער ריינקייט, אדער לכל הפּחות אין איר איינארטיגער פאָרם.

איינמאָל אָבער זיינען געשאפן געוואָרן קירכן אלס אָפּהיטער פון דער לערע און אירע ריטואלן, איז באשאפן געוואָרן, פּונקט ווי אין דעם בודדיזם, פון איין זייט דאָס מאָנאכענטום, ד. ה. די אָפּשיידונג פון דער געזעלשאפט מצד א טייל לערער, און פון דער אנדער זייט האָט זיך פאָרמירט א באזונדער מעכטיגע קאסטע גייסטליכע, וועלכע האָט זיך מתקרב געווען מיט דער וועלטליכער מאכט. אָפּהיטנדיג דאָס, וואָס זי האָט גערעכנט אלס די ריינ־קייט פון גלויבן און רודפנדיג דאָס, וואָס זי האָט באטראכט אלס א פארגרייזונג און אַן אַפּיקורסות, איז די קירך באלד דערגאנגען אין אירע רדיפות אויף די אָפּטריניגע ביז צו דער אויסערסטער גרויזאמקייט. און צוליב דעם ערפאָלג אין דעמדאָזיגן קאמף האָט זי צוערשט געזוכט און דערנאָך שוין געפאָדערט א שטיצע פון די וועלטליכע ממשלות, וועלכע האָבן פון זייער זייט געפאָדערט פון דער קירך א גינסטיגע באציאונג און א אונטערשטיצונג פון דער רעליגיע פאר זייער טיראנישער מאכט איבערן פאָלק.

אויף אָט דעם אופן איז פארגעסן געוואָרן דער גרונט־געדאנק פון דער קריסטליכער לערע — זיין ענוות, זיין „גייסט פון הכנעה“. די באוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ווי א פּראָטעסט אנטקעגן

---

* דרעפּער אין זיין ווערק „דער קאָנפליקט צווישן וויסנשאפט און רעליגיע“ האָט אָנגעוויזן וויפיל עס איז צוגעמישט געוואָרן צום קריסטנ־טום פון די היידנישע קולטן פון קליין־אזיע, עגיפּטן א. ד. ג. ער האָט אָבער ניט געצויגן גענוג אויפמערקזאמקייט אויף דעם נאָך גרעסערן איינפלוס פונם בודדיזם, וועלכער איז נאָך עד היום ניט גענוג אויס־געפאָרשט געוואָרן.

די פאָרדאָרבענקייטן פון דער מאַכט, איז איצט געוואָרן דער הילף־מיטל פון דער דאָזיגער מאַכט. די קירך מיט אירע ברכות האָט ניט נאָר פאַרצייענט די הערשער זייערע פאַרברעכנס, נאָר זי האָט ארויסגעשטעלט די דאָזיגע פאַרברעכנס ווי אַן אויספירונג פון גאָטס געבאָט.

צוזאַמען דערמיט האָט די קריסטליכע קירך אָנגעווענדט אַלע כחות ניט צו דערלאָזן, אַז קריסטן זאָלן שטודירן דעם „היידנישן אַלטערטום". די דיינקמעלער און מאַנוסקריפּטען פון אַלטן גריכנ־לאַנד — אין יענער צייט די איינציגע קוואַלן פון וויסן — זיינען פאַרניכטעט געוואָרן, ווייל די קירך האָט אין זיי געזען בלויז „גאווה" און „אומגלויבן", געשאַפן פון טייוול; און אירע פאַרבאָטן זיינען געווען אַזוי שטריינג און האָבן אַזויפיל געשטימט מיט דעם אַלגע־מיינעם גייסט פון קריסטליכער אומטאָלעראַנץ, אַז איינציגע שריפטן פון די גריכישע דיינקער זיינען אינגאַנצן פאַרלאָרן געגאַנגען, און מערב אייראָפּאַ האָט זיך דערוואוסט פון זיי בלויז דורכדעם, וואָס די אַראַבער האָבן זיי אָפּגעהיט אין אַראַבישע איבערזעצונגען. אַזוי גרינגטליך האָבן די קריסטן אויסגעראָט די „העללענישע חכמה." *

אין דערזעלביגער צייט אָבער האָט די פעאָדאַלע אָרדענונג מיט איר רעכט פון לייבאייגנשאַפט, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אין אייראָפּאַ נאָך דעם צעפאַלן פון דער רוימישער אימפּעריע, אָנגע־הויבן פאַנאַנדערגעזעצט צו ווערן — דערהויפּט זינט די צייטן פון די קרייץ־צוגן און נאָכדעם ווי עס איז פאָרגעקומען א ריי ערנסטע אויפשטאַנדן פון די פּויערים אויפן לאַנד, ווי אויך די אויפשטאַנדן אין די שטעט. ** א דאַנק די פאַרבינדונגען מיטן מזרח און דעם

---

* די שאַפונגען פון אריסטאָטל, דעם גרויסן באַגרינדער פון די נאַ־טורוויסנשאַפטן, זיינען צוערשט באַקאַנט געוואָרן אין אייראָפּא אין מיטלאַלטער דורך אַן איבערזעצונג אויף לאַטיין פון דער אַראַבישער שפּראַך.

** די קרייץ־צוגן האָבן אַרויסגערופן אומגעהייערע וואַנדערונגען פון דער באַפעלקערונג, און דערצו האָט יעדער פּויער־קנעכט, וואָס האָט אָנגענייט א צלם אויפן אָרבל און איז צוגעשטאַנען צו די קרייץ־פירער־זיך באַפרייט פון זיין לייבאייגנשאַפטליכן שטאַנד.

פארשטארקטן האנדל איבערן ים און לאנד זיינען אין אייראפא בּיסלאכוויין באשאפן געווארן שטעט, אין וועלכע צוגלייך מיט דער אנטוויקלונג פון האנדל, מלאכות און קונסטן, האט זיך אויך אנט־וויקלט דער גייסט פון פרייהייט, און אנהויבנדיג פון 10טן יאר־הונדערט אן האבן דידאזיגע שטעט גענומען ארונטערזעצן די הער־שאפט פון זייערע וועלטליכע הערשער און פון די בישאפן. אזוינע אויפשטאנדן האבן זיך אנגעהויבן שנעל פארשפרייטן. די איינ־וואוינער פון די רעוואלטירנדע שטעט האבן אליין אויסגעארבעט „בארטעס" אדער „שריפטן" פון זייערע פרייהייטן, און האבן גע־צוואונגען זייערע רעגירער אנצודערקענען און אונטערשרייבן דידא־זיגע בארטעס, אדער זיי האבן גאר פשוט ארויסגעטריבן זייערע הערשער און זיך פארשווארן צווישן זיך אפצוהיטן זייערע נייע שריפטן פון פרייהייטן. די בירגער האבן קודם כל זיך אנטזאגט אנצודערקענען דעם געריכט פון פרינץ אדער בישאף און האבן אליין אויסגעקליבן זייערע ריכטער. זיי האבן באשאפן זייער שטא־טישע מיליץ פאר דער באשיצונג פון שטאט און האבן אליין בא־שטימט דעם פירער פון דער מיליץ; און ענדליך זיינען זיי אריינ־געטראטן אין פארבאנדן, אין פעדעראציעס מיט אנדערע פרייע שטעט ווי זייערע. א סך שטעט האבן אויך באפרייט זייערע ארו־מיגע פויערים פון דעם לייבאייגנשאפט יאך פון די וועלטליכע און גייסטליכע באזיצער, שיקנדיג צו הילף פון די דערפער זייערע שטא־טישע מיליץ־מחנות. אזוי צום ביישפיל האט די שטאט גענוא גע־טאן שוין אין 10טן י. ה. און בּיסלאכווייז האט די באפרייאונג פון די שטעט און די גרינדונג פון פרייע קאמונעס זיך פארשפרייט אי־בער גאנץ אייראפא: צוערשט אין איטאליע און אין שפאניע, דערנאך, אין 12טן י. ה., אין פראנקרייך, אין די נידערלענדער, אין ענגלאנד, און ענדליך איבער דער גאנצער מיטל־אייראפא, ביז בעה־מען, פוילן און אפילו צפון־מערב רוסלאנד, וואו נאווגאראד און פסקאוו, מיט זייערע קאלאניעס אין וויאטקא, וואלאגדא און אנדע־רע ערטער, האבן געלעבט ווי פרייע פאלקס־רעגירונגען אין א משך פון עטליכע יארהונדערטן. אין די פרייע שטעט איז אויף דעם אופן ווידער אויפגעשטעלט געווארן יענע פרייע פאליטישע איינאר־דענונג, וואס א דאנק איר האט זיך אנדערהאלבן טויזנט יאר פריער אזוי גרויסארטיג אנטוויקלט די בילדונג אין אלטן גריכנלאנד. איצ־

טער האט זיך דאס אייגענע ווידערהאלט אין די פרייע שטעט פון מערב און מיטן איראפא. *

און צוזאמען מיט דער אויפשפראצונג פון א נייעם פרייען לעבן האט זיך אנגעהויבן אן אויפלעבונג פון וויסנשאפט, קונסט און פרייען געדאנק, וואס האט באקומען אין דער געשיכטע דעם נאמען „די ווידערגעבורט“ אדער „רענעסאנס עפאכע“.

איך וועל אבער דא זיך ניט ארייננלאזן אין אן אנאליז פון די אורזאכן, וואס האבן געפירט אין איראפא צוערשט צו א ווידערגעבורט און דערנאך, אין 16טן און 17טן י. ה., צו דער אזוי אנגערופענער „אויפקלערונגס־עפאכע“, ניט נאר דערפאר, ווייל וועגן דעם דאזיגן אויפוואכן, וואס דער מענשליכער שכל האט זיך דערוואכט פון זיין לאנגן שלאף, זיינען פאראן א סך אויסגעצייכנטע ווערק, און אפילו א קורצער איבערבליק איבער זיי וואלט אונז ווייט אוועקגעפירט פון אונזער אוממיטלבארן ציל. עס וואלט מיר אויסגעקומען צו באטראכטן, פיל מער בפרטיות ווי דאס איז געטאן געווארן ביז איצט, ניט נאר דעם איינפלוס אויף דער אנטוויקלונג פון דער וויסנשאפט און קונסט, וואס עס האט געהאט די אנטדעקונג פון די מאנומענטן פון דער אלטער גריכישער וויסנשאפט, קונסט און פילאסאפיע, ווי אויך דער איינפלוס פון די ווייטע רייזן איבער די ימים און לענדער, וואס זיינען אונטערגענומען געווארן אין די דאזיגע יארן פון דעם האנדל מיטן מזרח, די אנטדעקונג פון אמעריקא א. אז. וו., נאר מען וואלט אויך געמוזט באטראכטן דעם איינפלוס פון די נייע פארמען פונם געזעלשאפטליכן לעבן, וואס זיינען דאמאלסט געשאפן געווארן אין די פרייע שטעט. דערצו וואלט אויך נויטיג געווען צו באווייזן, ווי אזוי די דאזיגע נייע אומשטענדן פון שטאטישן לעבן און די דערוואכונג פון דער פויערשער באפעלקערונג האבן געפירט צו א נייעם באגריף פון קריסטנטום און צו טיפע פאלקס באוועגונ־

* וועגן אט דעם לעבענס שטריך זיינען פאראן א סך אויסגעצייכנטע פארשונגען, וועלכע ווערן פארשוויגן אין אונזערע רעגירונג־שולעס און אוניווערזיטעטן. א צעטל פון זיי וועט דער לעזער געפינען אין מיין בוך „געגנזייטיגע הילף,“ וואו עס ווערט אויך געגעבן א קורצער בילד פון דעם לעבן פון די פרייע מיטלאלטערליכע שטעט.

נען, אין וועלכע דער פּראָטעסט אנטקעגן דער הערשאַפט פון דער קירך האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער שטרעבונג זיך צו באַפרייען פון דעם יאָך פון לייבאייגנשאַפט.

אַזוינע אויפשטאַנדן האָבן זיך פאַנאַנדערגעגאָסן אין ברייטע כוואַליעס איבער גאַנץ אייראָפּע. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דער באַוועגונג פון די אַלביגענצער אין דרום־פראַנקרייך אין 11טן און 12טן יאָרהונדערט. שפּעטער, ביים סוף 14טן י. ה. זיינען אין ענגלאַנד פאָרגעקומען די פריערשע אויפשטאַנדן פון דזשאָן באָל, וואַט טיילער און די לאָללאַרדן, וואָס זיינען געווען געריכטעט אַנטקעגן די לאָרדן און דער רעגיערונג, אין פאַרבינדונג מיט דער רעליגיעזער פּראָטעסטאַנטישער באַוועגונג פון וויקליף. אין בעהמען האָט זיך אַנטוויקלט די לערע פון דעם גרויסן רעפאָרמאַטאָר און מאַרטירער יאָן הוס (וועמען די קירך האָט פאַרברענט אין יאָר 1415), און די גרויסע צאָל פון זיינע נאָכפאָלגער האָבן רעוואָלטירט אי אַנטקעגן דער קאַטוילישער קירך, אי אַנטקעגן דעם יאָך פון די פעאָדאַלע פּריצים. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די קאָמוניסטישע באַוועגונגען פון די מאָראַווישער ברידער אין מאָראַוויע און פון די אַנאַבאַפּטיסטן אין האָלאַנד, אין מערב־דייטשלאַנד און אין דער שווייץ — און זיי אַלע האָבן געשטרעבט ניט נאָר אָפּצורייניקן דאָס קריסטנטום פון די אָנגעזאָמטענע פסלות, וואָס האָט זיך אָפּגעזעצט אויף אים צוליב דער וועלטליכער הערשאַפט פון די גייסטליכע, נאָר אויך אומצוענדערן דעם גאַנצן געזעלשאַפטליכן געבוי אין דעם זין פון גלייכהייט און קאָמוניזם.

ענדליך וואָלט אויך אויסגעקומען זיך אָפּצושטעלן אויף דעם גרויסן פויערן־קריג אין דייטשלאַנד, אין 16טן י. ה., וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין פאַרבינדונג מיט דער פּראָטעסטאַנטישער באַוועגונג, און אויף די אויפשטאַנדן אַנטקעגן דעם פּאַפּיזם, די פּריצים און די קיניגן, וואָס האָבן זיך וויים פאַרשפּרייט אין ענגלאַנד, פון דעם יאָר 1639 ביז 1648; און וואָס האָט זיך געענדיגט מיט דעם טויט־אורטייל אויף דעם קיניג און מיט דער אָפּשאַפונג פון דער פעאָדאַלער אָרדענונג. געוויס האָט קיינער פון דיזאַזיגע באַוועגונגען ניט דערגרייכט יענע צילן — די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און מאָראַלע — וועלכע זיי אַלע האָבן זיך געשטעלט. אבער יעדנ־

פאַלס האָבן זיי געשאַפן אין איראָפּאַ צוויי פאַרהעלטניסמעסיג פרייע קאָנפעדעראַציעס, די שווייצאַרישע און האָלענדישע, און פאַלגליך דערנאָך צוויי פאַרהעלטניסמעסיג פרייע לענדער, ענגלאַנד און פראַנקרייך, וואו די מוחות זיינען שוין געווען אויף אזוי פיל צוגעגרייט, אז די לערעס פון די פריידיינקנדע שרייבער האָבן געפונען א סך נאָכפאָלגער, און די דיינקער האָבן געקאָנט שרייבן און אָפטמאָל אויך דרוקן זייערע ווערק ניט ריזיקירנדיג פאַרברענט צו ווערן אויפן שייטערהויפן דורך די פרינצן פון דער קריסטליכער קירך, אדער אריינגעזעצט צו ווערן אויף אייביג אין די געפענגענישן.

כדי צו דערקלערן פולשטענדיג דעם וואוקס פון פילאָסאָפישן דיינקען, מיט וועלכן דער 17טער י. ה. האָט זיך אויסגעצייכנט, וואָלט פאָלגליך אויסגעקומען פאַנאַנדערצוקלייבן דעם איינפלוס פון דידאָזיגע רעוואָלוציאָנערע פאָלקס־באַוועגונגען צוגלייך מיט דעם איינפלוס פון די דאָמאָלסט־אַנטדעקטע דיינקמעלער פון דער אַלטגריכישער שריפטשטעלעריי, וועגן וועלכער מען רעדט אזוי נערן אין די געשיכטן פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע, פאַרגעסנדיג די פאָלקס־באַוועגונגען. אבער אזא פאָרשונג אויפן געביט פון דער אַלגעמיינער פילאָסאָפיע פון געשיכטע וואָלט אונז אוועקגעפירט פיל צו־ווייט פון אונזער אוממיטעלבאַרן ציל. איז דעריבער וועל איך זיך באַשריינקען בלויז אויף דעם אָנווייז, אז אָט די אלע אורזאכן *אינאיינעם גענומען* האָבן געהאָלפן אויסאַרבעטן א נייעם פרייערן צונויפשטעל פון לעבן, און אזוי ווי זיי האָבן געגעבן א נייע ריכטונג דעם דיינקען, האָבן זיי געהאָלפן דער אויסאַרבעטונג פון א גייער ווויסנשאַפט, וואָס האָט זיך ביסלאַכווייז באַפרייט פון דער טעאָלאָגישער אפּוטרופּסות, פון א נייער פילאָסאָפיע, וואָס האָט געשטרעבט אומצופאַסן דאָס לעבן פון דער גאַנצער נאַטור און דערקלערן עס אויף א נאַטירליכן וועג, און ענדליך דערוועקן די שאַפונגס קראַפט פון דעם מענשליכן גייסט. אינאיינעם מיט דעם וועל איך זוכן צו באַווייזן, ווי פון דער צייט אָן האָט אַלץ ליכטיגער און אקטיווער גענומען ארויסטרעטן אויפן מאָראַלן געביט די *פרייע פערזענליכקייט*, וועלכע האָט דערקלערט איר אומאָפּהענגיגקייט פון דער קירך, פון דער רעגירונג און פון די איינגעשטעלטע טראַדיציעס.

אין פאַרלויף פון די ערשטע צען יאָרהונדערטן פון אונזער צייטרעכענונג האָט די קריסטליכע קירך גוזען אין דער נאַטורפאָרשונג עפּעס וואָס איז אומנויטיג און אפילו שעדליך, וואָס פירט צו האַלטן פון זיך, צו גאוה; די גאוה איז ווידער פאַרפאָלגט געוואָרן אַלס דער קוואַל פון אומגלויבן. דאָס מאָראַלישע, וואָס געפינט זיך אינם מענשן, האָט די קירך באַהויפּטעט, באַקומט ער כלל ניט פון זיין אייגענער נאַטור, וועלכע קאָן אים נאָר טרייבן צו שלעכטס, זאָנדערן ער באַקומט עס אויסשליסליך פון דער געטליכער אַנטפּלעקונג. יעדע פאָרשונג פון די נאַטירליכע קוואַלן פון דאָס מאָראַלע אינם מענשן איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, און דעריבער איז די גריכישע וויסנשאַפט, וואָס האָט זיך געפּרובט געבן אַ נאַטירליכע באַגרינדונג פון דאָס מאָראַלע, לחלוטין פאַרוואָרפן געוואָרן. צום גליק האָבן די וויסנשאַפטן, וואָס האָבן ארויסגעשפּראָצט אין גריכנלאַנד געפונען פאַר זיך אַ מקום מקלט ביי די אַראַבער, וועלכע האָבן איבערזעצט די גריכישע שרייבער אויף זייער שפּראַך און האָבן נאָך אליין אויסגעבריטערט אונזערע דערקענטניסן, דערהויפּט וועגן דעם ערדקוגל און די הימלישע ליכטער, און אינאיינעם דערמיט אויך די מאַטעמאַטישע וויסנשאַפט און די מעדיצין; און וואָס איז שייך דאָס מאָראַלע, האָט די אַראַבישע וויסנשאַפט, פונקט ווי די גריכישע, דאָס געהאַלטן פאַר אַ טייל פון דער נאַטורדערקענטניש. אָבער די קריסטליכע קירך האָט אַזאַ וויסן פאַרוואָרפן ווי אַן אפיקורסות. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן העכער ווי טויזנט יאָר, און ערשט אין עלפטן יאָרהונדערט, בעת אין איירָאָפּאַ האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד פון די שטעט, האָט זיך אויך אָנגעהויבן די פריידיינקערישע (ראַציאָנאַליסטישע) באַוועגונג. מען האָט גענומען פלייסיג אויפזוכן די וואו עס איז איבערגעבליבענע מאַנוסקריפּטן פון דער אַלט־גריכישער וויסנשאַפט און פילאָסאָפיע, און מען האָט נאָך זיי גענומען אויסלערנען געאָמעטריע, פיזיקע, אַסטראָנאָמיע און פילאָסאָפיע. אין דעם טיפן חושך, וואָס האָט געהערשט אין איירָאָפּאַ אַזויפיל יאָרהונדערטן, איז די אַנטדעקונג פון אַ וועלכן עס איז מאַנוסקריפּט פון פּלאַטאָ אָדער אַריסטאָטעל און די איבערזעצונג דערפון געוואָרן אַ וועלט־פּאַסירונג: די דאָזיגע כתבים האָבן אויפגעדעקט אַ נייעם אומבאַקאַנטן רונדשוי; זיי האָבן געוועקט די מוחות, האָבן אויפגעלעבט דעם געפיל פון שיינקייט און ענטציקונג

פאַר דער נאַטור, און פאַראייניקט אויך אויפגעוועקט דעם גלויבן אין דעם כח פון דעם מענשליכן שכל, פון וועלכן די קריסטליכע קירך האָט אַזוי גרינטליך אָפּגעווינט די מענשן.

פון יענע צייטן אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווידערגעבורט — צוערשט אין די וויסנשאַפטן, דערנאָך בכלל, און אויך אין די פאָרשונגען בנוגע דעם עצם און די יסודות פון מאָראַל. דער מאַרטירער אַ ב ע ל י אַ ר (געב. אין יאָר 1079, געשט. אין 1142) האָט זיך שוין אין אָנהויב 12טן י. ה. אַנטשלאָסן צו באַהויפּטן נאָך די דיינקער פון אַלטן גריכנלאַנד, אַז דער מענש טראָגט אין זיך גופא די שפּראָצן פון מאָראַלע באַגריפן. ער האָט אָבער ניט געפונען קיין שטיצע פאַר אַזאַ אַפּיקורסות, און ערשט אין דעם נעקסטן יאָרהונדערט האָט זיך אין פראַנקרייך באַוויזן אַ דיינקער, ט אָ מ אַ ס אַ ק ו ו י נ אַ ס (1225־1278), וועלכער האָט געזוכט צו פאַראייניגען די לערען פון דער קריסטליכער קירך מיט אַ טייל פון אַריסטאָטעלס לערע; און אין ענגלאַנד האָט ר אַ ד ז ש ע ר ב ע ק אָ ן (1214־1294) אַרום דערזעלביגער צייט זיך געפּרובט ענדליך אַראָפּוואַרפן די איבערנאַטירליכע קרעפטן אין דער דערקלערונג פון דער נאַטור בכלל, און אַזוי אויך פון דעם מענשנס מאָראַלע באַגריפן בפרט.

אַט די ריכטונג איז איבעריגנס גיך פאַרשטיקט געוואָרן, און עס זיינען נויטיג געווען די אויבען דערמאָנטע פאָלקס באַוועגונגען, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט בעהמען, מאָראַוויען (לענדער, וואָס געהערן איצטער צו דער דייטשער אימפּעריע), די שווייץ, פראַנקרייך, דערהויפּט די דרומדיגע טיילן, די נידערלענדער און ענגלאַנד; עס איז נויטיג געווען, אַז הונדערטע טויזנטער מענשן זאָלן אומקומען פון פייער און שווערד, און זייערע פירער זאָלן אויסשטיין די פּייניגונגען פון גיהנום — קורץ, עס איז נויטיג געווען די גרעסטע אויפטרייסלונג, וואָס האָט ביסלאַכווייז אַרומגעכאַפּט גאַנץ אייראָפּאַ, פון 12טן ביז 16טן י. ה., כדי די קירך און די בירגערליכע געוועלטיגער, וואָס זיינען געפירט געוואָרן פון איר, זאָלן דערלויבן די דיינקער צו ריידן און שרייבן וועגן ד ע ם מ ע נ ש נ ס געזעלשאַפטליכן אינסטינקט ווי וועגן דעם קוואַל פון די מאָראַלע באַגריפן, און וועגן דער באַדייטונג פון דעם

מענשליכן שכל פאַר דער אויסאַרבעטונג פון די מאָראַלע פּרינציפּן. אָבער אפילו דאַן האָט דאָס דיינקען, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון דעם יאָך פון דער קירך, פאַרגעצויגען צוצושרייבן צו די קלוגע געוועלטיגער און געזעצגעבער דאָס, וואָס איז פריער צוגעשריבן געוואָרן צו דער געטליכער אַנטפּלעקונג, איידער די נייע ריכטונג פון געדאַנק האָט זיך אַנטשלאָסן אָנצודערקענען, אַז די אויסאַרבעטונג פון די מאָראַלע פּרינציפּן איז געווען דער אויפטו פון דער אַלגעמיין מענשליכער שאַפונגסקראַפט.

אינמיטן פון 16טן י. ה., קורץ פאַר קאָפּערניקוס' טויט (ער איז געב. אין 1473, געשט. אין יאָר 1543) איז ערשינען זיין בוך וועגן דעם געבוי פון אונזער פּלאַנעטן־סיסטעם, וואָס האָט געגעבן אַ שטאַרקן שטויס דעם נאַטורוויסנשאַפטליכן דיינקען. אין דעם בוך איז באַוויזן געוואָרן, אַז די ערד הויבט גאָר ניט אָן צו שטיין אין דעם אַלוועלטליכן צענטער, און אפילו ניט אין צענטער פון אונזער פּלאַנעטן־סיסטעם, אַז די זון און די שטערן דרייען זיך גאָר ניט אַרום איר, ווי דאָס דוכט זיך אונז אויס; און אַז ניט נאָר אונזער ערד, נאָר אויך די זון, אַרום וועלכער די ערד דרייט זיך, זיינען פּשוטע זעמדעלאַך אין דער ריי פון דער אומענדליכער צאָל וועלטן. מיט די אידייען זיינען זיך אַזוי ווייט פונאַנדערגעגאַנגען פון די לערען פון דער קירך, וואָס האָט באַהויפּטעט, אַז די ערד איז דער צענטער פון דער גאַנצער וועלט און דער מענש איז דער תכלית הבריאה, וועמען דער באַשאַפער פון דער נאַטור שיינקט זיין באַזונדער השגחה, אַז די קירך האָט, פאַרשטייט זיך, גלייך גענומען גרויזאַם פאַרפאָלגן דיזאָזיגע לערע, און ניט ווייניג מענשן זיינען געפאַלן קרבנות פון דער דאָזיגער פאַרפאָלגונג. אַזוי איז דער איטאַליענער ז ש י אָ ר ד אַ נ אָ  ב ר ו נ אָ (געב. אין יאָר 1548) פאַרברענט געוואָרן פון דער רוימישער אינקוויזיציע אין יאָר 1600 פאַר זיין ווערק Saggio della bestia triomfante וואו ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר קאָפּערניקוסעס אפּיקורסישן געדאַנק. די נייע ריכטונג איז שוין אָבער געגעבן געוואָרן פון די אַסטראָנאָמען, און עס איז בכלל פעסטגעשטעלט געוואָרן די באַדייטונג פון גענויע באַאָבאַכטונגען און זייערע מאַטעמאַטישע באַאַרבעטונגען, ווי אויך די וויכטיקייט פון וויסן, וואָס איז געבויט אויף דערפאַרונג

להיפך צו די שלוסן, וואָס זיינען געבויט אויף דער מעטאפיזיק. אין פלאָרענץ האָט זיך אפילו געבילדעט אן אקאדעמיע פון עקספּערי־מענטן.

באלד נאָך דעם, אין די יאָרן 1609 און 1619, האָבן די גענויע פאָרשונגען פון קעפּלער (געב. 1571, געשט. 1630) וועגן די געזעצן פון דער באַוועגונג פון די פּלאַנעטן ארום דער זון באַשטעטיגט די שלוסן, צו וועלכע קאָפּערניקוס איז געקומען; און 20 יאָר שפּעטער האָט דער איטאַליענישער געלערטער גאַלילעי (געב. 1564, געשט. 1642) ארויסגעגעבן זיינע הויפּט ווערק, וועלכע האָבן ניט נאָר באַשטעטיגט קאָפּערניקוסעס לערע, נאָר האָבן נאָך ווייטער באַוויזן וואוהין עס פירט די פיזיקע, וועלכע איז געבויט אויף עקספּערימענטן. דערפאר וואָס גאַלילעי האָט געהאַלטן פון קאָפּערניקוסעס לערע, האָט די קירך אים געפּייניגט, און פּייניגענדיג אים געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגן פון אזא „אפּיקורסות". דער געדאנק אָבער האָט זיך שוין באפרייט פון די קריסטליכע און אַלט־אידישע לערען, און די נאַטורוויסנשאַפט האָט אין דעם ענגלישן פאָרשער פראַנסיס בעקאָן געפונען ניט נאָר א פאָרטזעצער פון די געוואגטע פאָרשונגען פון קאָפּערניקוס, קעפּלער און גאַלילעי, נאָר אויך דעם באַגרינדער פון א נייעם מעטאָד פון וויסנשאַפטליכער פאָרשונג — דעם אינדוקטיוון מעטאָד, וואָס איז געבויט אויף א גענויער אויספאָרשונג פון די פאקטן פון דער נאַטור און די באַקומענע שלוסן פון די דאָזיגע פאקטן, אנשטאָט צו דערקלערן די נאַטור דעדוקטיוו, ד. ה. אויפן גרונט פון א פריער ארויסגעבראַכטע אבסטראַקטע שכלדיגע סברות. נאָך מער, בעקאָן האָט אנגעצייכנט די יסודות פון א נייער וויסנשאַפט, וואָס איז געבויט אין אַלע אירע הויפּט צווייגן אויף באַאָבאַכטונג און עקספּערימענטן. אין ענגלאַנד איז אין יענער צייט שוין אָנגעגאַנגען אן ערנסטע אויפרודערונג פון די מוחות, וועלכע האָט זיך באַלד אויסגעגאָסן אין דער רעוואָלוציע פון די יאָרן 1639 ביז 1648 — די רעוואָלוציע פון די פּויערים און באַזונדערס פון דעם מיטל־קלאַס אין די שטעט, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט דער פאַרקינדיגונג פון דער רעפּובליק און דער פאַראורטיילונג צום טויט פון קיניג. און צוגלייך מיט דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן איבערקער, ד. ה. מיט דער פאַרניכטונג פון דער הערשאַפט פון די פעאָ־

ראַלע ערדבאַזיצער און דעם קומען צו מאַכט פון שטאָטישן מיטל־
קלאַס, איז פאָרגעקומען די גייסטיגע באפרייאונג פון דעם יאָך פון
די קירכן און די אויסארבעטונג פון א נייער פילאָסאָפיע — א נייעם
פארשטיין די נאַטור, וואָס איז געבויט ניט אויף שכלדיגע סברות,
נאָר אויף אַן ערנסטער אויספאָרשונג פון דער נאַטור און דער
שטופנאַרטיגער אַנטוויקלונג פון לעבן, ד. ה. אויף עוואָלוציע, וועל־
כע שטעלט צוזאמען דעם גרונט פון דער מאָדערנער וויסנשאפט.

בעקאָן און גאַלילעי זיינען געוועזן די פאָטערס פון דער דאָזי־
גער וויסנשאפט, וועלכע האָט אין אנדער העלפט פון 17טן י. ה.
אלץ קלערער גענומען פארשטיין איר אייגענע קראַפט און די
נויטיקייט פון א פולשטענדיגער באפרייאונג פון יאָך פון די קירכן—
פון דער קאַטוילישער ווי פון די נייע פראָטעסטאַנטישע קירכן. די
געלערטע האָבן צוליב דעם זיך גענומען פאראייניגען צווישן זיך
און גרינדן געלערטע „אַקאַדעמיעס“, ד. ה. געזעלשאפטן, וואָס האָבן
געארבעט פאַר דער פרייער אויספאָרשונג פון דער נאַטור; און אין
דיזאָזיגע אַקאַדעמיעס איז אלס גרונט פרינציפ אָנגענומען געוואָרן
די עקספערימענטאַלע פאָרשונג אנשטאָט די
פריערדיגע פלפולים. אָט אזא ציל האָבן געשטעלט פאַר זיך די
אַקאַדעמיעס, וואָס זיינען אַנטשטאַנען צוערשט אין איטאַליע, און
דערנאָך אויך די קיניגליכע געזעלשאפט, וואָס איז געגרינדעט גע־
וואָרן אין ענגלאנד אין 17טן י. ה. און איז געוואָרן פון יענער צייט
אָן די פעסטונג פון נאַטורוויסנשאפטליכן וויסן און דער מוסטער
פאַר אנדערע אזוינע געזעלשאַפטן, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן
אין פראנקרייך, האָלאַנד, פרייסן א. אז. וו.

אזא ווענדונג אין די וויסנשאפטן האָט נאַטירליך זיך אָפגערופן
אויך אויף דער וויסנשאפט פון מאָראַל. פראַנסיס בעקאָן האָט
שוין איינינע יאָר פאַר דער ענגלישער רעוואָלוציע געמאכט א פאר־
זוך — אמת זייער א פאָרזיכטיגן — אָפצוטיילן די פראַגע וועגן
דער אָפשטאַמונג און דעם עצם פון די מאָראַלע באַגריפן פון דער
רעליגיע. ער האָט געוואָגט ארויסצוזאָגן, אז די אָפוועזנהייט פון
רעליגיעזע איבערצייגונגען מוז ניט האָבן קיין שעדליכן איינפלוס
אויף דער מאָראַל: אז אפילו אַן אומגלויבער קאָן זיין אַן ערליכער
בירגער, בעת פון דער אנדער זייט, ווען אַן אבערגלויבישע רעליגיע

נעמט אויף זיך די אויבערזיכט אויף דעם מענשנס מאראל, איז עס גרשט א ווירקליכע געפאר. אויסגעדריקט האט זיך בעקאן אויף א העכסט איינגעהאלטענעם אופן — א־ניט האט מען אין זיין צייט זיך גארנישט געקאנט אויסדריקן; דער עצם אבער פון זיין געדאנק איז געווען פארשטענדליך, און פון יענער צייט אן האט דערזועלביגער געדאנק זיך אנגעהויבן ארויסזאגן אלץ העכער און קלערער אין ענגלאנד און אין פראנקרייך. יעמאלט האט מען זיך דערמאנט אן דער פילאסאפיע פון עפיקורוס און די סטאאיקער, און עס האט זיך אנגעהויבן די אנטוויקלונג פון דער ראציאנאליסטישער עטיק, ד. ה. פון א עטיק אויף וויסנשאפטליכע יסודות, דורך די ארבעטן פון האבבס, לאקק, שעפטסבערי, קאדווארטה, האטשיסאן, יום, אדאם סמיטה און אנדערע אין ענגלאנד און שאטלאנד, און פון גאססענדי, העלוועציוס, האלבאך און א סך אנדערע אין פראנקרייך. *

עס איז אבער אינטערעסאנט, אז דער הויפט שטריך פון דער דערקלערונג פון מאראל, וואס בעקאן האט געגעבן (אויף וועלכן איך האב שוין אנגעוויזן אין צווייטן קאפיטל), און דאס איז, אז שוין אפילו ביי חיות איז דער אינסטינקט פון געזעלשאפטליכקייט שטארקער און שטענדיגער איידער דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאלטונג — איז געבליבן אהן אויפמערקזאמקייט פון ויינע נאכפאלגער און אפילו פון די געוואגטע קעמפער פאר דער נאטירליכער דערקלערונג פון מאראל. **

---

* דזשיארדאנא ברונא׳ס מערקווירדיג ווערק „סאדזשא דעללא בעסטיא טריאמפאנטע“, ארויסגעגעבן אין יאר 1584, איז כמעט אוועק ניט באמערקט. אזוי אויך שאפפאנ׳ס בוך „דע לא סאגעסע“ אין דער אויסגאבע פון 1601 (אין דער 1604 אויסאגבע איז אויסגעלאזט געווארן א געוואגטע שטעלע וועגן רעליגיע), וואו ער האט פרובירט באגרינדן די מאראל אויפן פשוטן געזונטן פארשטאנד, האט ווי עס זעט אויס, ניט געהאט קיין גרויסן אפזאץ אויסער פראנקרייך. די עססיים פון מאנטען (1588), וועלכער האט בארעכטיגט די פיל פארמען פון רעליגיע האט גראד יא געהאט א גרויסן ערפאלג.

** עס איז מערקווירדיג, וואס אפילו יאדל, דער היסטאריקער פון דער עטיק, וועלכער דערשפירט אונטערגעווייגליך שנעל יעדן נייעם איינפלוס אין דער עטישער פילאסאפיע, האט אויך ניט אפגעשאצט לויט

בלויז דארווין, ביים ענד פון זיין לעבן, האט זיך אנטשלאסן צו ווידערהאלן בעקאנס געדאנק אויפן גרונט פון זיינע אייגענע באאבאכטונגען פון דער נאטור, און האט אים אריינגעלייגט אין פונדאמענט פון עטליכע מערקווירדיגע זייטלאך וועגן דער אפשטאמונג פון די מאראלע געפילן, וואס זיינען אריין אין זיין בוך „די אפשטאמונג פונם מענשן" (זע אויבן, דעם צווייטן קאפיטל); אבער אפילו איצטער מיידן אוים די שרייבער וועגן עטיק דעמדאזיגן געדאנק, וועלכער האט געדארפט ליגן אין גרונט פון יעדער ראציאנאלער עטיק, דעסטא מער וואס ער לייכט זיך דאך דורך, זאל זיין אין א ווייניגער באשטימטער פארם, אין גרונט פון אלע לערעז, וואס זוכן די דערקלערונג פון מאראל אין דעם מענשנס נאטור גופא.

נאך בעקאנען האט הוגא גראציוס, פון די פילאסאפן פון 17טן י.ה. וייער גוט פארשטאנען דיזעלביגע זאך און האט עס נאך קלערער ארויסגעזאגט אין זיין ווערק „וועגן דעם רעכט פון מלחמה", אין יאר 1625. נאכדעם ווי ער האט געמאכט אייניגע באמערקונגען וועגן דעם באשעפער און זיין איינפלוס אויף דער אויסארבעטונג פון די מאראלע באגריפן ניט אוממיטעלבאר, נאר דורך דער פארמיטלונג פון דער פארנינפטיגער נאטור, וואס „הגם זי איז באשאפן געווארן פון אים, איז זי אבער אומפארענדערבאר", האט גראציוס אהן ספיקות אנדערקענט, אז דער מקור פונם „רעכט" און פון די מיט אים איינג פארבונדענע מאראלע באגריפן, זיינען געוועזן *די נאטור און די פארנונפט, וואס דערקענט זי.*

די רעליגיעזע מאראל און די עטאבלירונג פון ריטואלן האט ער ארויסגעטיילט פון דעם געביט פון דער נאטירליכער מאראל און

---

זייער ווערט יענע עטליכע ווערטער, אין וועלכע בעיקאן האט אויסגעדריקט זיין געדאנק. ער האט געזען אין זיי אן אפקלאנג פון דער גריכישער פילאסאפיע, אדער פון דעם אזוי גערופענעם נאטירליכן געזעץ, „לעקס נאטוראליס" (1573); בעת בעיקאן, וועלכער האט ארויסגעדרונגען די מאראל פון דער געזעלשאפטליכקייט, וואס איז אייגנטימליך פארן מענשן, ווי פאר די מערסטע טירן, האט געגעבן א נייע נאטורוויסנשאפטליכע דערקלערונג פאר די ערשטע פרינציפן פון מאראליטעט.

האָט זיך פאַרנומען בלויז מיט דער אויספאָרשונג פון דער לעצטער. אונטער נאַטור האָט ער פאַרשטאַנען די מענשליכע נאַטור, און האָט געהאַלטן אַז עס איז אוממעגליך זי זאָל ניט קאָנען אונטערשיידן דאָס גערעכטע פון דאָס אומגערעכטע, היות ווי ביי דעם מענשן און ביי די חיות איז אַנטוויקלט די געזעלשאַפטליכקייט, וועלכע ציט דעם מענשן נויטיגערווייז אויסצואַרבעטן אַ רוהיגן צוזאַמענלעבן מיט זיינע מיטמענשן.

צוגלייך מיט אָט דעם שטאַרקן געזעלשאַפטליכן אימפּולס, זאָגט ווייטער גראָציוס, האָט דער מענש די פיאיקייט, אַ דאַנק דער שפּראַך, ארויסצוברייננגען אלגעמיינע רעגעלן פאַר דעם אויפהאַלט פון געמיינשאַפטליכן לעבן און פירן זיך לויט זייער פאָרשריפט, און אָט די זאָרג וועגן געמיינשאַפטליכן לעבן ווערט דער קוואַל פון די עטאַבלירטע מנהגים און פון דעם אזוי אָנגערופענעם נאַטירליכן אדער געוויינהייטס־רעכט. דער אויסאַרבעטונג פון די דאָזיגע תקנות העלפן אויך ערשטענס, דער באַגריף וועגן די אַלגעמיינע נוצן און צווייטנס דער פאָלגליכער באַגריף פון דאָס, וואָס ווערט אָנדערקענט אלס גערעכט. עס איז אבער לגמרי א טעות צו באַהויפּטן, האָט ער געזאָגט, אַז די הערשאַפט, וואָס געוועלטיגט איבער די מענשן, האָט זיי געצוואונגען זיך צו זאָרגן וועגן דאָס רעכט, אדער אַז די מענשן האָבן זיך געזאָרגט וועגן דאָס רעכט נאָר צוליב די נוצן אליין. דעם מענשן האָט דערצו געצויגן זיין נאַטור. „ווארים אָנהויבנדיג פון די חיות“, האָט גראָציוס געשריבן, „זיינען פאַראַנען אייניגע פון זיי, וועלכע שטאַרבן און פאַרגעסן ביז אַ געוויסן גראַד די זאָרג וועגן זיך צוליב זייערע קינדער אדער אַנדערע פון זייער מין;“ און דאָס קומט ארויס, לויט אונזער מיינונג, האָט ער ווייטער געזאָגט, „פון אַ געוויסער דערקענטעניש, וואָס קומט פון דרויסן און שטעלט צוזאַמען דעם פּרינציפּ פון אַזוינע האַנדלונגען, היות ווי אין אנדערע לייכטערע האַנדלונגען באַמערקט זיך ניט דערזעלביגער אינסטינקט“. *

---

* איך ציטיר לויט דער פראַנצויזישער איבערזעצונג פון קורטען לאַ האַי, 1703, פּאַרעדע, § 7.

פונקט אזא שטרעבונג צו טאָן גוטעס צו אַנדערע זעט מען אויך ביז א געוויסן גראַד ביי קינדער. אין דערזעלביגער ריכטונג ווירקט אויך דער געזונטער אורטייל (§ 9). „דאָס נאַטירליכע רעכט, האָט גראָציוס ווייטער געשריבן, איז אַ רעגל, וואָס דער שכל גיט אונז, און מיט זיין קראַפט אורטיילן מיר וועגן דער מאָראַלער נויטיקייט אָדער דער נישטווירדיקייט פון אַ האַנדלונג, לויט איר איינשטימונג אָדער ניט איינשטימונג מיט דער העכסט פאַרניפטיגער נאַטור" (מיט דער נאַטור גופא פונם פאַרשטאַנד, § 10, 1).

„נאָך מער — זאָגט ער ווייטער — דאָס נאַטירליכע רעכט איז אַזוי אומפאַרענדערליך, אַז גאָט אַליין קאָן עס ניט פאַרענדערן. וואָרים הגם גאָטס מאַכט איז אומגעהויער, דאָך קאָן מען אָבער זאָגן, אַז עס זיינען פאַראַן זאַכן, אויף וועלכע זי שפּרייט זיך ניט אויס. (בוך 1, קאַפּ. 1, § 10, 5).

מיט אַנדערע ווערטער, פאַראייניגט מען בעקאָנ'ס און גראָציוס'עס לערען, ווערט קלאָר די אָפּשטאַמונג פון די מאָראַלע באַגריפן, אויב מען אָנדערקענט דעם אינסטינקט פון געזעלשאַפטליכקייט ווי אַ גרונט-שטריך פון דעם מענשן. צוליב אַט דעם אינסטינקט בילדעט זיך אויס דאָס געזעלשאַפטליכע לעבן מיט געוויסע אומפאַרמיידליכע הנחות צו דעם פערזענליכן עגאָאיזם, און דאָס דאָזיגע לעבן ווידער העלפט דער אויסאַרבעטונג פון די באַגריפן פון דער שטאַט-מאָראַל, וועלכע מיר געפינען ביי אַלע פּרימיטיווע ווילדע. דאָן, אויף דעם געביט פון לעבן, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אונטער דעם איינפלוס פון דעם בלי ספק שטאַרקן אינסטינקט פון געזעלשאַפטליכקייט, אַרבעט שטענדיג דער שכל, וועלכער פירט דעם מענשן אויסצואַרבעטן די רעגעלן פון לעבן, וואָס ווערן אַלץ מער קאָמפּליצירט, און פאַרשטאַרקן אין דערזעלביגער צייט די אימפּולסן פון געזעלשאַפטליכן אינסטינקט און די געוויינהייטן, וואָס ווערן באַאיינפלוסט פון אים. אָט אַזוי קומט מען אויף אַ נאַטירליכן וועג די אויסאַרבעטונג פון דאָס, וואָס מיר רופן אָן דאָס רעכט.

אויף דעם אופן איז קלאָר, אַז דער מאָראַלער צונויפשטעל און דעם מענשנס באַגריפן נויטיגן זיך כלל ניט אין אַ איבערנאַטירליכער דערקלערונג. און פּאַקטיש האָבן טאַקע, אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י. ה. און אין 19טן י. ה., די מערסטע שרייבער

וועגן מאָראַל אָנגעוויזן אויף איר אָפּשטאַמונג פון אַ צווייפאַכיגן קוואַל: פון דעם מיטגעבוירענעם געפיל אָדער געזעלשאַפטלעכן אינ־סטינקט, און פון דעם שכל, וועלכער פאַרשטאַרקט און אַנטוויקלט דאָס, וואָס דער געערבטער געפיל זאָגט אים אונטער אינסטינקטיוו, דורך די אויסגעאַרבעטע געוווינהייטן און מנהגים.

די, וועלכע האָבן אומבאַדינגט געוואָלט אַריינברענגען אין דער עטיק דעם איבערנאַטירלעכן „געטלעכן" פּרינציפּ, האָבן דערקלערט דעם אינסטינקט און די געוווינהייטן פון געזעלשאַפטלעכקייט אינעם מענטשן דורך אַ געטלעכן איינפלוס, לאָזנדיק איגנאָרנצן אָן אַ זייט דעם פאַקט, וואָס די געוווינהייטן און דער אינסטינקט פון געזעל־שאַפטלעכקייט זיינען אייגנטימלעך פאַר דער גרעסטער מערהייט פון די חיות. און דערביי וויל איך צולייגן, ווי מיר וועלן זען שפּע־טער, אַז די געוווינהייטן פון געזעלשאַפטלעכקייט שטעלן פאַר די ריכטיגסטע וואָפן אין דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ, און דעריבער פאַרשטאַרקן זיי זיך אַלץ מער און מער אין געזעלשאַפטלעכע פאָר־מען.

דער באַגריף פון דאָס מאָראַלע, וועלכן בעיקאָן און הוגאָ גראָציוס האָבן אָנגענומען, האָט אָבער אומפאַרמיידלעך אַרויסגערוקט די פראַגע: אויף וואָס־זשע באַגרינדעט זיך דער שכל אין דער אויס־אַרבעטונג פון די מאָראַלע באַגריפן?

אָנדייטונגען אויף אָט דער פראַגע זיינען שוין פאַראַנען אין אַלטן גריכנלאַנד, און דאַמאָלסט זיינען אויף איר געגעבן געוואָרן פאַרשיידענע ענטפערס. פּלאַטאָ, באַזונדערס אין דעם צווייטן פּע־ריאָד פון זיין לעבן, ווי אויך זיינע נאָכפאָלגער, דערקלערנדיק דעם מענטשנס מאָראַלע באַגריפן דורך „ליבע", וואָס די איבערנאַטיר־לעכע קרעפטן האָבן אין אים אַריינגעגאָסן, האָבן נאַטירלעך איבער־געלאָזט פאַרן שכל אַ זייער באַשיידענעם פּלאַץ. דעם מענטשנס שכל האָט בלויז געדינט ווי אַן אויסטייטשער פון דעם „שכל פון דער נאַ־טור" אָדער פון די איינפלוסן פון דער איבערנאַטירלעכער קראַפט.

די סקעפּטישע שולן, ווידער, פון די סאָפיסטן, און דערנאָך עפּיקורוס און זיין שולע, האָבן אפילו געהאָלפן די דיינקער פון אַלטן גריכנלאַנד זיך אָפּצוטיילן פון דער רעליגיעזער עטיק, אָבער די דאָ־זיגע צוויי שולן, אַזוי גוט ווי די אַנדערע, וועלכע זיינען אויך אויס־

געקומען אהן דעם אריינמישן פון אן אויבערשטן ווילן (ד. ה. די קי־רענאאיקער שולע און אריסטאטעלס נאכפאלגער), האבן טאקע צו־געגעבן דעם שכל א גרויסע באדייטונג, אבער האבן געלאזט פאר אים א זייער באגרעניצטע ראליע — בלויז אפצושאצן דעם ווערט פון די פארשיידענע האנדלונגען און פארמען פון לעבן, כדי צו בא־שטימען וועלכע עס פירן דעם מענשן זיכערער צום גליק. א מא־ראלע ארט לעבן האבן זיי געזאגט איז די, וועלכע גיט וואס מער פערזענליכן גליק און די גרעסטע באפרידיגונג פון דעם אלגעמיינעם צושטאנד ניט נאר פון דער באזונדערער פערזענליכקייט, נאר צו־זאמען מיט דעם אויך פאר אלעמען. גליק איז די פרייהייט פון שלעכטס, און א דאנק אונזער שכל, וואס זאגט זיך אפ פון מאמענ־טאנע באפרידיגונגען צוליב די צוקינפטיגע מער אנהאלטנדע פריידן, קאנען מיר אויסקלייבן אין אונזער לעבן דאס, וואס פירט אונז זי־כערער צו א צושטאנד פון גלייכגעוויכט, צו אן אלגעמיינער צו־פרידענשטעלונג, צו א הארמאנישן לעבן אין איינשטימונג מיט זיך אליין, ווי אויך צו דער אנטוויקלונג פון אונזער פערזענליכקייט לויט אירע אינדיווידועלע אייגנשאפטן.

אין דער דאזיגער עטיק ווערט פאלגליך פארווארפן דאס יאגן זיך נאך גערעכטיקייט, אדער נאך דער אזוי אנגערופענער טוגענד, צוליב איר אליין; אזוי אויך ווערט געשיינקט ווייניג אויפמערק־זאמקייט דעם לעבן, געפירט לויט דעם אידעאל פון ליבע, וואס פלאטא האט געפריידיגט. דעם שכל ווערט צוגעגעבן א גרויסע באדייטונג, דערהויפט דורך אריסטאטעלן. ער זעט אבער איין די טעטיקייט פון שכל גיכער אין חקירה און חכמה איידער אין א גע־וואגטן באשלוס פון דעם פרייען געדאנק. זיין אידעאל איז דאס „ריכטיגע" דיינקען, די איינצאמונג פון די האנדלונגען, וועלכע דער מענש איז גרייט צו באגיין אונטער א שטארקן איינדרוק, און דער ווילן, וואס האלט זיך אן דעם „שכל הישר'דיגן מיטן," אין איינ־שטימונג מיט דער נאטור פון יעדן באזונדערן מענשן.

אריסטאטעל האט פארווארפן די מעטאפיזיקע און איז געשטא־נען אויף א פראקטישן באדן, האלטנדיג די שטרעבונג צו גליק, צום ענגאאיזם, פאר דעם אויסגאנג־פונקט פון יעדער טעטיקייט. אויף דעמזעלביגן שטאנדפונקט איז געשטאנען נאך מער, ווי מיר האבן

נעזען, עפּיקורוס, און נאָך אים זיינע נאָכפאָלגער אין פאַרלויף פון פינף אָדער כמעט זעקס יאָרהונדערטן. פון די צייטן ווידער פון דער רענעסאַנס, ד. ה. פון 16טן י. ה., האָט דעמזעלביקן שטאַנדפּונקט געטיילט אַ גאַנצע ריי דיינקער, איינשליסנדיג שפּעטער די ענציקלאָפּעדיסטן פון 18טן י. ה. און אונזערע היינטצייטיגע אוטיליטאַריסטן (בענטאַם און מילל) און נאַטורפאָרשער (דאַרווין און ספּענסער).

אָבער וואָס פאַר אַן ערפאָלג דידאָזיגע לערען האָבן ניט געהאַט, דערהויפּט יעמאָלט בעת די מענשהייט האָט געפילט אַ נויטוועגדיקייט צו באַפרייען זיך פון דעם יאָך פון דער קירך, און האָט זיך געפּרובט דורכלייגן נייע וועגן אין דער אַנטוויקלונג פון די פאָרמען פון געזעלשאַפטליכקייט, — האָבן דאָך אָבער דידאָזיגע לערען ניט פאַרענטפערט די פראַגע וועגן דער אָפּשטאַמונג פון די מאָראַלע באַגריפן אינם מענשן.

זאָגן, אַז דער מענש שטרעבט שטענדיג צו גליק און צו אַ וואָספולערער באַפרייאונג פון שלעכטס, הייסט ארויסזאָגן אַן אַלטן אויגנשיינליכן אָבער נאָר אויבערפלעכליכן אמת, וואָס איז שוין אויסגעדריקט געוואָרן אפילו אין שפּרוכווערטער. אין דער אמתן, עס איז שוין ניט איינמאָל באַמערקט געוואָרן, אַז אויב דאָס מאָראַלע לעבן וואָלט געפירט דעם מענשן צו אומגליקליכקייט, וואָלט יעדע מאָראַל שוין לאַנג פאַרלאָרן געוואָרן אויף דער וועלט. אָבער אזא אַלגעמיינע באַמערקונג איז ניט גענוג. עס איז קיין ספק נישטאָ, אַז דער פאַרלאַנג נאָך דער גרעסטער גליקזעליקייט איז שטענדיג בנמצא אין יעדן לעבעדיגן באַשעפעניש: אין לעצטן אַנאַליז פירט זיך דער מענש אַלעמאָל טאַקע לויט אָט דעם פאַרלאַנג. אָבער די פראַגע, וואָס באַשעפטיגט אונז, באַשטייט דאָך גראָד דעריין: — פאַרוואָס, אויס וועלכן גייסטיגן אָדער געפילס־פּראָצעס, נעמט דער מענש כסדר אַלע מאָל צוליב געוויסע אויסרעכענונגען, וואָס מיר רופן אַן „מאָראַלע“, און זאָגט זיך אָפּ פון דאָס, וואָס האָט בלי ספק געדאַרפט אים מאַכן פאַרגעניגן? פאַרוואָס טראָגט ער אָפּט אריבער אַלערליי נויטן, אַבי נאָר ניט זיין פאַלש צו דעם מאָראַלן אידעאַל, וואָס ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך? דער ענטפער אָבער, וואָס איז דאַרויף געגעבן געוואָרן פון די אָקאָרשט־דערמאָנ־

טע דיינקער פון אלטן גריכנלאנד, און דערנאך פון דער גאנצער ריי שפעטעריגע דיינקער־אוטיליטאריסטן, באפרידיגט ניט אונזער שכל: מיר פילן, אז די זאך איז דא ניט אין א פשוטן אויסגערעכנטן איבערוועגן פון באפרידיגונגען, און ניט אין א פערזענליכן אפזאגן זיך פון קליינע פריידן צוליב אנדערע שטארקערע און דויערהאפטיגערע פריידן. מיר זעהען איין, אז מיר האבן דא צו טאן מיט עפעס מער קאמפליצירטעס און צוגלייך אויך א סך מער אלגעמיינעם.

אריסטאטעל האט דאס טיילווייז פארשטאנען, ווען ער האט געשריבן, אז דער מענש, פאר וועמען עס שטעלן זיך אויף צוויי מעגליכע באשלוסן, האנדלט פארנונפטיג, אויב ער שטעלט זיך אפ אויף דעם באשלוס, וואס טראגט ניט אריין קיין דיסהארמאניע אין זיין אינעווייניגסטן „איך" און גיט אים די גרעסטע צופרידענשטעלונג מיט זיך אליין. פריידן, כבוד, אכטונג און דערגלייכן, האט ער געזאגט, זוכן מיר ניט נאר צוליב זיי אליין, נאר הויפטזעכליך צוליב דעם געפיל פון באפרידיגונג, וואס זיי ברענגען מיט. דאס אייגענע, אין נאך א בעסערער פארם, האט געזאגט, ווי מיר האבן געזען, עפיקורוס. אויב די ראליע פונם פארשטאנד ווערט אנדערקענט אין אט אזא פארם, דאן שטעלט זיך די פראגע:

— וואס־זשע, גענוי גערעדט, ווערט אין אזוינע פאלן צופרידנגעשטעלט אין אונזער פארשטאנד? און ווען די פראגע וועט אוועקגעשטעלט ווערן אין אזא פארם, דאן וועט דער ענטפער, ווי מיר וועלן זען ווייטער, אומבאדינגט מוזן זיין — „די פאדערונג פון גערעכטיקייט," ד. ה. פון גלייכבארעכטיגונג; אבער אויב אפילו אריסטאטעל און עפיקורוס האבן זיך געשטעלט דידאזיגע פראגע, האבן זיי אזא ענטפער ניט געגעבן. דער גאנצער געבוי פון דער דאמאלסטיגער געזעלשאפט, וואס אין איר פונדאמענט איז געלעגן די שקלאווערײ פאר די מערסטע מענשן, דער גאנצער גייסט פון דער געזעלשאפט איז געווען אזוי ווייט פון גערעכטיקייט און פון איר אומפארמיידליכן שלום, די גלייכבארעכטיגונג, אז אריסטאטעל און עפיקורוס האבן אזא פראגע, קאן זיין, זיך גאר ניט געשטעלט.

איצטער אָבער, אַז די אַלטע וועלט־אַנשויאונג האָט אָפּגעלעבט איר צייט, קאָנען מיר שוין ניט זיך צופרידנשטעלן מיט דעם ענטפער פון די צוויי דערמאָנטע דיינקער, און מיר פרעגן: „פ א ר וו אָ ס געפינט דער מער אנטוויקלטער שכל די גרעסטע צופרידנשטעלונג דוקא אין אזוינע ענטפערס, וועלכע ווייזן זיך ארויס די בעסטע פאר אלעמענס אינטערעסן? איז ניטאָ אין דעריין א טיפע פיזיאָלאָגישע אורזאַך?

בעיקאָנס ענטפער אויף אָט דער פראַגע, און נאָך אים דאַרווינס ענטפער, האָבן מיר שוין געזען (זעה קאַפּ. 2). אין דעם מענשן האָבן זיי געזאָגט, ווי ביי אַלע חיות וואָס לעבן אין סטאַדעס, איז אויף אַזויפיל אַנטוויקלט דער אינסטינקט פון געזעלשאַפטליכקייט, אַז ער איז דוויערהאַפטיגער און שטאַרקער איידער די אַנדערע אינסטינקטן, וועלכע מען קאָן כולל זיין אין דעם אַלגעמיינעם נאָמען פון זעלבסטדערהאַלטונג־אינסטינקט. דערצו האָט ביי דעם מענשן, ווי א פאַרנינפטיגע בריאה, וואָס לעבט שוין צענדליגע טויזנט יאָרן א געזעלשאַפטליכן לעבן, דער פאַרשטאַנד געהאָלפן דער אַנטוויקלונג און אָפּהיטונג פון אַזוינע זיטן, געוויינהייטן און רעגעלן פון לעבן, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן דער פולערער אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטליכן לעבן, און צו גלייכער צייט דער אַנטוויקלונג פון יעדער באַזונדער פערזענליכקייט.

אָבער אָט דער ענטפער קאָן אונז נאָך אויך ניט פולשטענדיג צופרידנשטעלן. מיר ווייסן פון דער לעבנסערפאַרונג, ווי אָפט אין קאַמף צווישן די פאַרשיידענע אימפולסן איז דער ענג־עגאָאיסטישער געפיל גובר די געפילן פון א געזעלשאַפטליכן כאַראַקטער. מיר זעהען דאָס אי אין איינצעלנע מענשן, אי אין גאַנצע געזעלשאַפטן. און מיר קומען דעריבער צו דער איבערצייגונג, אַז אויב אין דעם מענשנס שכל וואָלט ניט געווען די פאַר אים איינגנטימליכע שטרעבונג אריינצוטראָגן אין זיינע אורטיילן א קאָרעקטור פון א געזעלשאַפטליכן כאַראַקטער, וואָלטן די ענג־עגאָאיסטישע באַשלוסן שטענדיג גובר געווען די געזעלשאַפטליכע אורטיילן. און אַזאַ קאָרעקטור, ווי מיר וועלן זען אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלען, ווערט אין

דער ווירקליכקייט טאקע אריינגעטראָגן — פון איין זייט דורך דעם טיף אין אונז איינגעוואָרצלטן אינסטינקט פון געזעלשאַפטליכקייט און דעם מיטגעפיל, וואָס אנטוויקלט זיך דורך דעם געזעלשאַפט־ליכן לעבן, צו די, מיט וועמען מיר לעבן צוזאַמען, און פון דער אַנ־דער זייט — און מער ווי אַלץ — דורך דעם באַגריף פון גערעכטיקייט, וואָס איז אייגנטימליך פאַר אונזער שכל.

די ווייטערדיגע געשיכטע פון די לערען וועגן מאָראַל, וועט באַשטעטיגן אָט דעם שלוס.

## זיבעטער קאַפּיטל.

# די אַנטוויקלונג פון די לערען וועגן מאָראַל אין דער נייער צייט.

(דער 17טער און 18טער יאָרהונדערט)

צוויי ריכטונגען אין דער עטיק פון דער נייער צייט. — האָבבס און זיין לערע וועגן מאָראַל. — קאַדוואָירטה און קומבערלענד. — ספּינאָזאַ'ס עטיק. — דזשאָן לאָקק. — קלאַרק. — שעפּטס־בערי. — האטשיסאָן. — לייבניץ.

דיזעלביגע צוויי ריכטונגען אין דער עטיק, וואָס האָבן זיך אויס־געצייכנט אין אַלטן גריכנלאַנד, האָבן עקזיסטירט, צווישן די דיינ־קער אויך שפּעטער, אַזש ביזן מיטן 18טן י. ה. דערביי האָבן די מערסטע פילאָסאָפן און דיינקער גערן געזוכט די דערקלערונג וועגן דער אָפּשטאַמונג פון מאָראַל אין עפּעס איבערנאַטירליכעס, וואָס איז אריינגעגעבן געוואָרן אין דעם מענשן פון אויבן. פּלאַטאָ'ס אנשויאונגען, אנטוויקלט און פארשטארקט דורך דער קריסטליכער קירך, האָבן אויסגעמאַכט און מאַכן נאָך אויס דעם עצם פון דידאָ־זיגע לערען, און דערצו ווערן זיי נאָך באדייטנד פארשמעלערט. פאַר פּלאַטאָ'ן, ווי פאַר סאָקראַטעסן האָט די דערקענטעניש פון גוטעם פאַרגעשטעלט די אמתע באוועגענדע קראַפט פון דער גאַנצער מאָ־ראַל. די דאָזיגע דערקענטעניש אָבער האָט זיך פּלאַטאָן ניט פאָר־געשטעלט ווי עפּעס וואָס האָט זיך באַקומען פון דרויסן. אין גרונט פון פּלאַטאָ'ס וועלט אנשויאונג, און באַזונדערס אין דער וועלט־אנשויאונג פון די סטאָאיקער, איז געלעגן דער געדאַנק, אַז דער מאָראַל געפיל, וואָס ווייזט זיך ארויס אין דעם מענשן, שטעלט

פאַר, אויב אפילו אין אַ ניט־פּולקאָמענער פאָרם אַ טייל פון עפּעס וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אינם לעבן פון דאָס גאַנצע, פון דעם גאַנצן וועלט־געבוי. אויב דאָס דאָזיגע עפּעס וואָלט ניט געווען אין דער נאַטור גופא, וואָלט זיך עס ניט אַרויסגעוויזן אויך אין דעם מענשן.

אויף דעם אופן איז צווישן דער אַלט־גריכישער פילאָסאָפיע און דער וויסנשאַפט פון דער נייער צייט געווען, הייסט עס, עפּעס פאַרוואַנדטעס; נאָר די קריסטליכע קירך און די לערען, וואָס זי האָט באַאיינפלוסט, האָבן אָנגעווענדט אַלע כחות כדי אויסצוראָטן רעמדאָזיגן געדאַנק פון אונזער וועלט־באַגריף. אמת, דאָס קריסטנטום האָט אַריינגעטראָגן אין דער עטיק, אָדער ריכטיגער האָט פאַרשטאַרקט אין איר דעם אידעאַל פון זעלבסטאָפּפערונג צו גונסטן פון זיינע ברידער; און פאַרקערפּערנדיג דעמדאָזיגן אידעאַל אין דעם בילד פון דעם קריסטוס־מענש, האָט דאָס קריסטנטום, פּונקט ווי דער בודדיזם, געגעבן דעם מענשן אַ הויכן מוסטער פון מאָראַל. אָבער די נאָכפאָלגער פון דער דאָזיגער לערע, און ספּעציעל די קירך, האָבן באַלד גענומען פּריידיגן, אַז די וואווילטעטיקייט פון די, וואָס שטרעבן צו פאַרקערפּערן דעמדאָזיגן אידעאַל אין לעבן, איז גאָרניט פון קיין מענשליכער אָפּשטאַמונג. — „די וועלט ליגט אין שלעכטס" האָבן זיי געזאָגט להיפּך צו די דיינקער פון דעם אַלטן גריכנלאַנד. אויסדריקנדיג די פינצטערע שטימונג פון זייער צייט, האָבן די אָנפירער פון דער קריסטליכער קירך באַהויפּטעט, אַז דער מענש איז אַזויפיל אַן אוממאָראַלישע בריאה, און די וועלט געפינט זיך אַזויפיל אונטער דער שליטה פון די בייזע כחות, אַז דער באַשאַפער פון דער וועלט האָט געמוזט אַראָפּשיקן אויף דער ערד זיין זון, כדי אָנצוּווייזן די מענשן דעם וועג צו גוטעס און מיט זיין מאַרטירער־טויט „אויסצוקויפן די וועלט" פון שלעכטס.

אָט די לערע, ווי מיר האָבן געזען, האָט זיך אַזוי שטאַרק באַפעסטיגט, אַז עס איז אַריבער מער ווי אַנדערהאַלבן טויזנט יאָר איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן, אינמיטן פון דעם נייעם לעבן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אייראָפּאַ, הערן שטימען, וואָס האָבן גענומען ריידן וועגן שפּראָצן פון מאָראַליטעט אין דער נאַטור גופא. מיר האָבן שוין דערמאָנט וועגן זיי אין דעם פאָריגן קאַפּיטל. אָבער

ביז דער היינטיגער צייט ווערן דידאָזיגע שטימען, ניט קוקנדיג אויף די אויגנשיינליכע פאַקטן, פאַרשטיקט פון מענשן, וועלכע באַהויפּטן מיט זעלבסטזיכערקייט, אַז די נאַטור גיט דעם מענשן בלויז לעק־ציעס פון שלעכטס, אַז די ראַליע פונם שכל אין מאָראַלע פראַגן דאַרף זיין אויסצורעכענען וואָס עס גיט אונז אונטער געוויסע גע־זעלשאַפטליכע אומשטענדן די גרעסטע באַפרידיגונג, און דעריבער, אויב עס באַווייזט זיך אין דעם מענשן עפּעס מאָראַלישעס, מוז עס האָבן אַן איבערנאַטירליכן אורשפּרונג.

פונדעסטוועגן האָט די נייע ריכטונג אין דער עטיק, וועלכע זעט אין דעם מענשן גופא און אין דער נאַטור וואָס רינגלט אים ארום דעם מקור פון זיינע מאָראַלע באַגריפן, זיך אַנטוויקלט אין די לעצטע דריי הונדערט יאָר, ניט קוקענדיג אויף די אַלע שטערונגען מצד דער קירך און רעגירונג. און זי האָט אַלץ מער און מער קלאָר געמאַכט די באַהויפּטונג, אַז אונזערע מאָראַלע באַגריפן זיינען אַנטשטאַנען און זיך אַנטוויקלט אויף אַ פולשטענדיג נאַטירליכן וועג פון דעם געפיל פון געזעלשאַפטליכקייט, וואָס איז איינגעבוירן אין דעם מענשן און אין די מערסטע חיות.

מיר וועלן זיך טאַקע איצטער פאַרנעמען מיט דעם אַנאַליז פון אַט די נייע לערען און מיר וועלן זען וואָס פאַר אַ קאַמף זיי איז אויסגעקומען צו פירן און שטייט נאָך פאַר צו פירן ביז היינטיגן טאָג מיט די קעגנגעזעצטע לערען, וואָס נעמען שטענדיג אָן נייע און אָפטמאָל גאָר קונציג פאַרמאַסקירטע פאָרמען. נאָר אַזוי ווי דער נאַטורוויסנשאַפטליכער באַגריף פון מאָראַל האָט זיך אַנט־וויקלט אויף עטוואָס פאַרשיידענע וועגן אין ענגלאַנד און אין פראַנק־רייך, וועלן מיר באַטראַכטן די דאָזיגע אַנטוויקלונג באַזונדער אין דעם און אין יענעם לאַנד. לאָמיר זשע אָנהויבן פון ענגלאַנד, וואו בעיקר איז געווען דער שטאַם־פירער פון דער נייער ריכטונג, און האָבבס גלייך נאָך אים איז געוואָרן אויף אַ לייַנגערע צייט זיין פּאָ־פּולערער פאַרטרעטער.

ה אָ ב ב ס (געב. אין יאָר 1588, געשט. אין יאָר 1679). מיר האָבן געזען, אַז די גריכישע פילאָזאָפן, ניט קוקנדיג אויף זייערע פאַרשיידענע שולן, האָבן אַלע אָנערקענט, אַז דעם מענשנס מאָ־

ראַלע באַגריפן שטעלן מיט זיך פאַר עפּעס, וואָס פליסט ארויס פון דעם מענשנס איינגעבוירענע נייגונגען, און אז מיט דער אנטוויקלונג פון א פאַרנינפטיגן פאַרשטיין פון געזעלשאַפטליכקייט ווערן די דאָזיגע באַגריפן דורכגעפירט אין לעבן מיט די אייגענע כחות פון מענשן. מיר האָבן דערנאָך געזען, ווי בעיקאָן און זיין אייניצייטלער הוגאָ גראָציעס האָבן פולשטענדיג קלאָר ארויסגעפירט דעם מאָראַלן פרינציפ פון דעם געזעלשאַפטליכן אינסטינקט. דער געדאַנק פון די סטאָאיקער פון דער אַלטער וועלט, וואָס האָבן באַהויפּטעט, אז דאָס מאָראַלע אינם מענשן איז עפּעס וואָס איז אייגנטימליך פאַר זיין נאַטור, איז אויף דעם אופן ווידער געבוירן געוואָרן אין דער נייער נאַטורוויסנשאַפטליכער פילאָסאָפיע.

האָבבס אָבער האָט פאַרנומען א פולשטענדיג קעגנגעזעצטע פּאָזיציע. עס איז קיין ספק ניט, אז אויף זיינע אנשויאונגען האָבן געהאט אַן איינפלוס די אידייען פון זיין פראַנצויזישן פריינט גאַססענדי. * עס איז אבער אויך קיין ספק ניט, אז זיין פאַרעכטליכע באַציאונג צום מענשן, וועלכן ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי א בייזע חיה, וואָס ווייס ניט פון קיין צוים פאר זיינע ליידנשאַפטן, האָט זיך שוין ביי אים פאָרמירט אין ענגלאנד, אין דער צייט פון די שטורמדיגע יאָרן, מיט וועלכע עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציע (אין 1639טן יאָר), וואָס האָט ארונטערגעזעצט און געטויט דעם קיניג אין יאָר 1648. האָבבס האָט שוין יעמאָלט זיך באַציגן מיט שנאה צו די רעוואָלוציאָנערן און האָט געמוזט אנטלויפן אין פראנקרייך, וואו ער האָט אויך אָנגעשריבן זיין ערשטן ווערק „וועגן רעגירונג“ („דע ציווע“) **

---

* גאַססענדים לערע וועגן מאָראַל וועט באַשריבן ווערן אין דעם נעקסטן קאַפּיטל.

** די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן אין ענלאַנד, ווי באַקאַנט, אין דעם יאָר 1639. האָבבס'עס ערשטעס ווערק „וועגן רעגירונג“ איז ערשינען צוערשט אין פאַריז, אויף לאַטיין, אין יאָר 1648, און ערשט פינף יאָר שפּעטער איז עס ערשינען אויף ענגליש אין ענגלאנד. זיין אנדער ווערק „לויתן“ איז ערשינען אין דער ענגלישער שפּראַך דריי יאָר שפּעטער נאָכדעם ווי עס איז דורכגעפירט געוואָרן דער טויטאורטייל אויפן קיניג, — אין יאָר 1652.

אזוי ווי דאַמאָלסט זיינען לגמרי ניט געווען קיינע ידיעות וועגן דעם לעבן פון די פּרימיטיווע ווילדע, האָט האָבבס זיך פאָרגע־שטעלט דאָס לעבן פון דעם פּרימיטיוון מענשן ווי א צושטאַנד פון „שטענדיגער מלחמה פון יעדן איינעם אנטקעגן אלע אנדערע", און די מענשן זיינען ארויס פון אזא צושטאַנד ערשט דאַן, בעת זיי האָבן זיך פאַראייניגט אין א געזעלשאַפט און האָבן צוליב דעם געשלאָסן א „געזעלשאַפטליכן אָפּמאַך". און דעריבער האָט האָבבס אנגעפאַנגען זיין בוך וועגן רעגירונג מיט דער באַהויפּטונג, אז דער מענש איז כלל ניט יענע „געזעלשאַפטליכע חיה", איינגעבוירן מיט די געוויינהייטן פון געזעלשאַפטליכקייט, וועגן וועלכער אריסטאָטעל האָט גערעדט, נאָר פאַרקערט, „א מענש צו א מענשן איז א וואָלף".

אויב מענשן זוכן זיך חברים, איז עס כלל ניט מחמת דער איינ־געבוירענער געזעלשאַפטליכקייט, נאָר צוליב די נוצן, וואָס זיי דערוואַרטן איינע פון די אנדערע, און אויך צוליב דער מורא, וואָס זיי האָבן איינע פאַר די אנדערע (קאַפּיטל 1 און 2).

„אויב אין דעם מענשן וואָלט עקזיסטירט א געפיל פון געזעל־שאַפטליכקייט", האָט האָבבס געשריבן, „וואָלטן מענשן ליב גע־האַט יעדן איינעם ווען זיי באַגעגענען. מיר זוכן זיך חברים ניט בכח פון א וועלכן עס איז איינגעבוירענעם אינסטינקט, נאָר צוליב דער אכטונג, וואָס מען ווייזט אונז ארויס, און די נוצן, וואָס מיר דערוואַרטן פון מענשן." „ווען מענשן זיינען זיך צונויפגעקו־מען שמועסן, רעדט יעדער איינער דאָס, וואָס מאַכט די אנדערע זאָלן לאַכן — באַשיינפערלאַך קלאָר צוליב דעם, כדי מען זאָל אים באַרימען פאַר זיינע שיינע מעלות און כדי מען זאָל זיי פאַרגלייכן מיט די חסרונות און אומפּייאיקייטן פון א וועלכן עס איז אנדער מענשן פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט..." „איך באַהויפּט נאָך אמאָל, האָט האָבבס ווייטער געשריבן, אז די גאַנצע געזעלשאַפט איז געבויט אויף דעם פאַרלאַנג פון כבוד און די באַקוועמליכקייטן פון לעבן; אז דידאָזיגע אָפּמאַכן ווערן געשלאָסן גיכער אויס איינג־ליבע איידער אויס דעם שטרעבן צו אונזער גלייכן." און ער פאַר־ענדיגט דעמדאָזיגן פאַראַגראַף מיט די ווערטער: „אויף דעם אופן איז פולשטענדיג פעסטגעשטעלט, אז די אנטשטייאונג פון די גרעס־טע און שטאַרקסטע געזעלשאַפטן איז געווען דער רעזולטאַט ניט

פון א געגנזייטיגן וואוילוועלן פון מענשן איינער צום אנדערן, נאָר מחמת דער מורא, וואָס מענשן האָבן איינע פאר די אנדערע.

אָט אויף אזא אויבערפלעכליכער פאָרשטעלונג פון דער נאַטור פון דער מענשהייט האָט האָבבס געבויט זיין עטיק. דיזאָזיגע באַגריפן זיינען פאר אים געווען פונדאַמענטאַלע, און ער האָט זיי נאָך באַשטעטיגט אין זיינע שפּעטיגערע באַמערקונגען צום טעקסט, וועלכע זיינען הפּנים ארויסגערופן געוואָרן דורך די ארגומענטן קעגן זיינע דעפיניציעס און שלוסן. *

דאָס לעבן צוזאַמען פון איניגע חיות און ווילדע איז נאָך ניט קיין מלוכה־לעבן, זאָגט האָבבס; דעם מענשנס גייסטיגע פיאיקייט גופא שטערט די מענשן צונויפצובינדן זיך אין געזעלשאַפטן. גראָד צוליב דער דאָזיגער פיאיקייט איז דער מענש דעם מענשן א שונא: און אפילו די געזעלשאַפטליכקייט, וואָס דער מענש ווייזט ארויס, איז בכלל ניט קיין מיטגעבוירענע אייגנשאַפט, נאָר איז אריינגעאימפּט אין אים דורך דער ערציאונג. יעדער מענש בטבע, האָלטנדיג זיך גלייך צו יעדן אַנדערן, ביז וואַנען די ערציאונג וואָרצלט ניט אויס פון אים דעמדאָזיגן געדאַנק, רעכנט אז ער האָט א רעכט אָפּצוטאָן דעם אנדערן אלדאָס בייז און צונעמען פאר זיך יענעמס פאַרמעגן. דערפון נעמט זיך דער צושטאַנד פון שטענדיגן קריג פון איינעם קעגן אלעמען. דער מענש גייט ארויס פון דעם צושטאַנד ערשט יעמאָלט, ווען ער ווערט אונטערטעניג צו אנדערע, וואָס זייַ־

---

* אָט אזוי האָט האָבבס געשריבן אין א באַמערקונג צו דעם אָקאָרשט ציטירטן פּאַראַגראַף: „איך לייקן ניט, אז די נויטווענדיקייט פון שטויצע אין קינדהייט און אויף דער עלטער האָט מיטגעבראַכט די מענשן צו לעבן אין געזעלשאַפטן: די נאַטור שטויסט אונז צו זוכן געזעלשאַפט, אָבער די בירגערליכע געזעלשאַפט איז ניט קיין פּשוטע פאַרזאַמלונג פון חיות פון איין און דעמזעלביגן מין: זי שטעלט פאָר פאַרבאַנדן און ליגעס, וואָס האַלטן זיך דורך געזעצן, וועלכע זיינען באַשטימט און באַשטעטיגט געוואָרן דורך דעם צוזאָג זיי מקיים צו זיין". ווען מען האָט אים דאַרויף געענטפערט, אז אויב די מענשן וואָלטן געווען אזוינע ווי ער האָט זיי באַשריבן, וואָלטן זיי אויסגעמיטן איינער דעם אנדערן, האָט ער געזאָגט: „אָט דאָס טוען זיי דאָך טאַקע: זיי פאַרשליסן די טירן ווען זיי ליגן זיך שלאָפן, באַוואָפנען זיך מיט א שווערד, ווען זיי גייען אין וועג", א. אז. וו.

נען שטאַרקער אָדער מער כיטרע פאַר אים; אָדער גאָר, ווען אַ גרופּע מענשן, איינזעהענדיג די געפאַרן פון אַ געגנזייטיגן קאַמף, טרעט אריין אין אַ פאַראייניגונג צווישן זיך און גרינדעט אַ געזעל־שאַפט. *

ווי גרויס האָבבס'עס טעות איז געווען בנוגע דעם פּרימיטיוון מענשן, ווייסן מיר איצטער, ווען מיר זיינען באַקאַנט געוואָרן מיטן לעבן פון די פּרימיטיווע ווילדע, ווי אויך מיטן לעבן פון דער אומ־געהייערער מערהייט חיות, אין די לענדער, וואָס זיינען נאָך שוואַך באַזעצט פון מענשן. איצטער איז אונז קלאָר, אַז די געזעלשאַפט־ליכקייט שטעלט פאַר אַזאַ שטאַרקן וואָפן אין קאַמף מיט די פיינד־ליכע כחות פון דער נאַטור און פון אַנדערע חיות, אַז זי האָט זיך אַנטוויקלט ביי אַ סך סטאַדע־חיות פיל פריער איידער עס האָבן זיך באַוויזן אויף דער ערד מענשן־ענליכע באַשעפענישן. און דעריבער האָט זיך פאַר דער אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטליכקייט ביים מענשן ניט געפאָדערט ניט קיין „געזעלשאַפטליכער אָפּמאַך“ און ניט קיין „לויתנדיגע מלוכה“.

עס איז קלאָר, אַז האָבבס האָט פון זיינע באַגריפן וועגן די יסודות פון דער מענשליכער געזעלשאַפט אַרויסגעדרונגען די „נאַ־טור געזעצן“, וועלכע ער האָט אַוועקגעשטעלט אין פונדאַמענט פון געזעלשאַפטליכן בנין; און אַזוי ווי ער איז געווען אַ פאַרביסענער

* די אורזאַך פון דער געגנזייטיגער מורא צווישן מענשן הייגט אויף־לוויז אָפּ פון דער נאַטירליכער גלייכהייט פון אַלע מענשן און טייל־ווייז פון זייער געגנזייטיגן פאַרלאַנג צו שעדיגן איינער דעם אַנדערן (דאָרט גופא, § 3 און 4). און אַזוי ווי דער שוואַכסטער מענש קען דער־הרגענען דעם שטאַרקסטן, און גלייך זיינען אַלע וואָס קענען האַנדלען גלייך, זיינען אַלע מענשן בטבע גלייך צווישן זיך. די איצט עקזיס־טירנדע אומגלייכהייט איז איינגעפירט געוואָרן דורך דעם בירגערליכן געזעץ (§ 3). ביז דאַן, לויט דעם נאַטירליכן רעכט איז יעדערער אַליין געווען דער אויבערריכטער וועגן די מיטלען, וואָס ער גענוצט פאַר זיין זעלבסטדערהאַלטונג (§ 8 און 9); אין קראַפט פון אָט דעם „נאַטירליכן רעכט געהערט אַלץ אַלעמען (§ 10). נאָר אַזוי ווי אַזאַ צושטאַנד וואָלט געפירט צו מלחמות, האָבן מענשן אַריינגעטראָטן אין אַ געזעלשאַפטליכן אָפּמאַך, דורך וועלכן עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ שלום, און בכח פון דעם „נאַטור געזעץ“ האָבן זיך אַלע פאַרפליכטעט צו פאָלגן דעם אָפּמאַך.

קאָנסערוואַטאָר, וואָס האָט נאָר איבערפֿלעכליך פֿאַרדעקט זיין קאָנסערוואַטיזם מיט פּאָפּולערע רעפֿאָרם־פֿאָדערונגען (ער איז גע־שטאַנען פֿאַר דער אַלטער קיניגליכער אָרדענונג און פֿאַר דעם פּרע־טענדענט אויפֿן טראָן אין דער צייט פֿון קראָמוועלס רעפּובליק), האָט ער טאַקע אַרויסגעשטעלט, ווי די יסודות פֿון דער מלוכה, די לייבאייגנשאַפֿטליכע שטרעבונגען פֿון זיין פּאַרטיי, און אויך פֿון דער אַנדער זייט אַזוינע אַלגעמיינע פּרינציפּן, מיט וועלכע אַלע האָבן געקאָנט איינשטימען.

פֿאַר די, וועלכע זיינען וויפֿיל־ניט־איז באַקאַנט מיט דעם לעבן פֿון די חיות און די ווילדע, ווייזן זיך האָבבס'עס אָנשויאונגען גאַנץ קלאָר אַרוים ווי פֿולשטענדיג פֿאַלשע. זיי זיינען געווען מעגליך אינמיטן פֿון 17טן י. ה., ווען מען האָט אַזוי ווייניג געוואוסט וועגן דעם לעבן פֿון די ווילדע פֿעלקער; די קשיא איז נאָר, ווי אַזוי האָבן דיזאָזיגע מיינונגען זיך געקאָנט האַלטן ביז דער היינטיגער צייט, נאָך די נסיעות און אַנטדעקונגען פֿון 18טן און 19טן י. ה. אויב מען קאָן נאָך פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס ר ו ס ס אָ האָט זיך געהאַלטן אָן אַזעלכע מיינונגען וועגן דער אַנטשטייאונג פֿון די מענשליכע געזעל־שאַפֿטן, איז עס אָבער לגמרי אומפֿאַרשטענדליך ווי אַזוי עס האָט געקאָנט האַלטן פֿון אַזוינע אידייען דער היינטיגער נאַטורפֿאָרשער האַקסלעי, וועמען איך האָב געמוזט דערמאָנען, בעת ער האָט זיך גענומען פֿאַנאַנדערלייגן מיינונגען, וואָס האָבן זיך געפּאַסט פֿאַר האָבבס'ן, אַז די אַנטשטייאונג פֿון געזעל־שאַפֿטן אויף דער ערד איז געקומען פֿרי־ער איידער דער מענש האָט זיך באַוויזן.

האָבבס'עס טעות קאָן מען דערקלערן נאָר דערמיט, וואָס ער האָט געשריבן אין אַזאַ צייט, ווען עס איז געווען נויטיג צו באַקעמפֿן די דאַמאָלסטיגע שטאַרק פֿאַרשפּרייטע פֿאָרשטעלונג וועגן דעם אי־דילישן „פּרימיטיווען צושטאַנד“ פֿון מענשן — אַ פֿאָרשטעלונג, וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער טראַדיציע וועגן דעם גן עדן און דעם „זינדענפֿאַל“, אָן וועלכער עס האָבן זיך געהאַלטן אי די קאַ־טוילישע קירך, אי די דאַמאָלסט אויפֿקומענדע קירך פֿון די פּראָ־טעסטאַנטן, פֿאַר וועלכע די זינד־אויסלייזונג איז געווען נאָך אַ מער פֿונדאַמענטאַלע דאָגמע ווי פֿאַר די קאַטויליקן.

אונטער אַזוינע אומשטענדן האָט אַ שרייבער, וועלכער האָט לחלוטין אָפּגעלייקנט דעם אידעעלן „פּרימיטיוון צושטאַנד" און האָט אַרויסגעדרונגען די מאָראַלע באַגריפן פון דער פּרימיטיווער מענשחיה פון דער אויסרעכענונג, אַז דאָס פריידליכע צוזאַמענלעבן איז ניצליכער איידער דער שטענדיגער קריג, אומפאַרמיידליך געמוזט האָבן אַן ערפאָלג. אָדער אַ „געזעלשאַפטליכער אָפּמאַך", אָדער אַ פאַרשקלאַפונג דורך דעם עראָבערער, וועלכער באַשריינקט מיט געוואַלט דעם ניטגעצוימטן מוטווילן פון די איינצעלנע פּערזענליכקייטן — דאָס זיינען געווען, לויט האָבבסעס מיינונג, די ערשטע טריט אין דער אויסאַרבעטונג פון מאָראַל און געזעצליכקייט. דערצו האָט דער פאַרשטאַנד באַגרעניצט, אין די פאָרמען פון פּערזענליכע נוצן, די נאַטירליכע רעכט פון דער פּערזאָן, און דערפון האָבן זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט אַלע „מאָראַלע" מדות: מיטלייד, ערליכקייט, דאַנקבאַרקייט א. אַז. וו.

די מאָראַלע באַגריפן אַנטוויקלען זיך זייער פאַרשיידנאַרטיג, זאָגט האָבבס, אין איינקלאַנג מיט די פאַרשיידענע באַדינגען פון צייט און אָרט, און דעריבער איז אין די מאָראַלע רעגעלן גאָרנישט ניט אַלגעמיין און אַבסאָלוט.* און מען דאַרף זיי אָפּהיטן נאָר דאַמאָלסט, ווען אַנדערע היטן זיי אויך אָפּ לגבי אייך, — דערצו, אין דעם באַשלוס וועגן דעם, דאַרף מען נאָר פאָלגן דעם שכל. אָבער אָפּהיטן די מאָראַלע רעגעלן בנוגע די מענשן, וועלכע היטן זיי ניט אָפּ לגבי אייך, איז ניט־פאַרנינפטיג. בכלל, פאַרלאָזן זיך אויף דער געזעלשאַפטליכער פאַרנונפט איינצושטעלן די מאָראַל, קאָן מען ניט. מען מוז האָבן אַ מאַכט, וועלכע

* די מאָראַלע פילאָסאָפיע, האָט האָבבס געשריבן, איז קיין אַנדער זאַך ניט ווי נאָר די וויסנשאַפט וועגן דאָס, וואָס איז גוט און וואָס עס איז שלעכט אין דעם געגנזייטיגן פאַרקער פון מענשן און אין דער מענשליכער געזעלשאַפט. גוטס און שלעכטס זיינען נעמען, וואָס דריקן אויס אונזערע פאַרלאַנגען און אומפאַרלאַנגען, וועלכע זיינען פאַרשיידן לויט די פאַרשיידענע טעמפּעראַמענטן פון מענשן, זייערע פאַרשיידענע זיטן און לערען, וואָרים מענשן גייען זיך פאַנאַנדער אין זייערע באַגריפן וועגן דעם וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, און דאָס אַנגענעמע און דאָס אומאַנגענעמע באַקומען אין זייערע מיינונגען פאַרשיידענע אויסטייטשונגען א. אַז. וו. („דע ציווע", סוף קאַפּיטל 15).

**באשאפט די געזעלשאפטליכע מאראל אונ־טער דער מורא פון באשטראפונג**, און אט דער מאכט פון אן איינצעלנעם מענשן אדער פון א צאל מענשן מוזן אלע אומבאדינגט זיך אונטערווארפן. אין דער מלוכה, פונקט ווי אין דער נאטור, באשאפט די מאכט דאס רעכט. דער נאטירליכער צושטאנד פון מענשן איז — דער קריג פון אלע קעגן אלעמען. די מלוכה פארטיידיגט דאס לעבן און פארמעגן פון די אונטערטאנען פאר דעם פרייז פון זייער אבסאלוטער געהארכזאמקייט. דער ווילן פון דער רעגירונג איז דער העכסטער געזעץ. די אונטערטעניקייט צו דער געוואלט פון דער אלמעכטיגער רעגירונג — דעם לויתן — איז דער יסוד פון געזעלשאפטליכקייט. נאר אויף דעם וועג באקומט זיך א פרידליך צוזאמענלעבן, וואס צו דעם שטרעבן אונזערע מא־ראלע תקנות און געזעצן. וואס איז שייך דעם ערבליכן אינסטינקט פון געזעלשאפטליכקייט, האט ער קיין באדייטונג ניט, היות ווי ער איז ניט גענוג אנטוויקלט ביי דעם פרימיטיוון מענשן, ער זאל קאנען ווערן דער מקור פון די מאראלע רעגעלן. צוזאמען דערמיט האט די פארנונפט אויך קיין ווערט ניט פאר דער אויסארבעטונג פון די רעגעלן פון געזעלשאפטליכקייט: קיין מיטגעבוירענער באגריף פון גערעכטיגקייט איז אין דעם מענשן ניטא; דער מענשליכער שכל, ווי אן אמתער אפארטוניסט, פירט איין די רעגעלן פון געמיינ־שאפטליכן לעבן, וועלכע פאסן זיך צו די פאדערונגען פון דער צייט. דער וואס האט געזיגט, דער איז אויך גערעכט, ווארים דאס באַ־ווייזט, אז ער האט מסתמא צוגעטראפן די פאדערונגען פון די מענשן פון זיין צייט. אט אזוי האט האבבס פארשטאנען די מאראל, און אזוי דיינקט נאך עד היום די גרעסטע מערהייט פון די רעגירנדע קלאסן.

פון דער אנדער זייט, דער פאקט וואס האבבס האט אין זיינע באטראכטונגען וועגן מאראל ענדגילטיג אפגעשניטן מיט דער רע־ליגיע און דער מעטאפיזיק, האט צוגעצויגן אויף זיין זייט א סך נאכפאלגער. אין יענער צייט, ווען דער קאמף צווישן דער קאטוי־לישער קירך און דעם פראטעסטאנטיזם איז אנגעפירט געווארן אין ענגלאנד מיט אזא ביטערקייט, וואס איז דערגאנגען ביז צו פאנא־טישער משוגעת, און ווען די באפרייאונג פון דער פערזאן און פונם

ריינקען בכלל איז געוואָרן א לעבנסנויטיגע פאָדערונג, איז באזונ־דערס ווערטפול געוועזן א לערע, וואָס האָט אזא וויכטיגע פראגע ווי די מאראל אוועקגעשטעלט אויף א ראציאנאלן יסוד. ריידנדיג בכלל איז די באפרייאונג פון דער עמיק און דער פילאָסאָפיע פון די קייטן פון דער רעליגיע געוועזן א גרויסער טריט פאָרווערטס, און האָבבס האָט א היפש ביסל דערצו געהאָלפן מיט זיינע ווערק. דער־צו האָט האָבבס, נאָכגייענדיג עפיקורוסן באוויזן, אז הגם דער אינ־דיווידום ריכטעט זיך שטענדיג לויט זיינע פערזענליכע נוצן, פונ־דעסטוועגן קומט דער מענש צום שלום, אז זיינע דירעקטע אינטע־רעסן באשטייען אין א וואָס גרעסערער אנטוויקלונג פון געזעל־שאפטליכקייט און אין פרידליכע געגנזייטיגע באציאונגען. עס איז אויף דעם אופן אויסגעקומען, אז הגם די מאראלע רעגעלן קומען ארויס פון דעם פערזענליכן עגאָאיזם, פונדעסטוועגן ווערן זיי דער יסוד פאר דער אנטוויקלונג פון די בעסטע געגנזייטיגע באציאונגען און געזעלשאפטליכקייט.

ק א ד װ א ר ט ה (געב. אין 1617, געשט. אין 1688). — צוליב די אויבן אָנגעוויזענע אורזאכן האָט האָבבס'עס לערע געהאָט אין ענגלאנד א גרויסן און דויערהאפטיגן ערפאָלג. זי האָט אָבער ניט אלעמען צופרידנגעשטעלט און באלד זיינען ארויסגעטראָטן אנטקעגן אים אין ענגלאנד ערנסטע געגנער, צווישן וועלכע מען קאָן אנגב דערמאָנען דעם בארימטן ענגלישן פאָעט פון יענער צייט, ד ז ש א ן מ י ל ט א ן, אן איבערצייגטער רעפובליקאנער און פארטיי־דיגער פון געוויסנס פרייהייט און פרייהייט פון דער פרעסע, און אויך ד ז ש י י ק א ב ה א ר ר י נ ג ט א ן, וועלכער האָט ארויסגע־טראָטן אין יאָר 1656 מיט זיין אוטאָפיע אָ צ ע א נ י א, וואו ער האָט אלס געגנגעוויכט צו האָבבסן געלויבט די דעמאָקראטישע רע־פובליק. די הויפט קריטיקער אבער פון האָבבס'עס עטישער לערע זיינען געוועזן א צאָל געלערטע, וואָס האָבן זיך גרופירט ארום דעם קעמברידזש אוניווערסיטעט. דידאָזיגע גרופע איז געוועזן גלייך פיינדליך אי צו קראָמוועלס רעפובליקאנישן פוריטאניזם, אי צו דעם נאטורוויסנשאפטליכן געבוי פון האָבבס'עס לערע. אמת, די־דאָזיגע געגנער האָבבסעס האָבן ניט געטיילט די איינגע מיינונגען,

וואס האבן דאן פארגעהערשט צווישן די ענגלישע טעאלאגן, דאך אבער האט זייער פילאסאפיע בשום אופן ניט געקאנט שלום מאכן ניט מיט דעם ראציאנאליזם בכלל, און נאך וויניגער ניט מיט האבבסעס שלוסן, אין וועלכע זיי האבן געזען א דירעקטע געפא־פאר יעדער איינצווימענדער מאראלער קראפט. פון דער אויסרעכע־נונג מכח די פערזענליכע נוצן קאן מען ניט ארויסדרינגען די התחיבות פון געוויסע מאראלע אורטיילן, וואס מיר פילן, האט גע־זאגט קאדוואירטה. נאך מער, ער האט באוויזן, אז די מאראל איז ניט געשאפן געווארן פון דעם מענשן. אירע ווארצלען ליגן אין דער נאטור פון די זאכן גופא, וועלכע אפילו גאט וויל ן קאן ניט איבערבייטן: די מאראלע שלוסן זיינען פונקט אזוי אומפארמיידליך ווי די מאטעמאטישע אמתן. דער מענש אנטדעקט די איינגנשאפטן פון דעם דרייעק, אבער ער בא־שאפט זיי ניט: זיי ליגן אין די אומפארענדערבארע איינגנשאפטן פון די זאכן. אזוי אויך וואלטן די מאראלע שלוסן געבליבן ריכטיג, אפילו ווען די גאנצע איצטיגע וועלט וואלט חרוב געווארן.

אין אט די געדאנקען קאדוואירטהס זעהען מיר, פאלגליך, א דערנעהענטערונג צו יענעם באגריף וועגן דער גלייכבאדייטליכקייט און דער גלייכרעכטליכקייט פון מענשן, וועלכער הויבט זיך אן ארויסווייזן אין דער היינטיגער ראציאנאלער עטיק. קאדוואירטה אבער איז פריהער פאר אלץ געוועזן א טעאלאג, און פאר אים האט די פילאסאפיע קיין ממשות ניט געהאט אהן דער באגייסטערנדיגער קראפט פון דער רעליגיע און אהן דעם שרעק, וואס די רעליגיע ווארפט אן.

א סך נעהענטער צו דער עטיק, וואס מערקט זיך איצטער, איז צוגעקומען אנאנדער פארשטייער פון דער קעמברידזש שולע, ריטשארד קומבערלאנד (געב. 1632, געשט. 1718). אין זיין בוך, געשריבן אין דער לאטיינישער שפראך, „א פילאסא־פישע באטראכטונג וועגן די געזעצן פון דער נאטור“, וואס איז ערשינען אין יאר 1671, האט ער אויסגעדריקט זיינע אנשויאונגען אויף דעם פאלגענדן אופן: „דאס וואוילזיין פון דער געזעלשאפט איז דער העכסטער מאראלער געזעץ. אלץ, וואס פירט דערצו איז מאראליש“. דער מענש קומט דעריבער צו אזא שלוס, ווייל זיין

גאַנצע נאַטור טרייבט אים אין אַט דער ריכטונג. געזעלשאַפטליכ־קייט איז אַן אייגנשאַפט, וואָס קאָן ניט אָפּגעטיילט ווערן פון דער מענשליכער נאַטור, אַן אומפאַרמיידליכער פועל יוצא פון דעם מענשנס אָרגאַניזאַציע. האָבבס'עס ארגומענטן אָבער, וואָס זוכן צו באַווייזן דעם היפּך, זיינען פאַלשע, היות ווי ד י ג ע ז ע ל־ ש א פ ט ל י כ ק י י ט האָט געמוזט עקזיסטירן שוין אין די נאָר ערשטע צייטן פון דעם פּרימיטיוון צושטאַנד.

אמת, קומבערלאַנד האָט נאָך ניט געהאַט די באַווייזן צו גונסטן פון דעם דאָזיגן געדאַנק, וועלכע מיר האָבן איצטער, זינט די נאַ־וויגאַציע אַרום דער וועלט און דאָס לעבן צווישן די ווילדע האָבן אונז באַקאַנט געמאַכט מיט די זיטן פון דעם פּרימיטיוון מענשן. ער האָט דעריבער באַשטעטיגט זיינע השערות בלויז דורך אַלגעמיי־נע באַטראַכטונגען מכח דעם געבוי פון דער וועלט, דער אָרגאַניזאַ־ציע פונם מענשן און זיינע באַציאונגען צו אַנדערע לעבעדיגע באַ־שעפעניש, וועלכע זיינען אויך באַשאָנקען מיט פאַרשטאַנד. אין דער מאָס, האָט ער געשריבן (מאַכנדיג א הנחה, ווי מען זעט, צו די פאָדערונגען פון זיין צייט) איז דאָס מאָראַלע א דערשיינונג פון דעם געטליכן ווילן; אָבער דערפון איז נאָך ניט געדרונגען, אַז דאָס מאָראַלע איז ווילקירליך אָדער פאַרענדערליך.

קומבערלאַנדס השערות וועגן דער אָפּשטאַמונג פון דעם מענ־שנס מאָראַלע באַגריפן אויס דער אַנטוויקלונג פון די געפילן פון געזעלשאַפטליכקייט זיינען, הייסט עס, געווען ריכטיג. ליידער אָבער האָט קומבערלאַנד ניט באַטראַכט די ווייטערדיגע אַנטוויק־לונג פון דעמדאָזיגן געפיל און האָט נאָר אָנגעוויזן דערויף, אַז דער וואוילווילן צו אַלעמען, וואָס אַנטשטייט פון דעם געפיל פון גע־זעלשאַפטליכקייט, און ווערט געשטיצט און אַנטוויקלט דורך דעם פאַרשטאַנד, ברייינגט אַזויפיל גוטעס יעדן פאַרנינפטיגן וועזן, אַז גאָר אָהן דעם אריינמישן זיך פון דער געטליכער אויטאָריטעט וועט דער מענש האַלטן די מאָראַלע רעגעלן ווי א התחיבות פאַר זיך. פאָלגנדיג דעם דראַנג פון געזעלשאַפטליכקייט שטרעבט טאַקע דער מענש אין דערזעלביגער צייט אויך צו זיין פערזענליכן גליק; אָבער אונטער דעם איינפלוס פון געזעלשאַפטליכקייט פירט זיין שטרעבן צום פּערזענליכן גליק גופא צום אַלגעמיינעם וואוילזיין, און דעריבער ווערט דאָס פאָלגן דעם געפיל פון געזעלשאַפטליכקייט

אליין א קוואל פון פרייד און באפרידיגונג, וויבאלד נאר עס פירט צו א העכערן ציל.

ביי דעם האט זיך קומבערלאנד אפגעשטעלט. וויאזוי און פארוואס, ארויסגייענדיג פון דעם אינסטינקט פון געזעלשאפטליכקייט, האט דער מענש געקאנט אנטוויקלען זיינע מאראלע אידעאלן ביז דער היינטיגער הויך און ברייט — דאס האט ער ניט באטראכט, און מיט דעם באגריף פון גערעכטיקייט, וואס פירט צו גלייכבארעכטיגונג און צו אירע וויטערדיגע שלוסן, האט ער זיך ניט פארנומען. דאס האט געטאן נאך אים, פון איין זייט דזשאן לאקק און זיינע נאכפאלגער, וואס האבן געשטרעבט צו באגרינדן די מאראל אויף דער ניצליכקייט, און פון דער אנדער זייט שעפטסבערי און זיינע נאכפאלגער, וועלכע האבן געהאלטן דעם מיטגעבוירענעם אינסטינקט און געפיל פאר דעם מקור פון דאס מאראלע. איידער אבער מיר וועלן אריבערגיין צו זיי, מוזן מיר נאך זיך אפשטעלן אויף ספינאזאס עטיק, וואס האט געהאט אן אומגעהויערן איינפלוס אויף דער אנטוויקלונג פון די עטישע לערען.

ספינאזא (געב. אין יאר 1632, געשט. אין יאר 1677). — ספינאזא'ס עטיק האט עטוואס געמיינשאפטליכעס מיט האבס'עס עטיק אין דעם אפלייקענען, אז זי אנטשטייט פון אויסער דער נאטור. אבער צוזאמען מיט דעם אונטערשיידט זי זיך פון איר לחלוטין טיף אין אירע פונדאמענטאלע באגריפן. פאר ספינאזא'ן איז גאט די נאטור אליין. „א חוץ גאט קאן ניט זיין קיין אנדער סובסטאנץ, און זי קאן ניט האבן קיין שום המיון". *

אפטיילן די קערפערליכע סובסטאנץ פון דער געטליכער איז אוממעגליך, גאט איז די ווירקענדע אורזאך פון אלע זאכן; אבער ער ווירקט נאר לויט די געזעצן פון זיין אייגענער נאטור. זיך פארשטעלן, אז ער קאן מאכן, דאס וואס געפינט זיך אין זיין מאכט זאל ניט פארווירקליכט ווערן, איז ניט ריכטיג. פונקט אזוי וואלט געווען ניט ריכטיג צו באווייזן, אז צו גאטס נאטור געהערט די

---

* „די עטיק", טייל 1, זייט 17 פון דער רוסישער איבערזעצונג, אונטער דער רעדאקציע פון פראפ. מאדעסטאוו, 1904.

חעכסטע פאַרנונפט און לגמרי א „פרייער ווילן". (17,1). אין דער נאַטור פון זאַכן איז ניטאָ גאָרנישט וואָס איז צופעליג, נאָר אַלץ איז פון פריער באַשטימט דורך דער געטליכער נאַטור צו עקזיס־טירן און ווירקן אויף א געוויסן אופן (29,1). מיט איין וואָרט, דאָס וואָס מענשן רופן אַן גאָט, איז די פאַר דעם מענשן אומפאַרשטענד־ליכע נאַטור גופא. דער ווילן, אזוי גוט ווי דער שכל, איז בלויז א צושטאַנד פון דיינקען, און דעריבער קאָן קיין וועלעניש ניט עק־זיסטירן און זיך באַשטימען צו טעטיקייט, אויב דאָס דאָזיגע וועלעניש ווערט ניט באַשטימט פון אַנאַנדערער פאָרגייענדער אור־זאַך; און יענע אורזאַך, אין איר ריי, ווידער פון אַנאַנדער אורזאַך, און אזוי ווייטער ביז אומענדליכקייט (32,1). דערפון פאָלגט, אז די זאַכן האָבן ניט געקאָנט אַרויסגעבראַכט ווערן פון גאָט — נאַטור — אויף קיין שום אַנדער אופן און אין קיין אַנדער סדר, ווי נאָר אין דעם, אין וועלכן זיי זיינען אַרויסגעבראַכט, (33,1). די אַל־מעכטיגקייט, וואָס דער המון שרייבט צו צו גאָט, איז ניט נאָר א מענשליכע אייגנשאַפט (וואָס עס באַווייזט, אז דער המון שטעלט זיך פאָר גאָט ווי א מענש אָדער ענליך צו א מענשן), נאָר זי שליסט אויך איין אין זיך „אוממעכטיקייט" (טייל 2, זאַץ 3). (בכלל זיינען די אורזאַכן פאַרוואָס מענשן זיינען גענייגט צוצו־שרייבן יעדע פּאַסירונג אין זייער לעבן צו דער אויבערשטער מאַכט, פאָרטרעפליך אַנאַליזירט געוואָרן פון ספינאָזאַ'ן אין דעם ערשטן טייל פון זיין „עטיק", זאַץ 36).

ספינאָזאַ איז פאָלגליך געווען א פאָרטזעצער פון דעקאַרטן * און האָט ווייטער אַנטוויקלט זיינע אַנשויאונגען אויף דער נאַטור, בעת אין דער אָפּלייקענונג פון דער געטליכער אַנטשטייאונג פון די מאָראַלע באַגריפן איז ספינאָזאַ זיך צונויפגעגאַנגען מיט האָבבס'ן. אָבער ספינאָזאַ, וועלכער האָט מוטיג אַנטוויקלט זיינע נאַטור־וויסנשאַפטליכע אַנשויאונגען און האָט זיך פולשטענדיג באַפרייט פון דער קריסטליכער מיסטיק, האָט צו־גוט פאַרשטאַנען די נאַטור און דעם מענשן נאָכצוגיין אין דער עטיק נאָך האָבבס'ן. און ער האָט פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אז דאָס מאָראַלע איז עפּעס, וואָס איז געבויט אויף דעם צוואַנג פון דער מלוכה־

* וועגן דעקאַרט'ן זע ווייטער אין דעם נעקסטן קאַפּיטל.

מאכט. ער האט באוויזן, פארקערט, ווי דעם מענשנס שכל, ארן קיין ארייננמישן זיך פון דעם געפיל פון מורא פאר דעם אלערהעכסטן וועזן אדער פאר די וועלטליכע הערשער, נאר א פאלקאם פרייער, האט געמוזט אומפארמיידליך קומען צו א מאראלער באציאונג צו אנדערע מענשן, און אזוי זיך פירנדיג, געפינט דער מענש דאס העכסטע גליק, ווארים דאס זיינען די פאדערונגען פון זיין פרייען און ריכטיג דיינקענדן שכל.

ספינאזא האט אויף דעם אופן געשאפן די ריכטיגע לערע וועגן מאראל, וועלכע איז געווען דורכגעדרונגען מיט א טיפן מאראלן געפיל. און אזוי איז אויך געווען זיין פערזענליכעס לעבן.

דער געדאנקען־גאנג, אויף וועלכן ספינאזא איז געקומען צו זיינע שלוסן, קאן מען דערקלערן ווי פאלגט: „ווילן און פארשטאנד זיינען איינס און דאסזעלבע.ביידע זיינען זיי מער גארנישט ווי באזונדערע פארלאנגען און אידייען. פאלשע באשלוסן באשטייען נאר אין א נ י ט ג ע נ י ג ע נ ד ע ר  ד ע ר ק ע נ ט ע נ י ש: פון דעם קומען ארויס פאלשע און צעטומלטע געדאנקען (49,2), ווי אויך ניט ריכטיגע האנדלונגען“. בכלל זיינען איניגע געדאנ־קען פון יעדן מענשן  ג א נ צ ע  און אנדערע זיינען  נ י ט־ג א נ צ ע  און  צ ע ט ו מ ל ט ע. אין דעם ערשטן פאל פאלגט נאכן געדאנק א  ט א ט,  בעת אין דעם אנדער פאל געפינט זיך אונזער נשמה אין א ליידנדען צושטאנד, און וואס מער ניט גאנצע געדאנקען א מענש האט, אלץ מער איז זיין נשמה אונטערווארפן צו  ל י י ד נ ש א פ ט ן.

אין איינקלאנג מיט ספינאזא'ס לערע זיינען נשמה און קערפער „איינע און דיזעלביגע זאך, וועלכע מיר באטראכטן אמאל פון דעם שטאנדפונקט פון דיינקען, אמאל פון דעם שטאנדפונקט פון „ש ט ח ־ פ א ר נ ע ם“. ספינאזא באווייזט בפרטיות אט דעם זאץ, אפלייקענענדיג די געוויינליכע אנשויאונג, וואס באהויפטעט, אז „איינע אדער אנאנדערע האנדלונג פון קערפער קומט ארויס פון דער נשמה, וועלכע געוועלטיגט איבערן קערפער“. אזוי ריידנדיג זיינען מענשן פשוט זיך מודה, אז זיי ווייסן ניט די אמתע אורזאך פון זייערע האנדלונגען (2,2). „די באשלוסן פון דער נשמה קומען אין איר פאר מיט דערזעלביגער נויטווענדיקייט, ווי עס קומען פאר די אידייען (געדאנקען) וועגן זאכן וואס עקזיסטירן בפועל ממש“.

דערצו, אלץ וואָס פאַרגרעסערט די טעטיקייט פון אונזער קערפּער, ווי אויך דעם געדאַנק גופא וועגן דעם, פאַרגרעסערט די פייאיקייט פון אונזער נשמה צו דיינקען און ווירקט מיט איר מיט. (11,3). פרייד, פריילאַכקייט און אַ צופרידענער צושטאַנד בכלל פירן אונזער נשמה צו אַ גרעסערער פולקאָמענהייט; טרויעריקייט, עצבות, האָט אַ פאַרקערטע ווירקונג (11,3). מיט איין וואָרט, קערפּער און נשמה קאָנען ניט אָפּגעטיילט ווערן איינער פון דעם אַנדערן.

ליבע איז קיין אַנדער זאַך ניט, ווי פרייד באַגלייט מיט דער אידייע פון אַן אויסערליכער אורזאַך; און האַס איז מער גאָרנישט ווי טרויער באַגלייט מיט דער אדייע פון איר אויסערליכער אורזאַך. (13,3). און דאָס דערקלערט אונז וואָס אזוינס איז האָפענונג, שרעק, דאָס געפיל פון זיכערקייט, פאַרצווייפלונג, צופרידנשטעלונג („פרייד, וואָס קומט פון דעם בילד פון אַ איבערגעגאַנגענער זאַך, וועגן וועלכער מיר זיינען געווען אין ספק") און געוויסנסביסן („טרויער, וואָס איז דער היפך פון צופרידנשטעלונג") (18,3).

פון אָט די דעפיניציעס האָט ספינאָזא ארויסגעפירט אלע גרונטלאַגן פון דאָס מאָראַלע. „אזוי צום ביישפּיל שטרעבן מיר צו באַהויפּטן וועגן זיך און וועגן אַ געליבטן געגנשטאַנד אלץ וואָס לויט אונזער פאָרשטעלונג פאַרשאַפט אונז אדער דער געליבטער זאַך פרייד, און פאַרקערט". * און אזוי ווי „די שטרעבונג פון דער נשמה אדער די פייאיקייט פון דיינקען איז לויט איר נאַטור גלייך און איינצייטיג מיט דער שטרעבונג אדער פייאיקייט פון קערפּער צו טעטיקייט", „זוכן מיר מיטצוווירקן מיט דאָס, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אז עס העלפט מיט דער פרייד, סיי אונזערע, סיי אין די אונז באַליבטע זאַכן". פון אָט די גרונטזאַצן האָט ספינאָזא ארויסגעפירט די העכסטע מאָראַל.

אין דער נאַטור, האָט ער געשריבן, עקזיסטירט אין ערגעץ ניט וואָס עס זאָל זיין: עס איז נאָר דאָ וואָס עס איז נויטיג. „די דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס איז קיין אַנדער זאַך ניט ווי דער אפעקט (געפיל) פון פרייד אָדער אומעט, אויף וויפיל מיר דערקענען עס". מיר רופן אַ גוט אדער שלעכט

* דאָס וואָרט „זאַך" געברויכט ספינאָזא גאַנץ גלייך ווי פאַר ניט־בּאַלעבטע געגנשטאַנדן, אזוי אויך פאַר לעבדיגע וועזנס.

דאָס, וואָס איז נוציג אדער שעדליך פאַר דער דערהאַלטונג פון אונ־זער עקזיסטענץ, דאָס, וואָס פאַרגרעסערט אדער פאַרקלענערט, שטיצט אדער אונטערדריקט אונזער פייאיקייט פאַר טעטיקייט". (8,4) אבער די אמתע דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, אויף וויפיל זי איז אמת, קאָן ניט איינצווימען קיין איין אַפעקט (קיין איין ווען). נאָר אויף אזויפיל, אויף וויפיל זי איז אליין אַן אַפעקט, ד. ה. זי גייט אריבער אין א ווילן פון טאַט, קאָן זי איינ־האַלטן דעם אַפעקט, אויב זי איז שטאַרקער פאַר אים. (14,4).

עס איז זיך לייכט פאַרצושטעלן וואָס פאַר א האַס ספינאָזאַ האָט דערוועקט אַנטקעגן זיך אין דעם טעאָלאָגישן לאַגער מיט אַזוינע באהויפּטונגען. ספינאָזא האָט אָפּגעלייקענט די צווייזייטיקייט, וועגן וועלכער די טעאָלאָגן האָבן גערעדט, וואָס אין קראַפט פון דער דאָזיגער צווייזייטיקייט דערשיינט גאָט אלס דער טרעגער פון איי־ביגער גערעכטיקייט, בעת די וועלט, וואָס ער האָט באַשאַפן, איז די פאַרניינונג פון גערעכטיקייט. *

ספינאָזא האָט געבויט זיין מאָראַל אויף א אײדעמאָנישן פּרינ־ציפּ, ד. ה. אויף דעם מענשנס זוכן גליק. דער מענש, האָט ער גע־זאָגט, ווי אלע אנדערע באַשעפענישן שטרעבט צו וואָס מער גליק, און פון דער דאָזיגער שטרעבונג פירט זיין שכל ארויס מאָראַלע רעגעלן פון לעבן; דערביי אבער איז דער מענש ניט פריי, וואָרים ער קאָן טאָן נאָר דאָס, וואָס עס פליסט ארויס נויטוועגדיגערהייט פון זיין נאַטור.

עס איז קיין צווייפל ניט, אז ספינאָזא האָט פריער פאַר אלץ געשטרעבט צו באפרייען אונזער מאָראַל פון דער פירערשאפט פון די געפילן, וואָס די רעליגיע באאיינפלוסט, און האָט געוואָלט באַ־וויזן, אז אונזערע ליידנשאפטן און פאַרלאַנגען (אפעקטן) הייגען

---

* די באַהויפּטונג, אז דער מענש איז ניט פריי און קאָן טאָן נאָר דאָס, וואָס נעמט זיך פון זיין נאַטור, אינאיינעם מיט דערזעלביגער באַ־הויפּטונג אויך וועגן גאָט, באַגעגנט מען אין פאַרשיידענע פלעצער פון ספינאָזאַ'ס עטיק. אזוי צום ביישפּיל אין דער פאָררעדע צו דעם 4טן טייל „וועגן דעם מענשנס קנעכטשאַפט אָדער וועגן דער קראַפט פון די אַפעקטן" האָט ער געשריבן: יענער איביגער און אומענדליכער וועזן, וועלכן מיר רופן אָן גאָט אָדער נאַטור, ווירקט פונקט לויט דערזעלביגער נויטווענדיקייט, ווי די, לויט וועלכער ער עקזיסטירט.

ניט אָפּ פון אונזער גוטן אָדער שלעכטן ווילן. ער האָט געשטרעבט אוועקצושטעלן דאָס מאָראַלע לעבן פון דעם מענשן גאָר אינגאַנצן אונטער דער פירונג פון זיין שכל, וועמעס קראַפט עס וואַקסט צו־זאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער דערקענטעניש. אַ גאַנצע ריי זייטן אין פערטן טייל, וואו עס רעדט זיך „וועגן דער מענשליכער קנעכטשאַפט", איז געווידמעט דער דאָזיגער פראַגע. דערנאָך האָט ספּינאָזאַ געווידמעט צו דער „מעכטיקייט פונם שכל אָדער דער מענשליכער פרייהייט" דעם גאַנצן פינפטן טייל פון זיין עטיק, און אין אָט דער גאַנצער גרויסאַרטיגער פאָרשונג האָט ער אויף אַלערליי אופנים געשטרעבט צו וועקן דעם מענשן צו טעטיקייט, דערווייזנדיג אַז אַ פולקאָמע באַפרידיגונג פון אונזער „איך" גרייכן מיר ערשט דעמאָלט, ווען מיר רופן זיך אָפּ אויף אונזער אומגעבונג טעטיג, אַקטיוו און ניט פּאַסיוו. ליידער אָבער האָט ער ניט געצויגן קיין אויפמערקזאַמקייט אויף דעם פּונקט, אַז די פּייאיקייט צו באַשליסן וואָס איז גערעכט און וואָס איז אומגערעכט איז איינער פון די אויס־דרוקן פון דער גרונט־פאָרם פון אונזער דיינקען, אָהן וועלכן עס וואָלט גאָר קיין דיינקען ניט געווען.

ספּינאָזאַ'ס עטיק איז פולשטענדיג וויסנשאַפטליך. זי ווייס ניט פון קיינע מעטאַפיזישע דריידלאַך און פון קיינע געבאָט פון אויבן. אירע אורטיילן פליסן ארויס פון דער דערקענטעניש פון דער נאַטור בכלל און פון דער נאַטור פונם מענשן בפרט. וואָס אָבער זעט זי אין דער נאַטור? וואָס לערנט די נאַטור אונזער שכל, צו וועמען עס געהערט דאָס לעצטע וואָרט אין דעם באַשלוס פון מאָראַלע פראַגן? אין וועלכער ריכטונג פירן אירע לעקציעס? זי לערנט, האָט געשריבן ספּינאָזאַ, ניט צו באַנוגענען זיך מיט בלויז מיטפילן, ניט צו קוקן פון דער ווייטנס אויף די פריידן און ליידן פון מענשן, נאָר זיין א ק ט י ו ו. און אין וועלכער ריכטונג דאַרף זיך דיזאָזיגע אַקטיוויטעט ארויסווייזן? אויף דער דאָזיגער פראַגע האָט צום באַדויערן ספּינאָזאַ קיין ענטפער ניט געגעבן. ער האָט געשריבן אין דער צווייטער העלפט פון 17טן י. ה., און זיין עטיק איז דערשינען ערשט נאָך זיין טויט, אין יאָר 1676. אין יענער צייט זיינען שוין דורכגעפירט געוואָרן צוויי רעוואָלוציעס; די רע־וואָלוציע פון דעם רעפאָרמאַציאָנס פעריאָד און די ענגלישע; דיי־ראָזיגע ביידע רעוואָלוציעס האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט בלויז אויף

דעם קאַמף מיט דער טעאָלאָגיע און דער קירך. זיי האָבן געהאַט אַ טיף סאָציאַלן כאַראַקטער, און דער גרונט לאָזונג פון אָט די פאָלקס־באַוועגונגען איז געווען די גלייכבאַרעכטיגונג פון מענשן. ספּינאָזאַ אָבער האָט זיך ניט אָפּגערופן אויף אָט די באַדייטונגספולע דערשיינונגען.

„ספּינאָזאַ — באַמערקט גאַנץ ריכטיג יאָדל — האָט טיפער פאַר אַלעמען אַריינגעבליקט אין דער עטיק. דאָס מאָראַלע איז און זיין זין אין איין און דערזעלביגער צייט אי געטליך, אי מענשליך, אי עגאָאיזם, איז זעלבסטפאַרלייקענונג, שכל און אַפעקט (ד. ה. ווילן), פרייהייט און נויטווענדיקייט". אָבער מיט דעם אַלעם, לייגט צו יאָדל, האָט ספּינאָזאַ, בויענדיג די עטיק אַבזיכטליך אויף עגאָאיזם, אינגאַנצן איגנאָרירט די סאָציאַלע נייגונגען פונם מענשן. די שטרעבונגען, וואָס ווערן געבוירן דורך דעם געזעלשאַפטליכן לעבן, וועלכע דאַרפן בייקומען די ריין־עגאָאיסטישע שטרעבונגען, האָט ספּינאָזאַ טאַקע אָנדערקענט; נאָר דער געזעלשאַפטליכער בונד איז ביי אים אויסגעקומען ווי עפּעס אַ זאַך פון צווייטן גראַד, בעת די זעלבסטבאַפרידיגונג פון דער אין זיך אַליין פולקאָמענער פערזענליכקייט האָט ער אַוועקגעשטעלט העכער איידער די אידייע פון געמיינשאַפטליכער אַרבעט אין געזעלשאַפטליכן צוזאַמענלעבן. (יאָדל, ב. 1, ז. 259). דער דאָזיגער חסרון, קאָן זיין, דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין 17טן י. ה., ווען עס זיינען פאָרגעקומען מאַסן־אויסשלאַכטונגען אין נאָמען פון דעם „אמתן גלויבן", איז די ערשטע גרונט־אויפגאַבע פון דער עטיק געווען אָפּצוטיילן די מאָראַל פון יעדן צומיש פון די קריסטליכע טוגענדן, און האָבנדיג דאָס געטאָן, האָט ספּינאָזאַ, קאָן זיין, זיך ניט אַנטשלאָסן אַרויפצוציען אויף זיך נאָך גרעסערע קלעפּ דורך דער פאַרטיידיגונג פון *געזעלשאַפטליכער* גערעכטיקייט, ד. ה. פון קאָמוניסטישע אידייען, וואָס זיינען אין יענער צייט אַרויסגעשטעלט געוואָרן פון די רעליגיעזע באַוועגונגען. מען האָט פריער פאַר אַלץ געדאַרפט אויפשטעלן די רעכט פון דעם *פערזענליכן אומאָפּהענגיקן אויטאָנאָמן שכל*, און בויענדיג דעריבער זיין מאָראַל אויף דאָס העכסטע גליק, וואָס זי גיט אָהן וועלכער עס איז באַלוינונג אין דער פאָרם פון „פאַרמערטע סטאַדעס" אָדער „גליקזעליקייט אין הימל", איז געווען נויטיג איינמאָל פאַר אַלעמאָל

איבערדרייסן מיט דער טעאָלאָגישער עטיק און ניט אריינפאַלן, ניט אין דעם „אוטיליטאַריזם" און ניט אין דער עטיק פון האָבבס׳ן און זיינע נאָכפאָלגער. על כל פנים איז דער חסרון אין ספּינאָזאַ׳ס עטיק, וואָס יאָדל האָט שוין באַמערקט, געווען אַן עצמ׳דיגער חסרון.

דזשאָן לאָקק (געב. אין יאָר 1632, געשט. אין 1704). — די אינדוקטיווע פילאָסאָפיע פון פראַנסיס בעיקאָן, די געוואַגטע גענעראַליזאַציעס פון דעקאַרט, וואָס האָבן גע־שטרעבט אויפצודעקן דאָס נאַטירליכע לעבן פון דעם גאַנצן וועלט־געבוי, די עטיק פון ספּינאָזאַ, וואָס האָט דערקלערט דעם מאָראַלן אורשפּרונג אין מענשן אַהן וועלכן עס איז אריינמיש פון מיסטעריעזע קרעפטן, און דער פאַרזוך פון גראָציוס צו דערקלערן די אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטליכקייט אויך אַזוי אַהן אַן אריינמיש פון אַן איבערנאַטירליכן געזעצגעבער — אַט דאָס אַלעס האָט צוגעגרייט די דערשיינונג פון אַ נייער פילאָסאָפיע; און זי האָט ווירקליך געפונען אַ גלענצענדן פאָרשטייער אין דער פּערזאָן פון דעם ענגלישן דיינקער לאָקק.

קיין באַזונדער לערע וועגן מאָראַל האָט לאָקק ניט אָנגעשריבן. אָבער אין זיין ווערק „אַן עססיי וועגן דעם מענשליכן פאַרשטאַנד" * האָט ער אַזוי טיף אַנאַליזירט די יסודות פון אונזער גאַנצן וויסן, אַז דאָס איז געוואָרן דער פונדאַמענט פון אַ נייער פילאָסאָפיע פון אַ גאַנצן דור; און פאַנאַנדערקלייבנדיג אין אַנאַנדער בוך זיינעם די פּראַקטישע אָנווענדונגען פון זיין פאָרשונג אויף דער פּאָליטיק און אויפן לעבן בכלל, ** האָט ער ארויסגעזאָגט אַזוי פיל וויכטי־געס וועגן דער אַנטשטייאונג פון די מאָראַלע באַגריפן, אַז זיינע אַנשויאונגען האָבן ארויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף אַלץ, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן מאָראַל אין 18טן י. ה. לאָקק׳ס איינפלוס דערקלערט זיך טיילווייז דערמיט, וואָס ער איז ניט ארויסגעקומען

---

* An Essay concerning Human Understanding. איז דערשי־נען אין יאָר 1683, איין יאָר נאָך דער רעסטאַוראַציע אין ענגלאַנד פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע. אין דער דאַרלייגונג פון לאָקק׳ס לערע ציטיר איך זיינע געדאַנקען נאָך דער „6טער אויפלאַגע מיט באַ־דייטענדע תוספות", וואָס איז דערשינען אין לאָנדאָן, אין יאָר 1710.

** Treatise on Government, 1689.

ווי א גרינדער פון א נייער טעאָריע מיט שטריינג באַשטימטע אָנשויאונגען; נאָר דערקלערנדיג זיין באַגריף וועגן דעם מענשליכן דיינקען, וועגן דער אזוי גערופענער פרייהייט פון ווילן און מאָראַליטעט בכלל, האָט ער זיך באַצויגן זייער טאָלעראַנט צו אַנדערע לערען, זוכנדיג צו באַווייזן וואָס עס האָט געקאָנט זיין ריכטיג אין זיי, אָבוואויל עס איז אויסגעדריקט געוואָרן ניט ריכטיג.

לאָקק, פּונקט ווי ספּינאָזאַ, איז פריער פאַר אַלץ געוועזן א נאָכפאָלגער פון דעקאַרט אין זיין דערקלערונג פון אונזער וויסן, ד. ה. פון דעם פּראָצעס פון אונזער דיינקען און פון די וועגן, אויף וועלכע דער מענש דערגייט ביז צו זיינע אורטיילן. פּונקט ווי דעקאַרט, האָט ער פאַרוואָרפן די מעטאַפיזיקע און האָט זיך געשטעלט אויף א פולשטענדיג וויסנשאַפטליכן באָדן. אָבער לאָקק איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט דעקאַרט'ן אין דער פראַגע וועגן דער עקזיסטענץ ביים מענשן פון מיטגעבוירענע אידייען, אין וועלבע דעקאַרט און אַנדערע פאָרגייער לאָקק'ס האָבן געזען דעם מקור פון דעם מענשנס מאָראַלע באַגריפן. לאָקק האָט באַהויפּטעט, אַז קיין מיטגעבוירענע אידייען זיינען ניט בנמצא, ניט אין דער מאָראַל און ניט אין דעם פאַרשטאַנד בכלל. „וואו איז יענער פּראַקטישער אמת — האָט ער געפרעגט — וועלכער זאָל זיין אַלגעמיין אָנגענומען, אָהן קיינע ספיקות, ווי עס האָט באַדאַרפט צו זיין בנוגע א מיטגעבוירענעם אמת? אָט צום ביישפּיל זיינען צוויי פּראַקטישע אמתן, וואָס ווערן אָנדערקענט פון דעם רוב מענשן: ערליכקייט און האַלטן אַן אָפּמאַך; די מערהייט שטימט איין מיט זיי, אפילו גנבים און גזלנים אָנדערקענען זיי אין זייערע פאַרבאַנדן. אבער די מענשן האַלטן זיי כלל ניט ווי „געזעצן פון דער נאַטור", נאָר זעהען אין זיי פּשוט רעגעלן, וואָס אויב מען זאָל זיי ניט אָפּהיטן, וואָלטן זייערע געזעלשאַפטן ניט געקאָנט עקזיסטירן. דאָס זיינען די באַדינגונגען פון געזעלשאַפטליכקייט. אָבער ווער וועט זיך נעמען באַהויפּטן, אז מענשן, וועלכע לעבן אויף גנבה און באַטרוג האָבן מיטגעבוירענע רעגעלן פון מאָראַליטעט און גערעכטיקייט?" (עססיי וועגן מענשליכן פאַרשטאַנד", בוך 1, קאפּ. 3, § 2). לאָקק ענטפערט — ניט אינגאַנצן צופרידנשטעלענד — יענע, וועלכע ווייזן אָן אויף דער ניט־איינשטימונג ביי מענשן צווישן דעם דיינקען און פּראַקטישן לעבן, אז „דעם מענשנס האַנדלונגען זיינען דער בעסטער

אויסדרוק פון זיינע געדאַנקען. און אזוי ווי די פּרינציפּען פון גע־רעכטיקייט און מאָראַליטעט ווערן פון פיל מענשען פּאַרלייקנט, און ווערן נים דורכגעפירט אין לעבען אפילו פון יענע, וואָס האַלטען יאָ פון זיי, וואָלט געווען זאָגדערבאַר אַנצוערקענען די עקזיסטענץ פון אזוינע מיטגעבוירענע פּראַקטישע רעגעלען, בנוגע צו וועלכע מענשען באַנוגענען זיך בלויז מיט טראַכטען וועגען זיי"

דער היינטיגער לעזער, וואָס האָט זיך צוגעוויינט צו דער אַנט־וויקלונגס טעאָריע, וועט וואַרשיינליך באַמערקען, אז לאָקק'ס אַרט דיינקען איז אויבערפלעכליך. עס פאַרשטייט זיך, ער האָט געהאַט א רעכט אָפּצולייקענען, אז עס געפינט זיך ביים מענשען מיטגעבוי־רענע אידייען אָדער שכלדיגע שלוסען, אריינגערעכנט אויך מאָראַלע אידייען; און ער האָט געהאַט א רעכט צו זאָגען, אז אין פּרט פון מאָראַל, ווי אין אַלע איבעריגע זאַכען, שעפּט דער מענש זיינע באַ־שלוסען פון דער דערפאַרונג. ווען ער וואָלט אָבער געוואוסט די געזעצען פון פאַרערבונג, ווי מיר ווייסען זיי איצטער, אָדער ווען ער וואָלט פּשוט בלויז א טראַכט געטאָן וועגען דעם, וואָלט ער שוין אודאי זיך נים גענומען אָפּלייקענען, אז ביי א געזעלשאַפטליכען וועזען ווי דער מענש און אַנדערע סטאַדע־חיות, האָט ג ע ק אָ נ ט און ג ע מ ו ז ט אפילו זיך אויסאַרבעטען, איבערגעבנדיג זיך בירושה פון איין דור צו דעם אַנדערען, נים נאָר די שטרעבונג צו א סטאַדע־לעבען, נאָר אויך א שטרעבונג צו גלייכבאַרעכטיגונג און גערעכטיקייט. *

---

* באמת, האָט לאָקק געשריבען, זאָגט א מענשען, וועלכער האָט עס פריער נים געהערט, אז מען דאַרף זיך באַגיין מיט אַנדערע אזוי, ווי ער וויל מען זאָל זיך מיט אים באַגיין, וועט ער אויך פרעגען: פאַרוואָס? דאָס קריסטנטום ענטפערט דאַרויף, אז אזוי הייסט גאָט, און האָבבס'עס א נאָכפאָלגער וועט זאָגען, אז די געזעלשאַפט פאָדערט דאָס, און אז דער לויתן ד. ה. די מלוכה וועט באַשטראָפען, אויב מען וועט דאָס נים מקיים זיין (בוך 1, קאַפּ. 3, § 5). בכלל לויבט מען די טוגענד, נים דערפאַר ווייל זי איז א מיטגעבוירענע מעלה, נאָר דערפאַר, וואָס זי איז א נוצליכע (§ 6); דערצו גיט מען דעמדאָזיגען ראָט אַנדערע אָפּטער אײדער מען איז אים אליין מקיים (§ 7). לאָקק איז אויף דעם אופן אינגאַנצען נאָכ־געגאַנגען האָבבסען, נים באַמערקנדיג איין זאַך — אז געוווינהייטען ווערען פאַרערבט און ווערען אינסטינקטען, און אז די אינסטינקטען, ד. ה. דאָס, וואָס האָט זיך דאַמאָלסט אָנגערופען „אַפּעטיטען" אָדער גלוסטען צו עפּעס,

פונדעסטוועגן, צו יענער צייט, ד. ה. אין 17טן י. ה., איז לאָקק'ס קאַמף אנטקעגן „מיטגעבוירענע" מאָראַלע באַגריפן געווען א וויכטיגער שריט פאָרווערטס, וואָרים אַט די פאַרלייקענונג האָט באַפרייט די פילאָסאָפיע פון דער אונטערטעניקייט צו די לערען פון דער קירך וועגן דעם זינדן־פאַל און דעם פאַרלאָרענעם גן עדן.

נאָך דעמדאָזיגן אריינטריט, וואָס איז געווען נויטיג פאַר לאָקק'ן, בדי צו באַווייזן, אז מען קאָן די מאָראַלע באַגריפן ניט האַלטן פאַר אריינגעגעבענע געדאַנקען מן השמים, איז ער אריבערגעגאַנגען צו דעם הויפּטגעגנשטאַנד פון זיינע פאָרשונגען — צו דעם באַווייז, אַז אונזערע אידייען און שכלדיגע שלוסן אַנטשטייען פון באַאָבאַכטונגען, פון דערפאַרונג. און דאָ איז זיין פאָרשונג געווען אזא גרינטליכע, אַז שפּעטער האָבן זי געהאַלטן און אָנגענומען אַלע הויפּט דיינקער פון 18טן י. ה., און ביזן היינטיגן טאָג האַלטן זי נאָך די פּאָזיטיוויסטן. לאָקק האָט גאַנץ באַשטימט באַוויזן, אַז אַלע אונזערע אידייען (באַגריפן, געדאַנקען) קומען ארויס ענטוועדער דירעקט פון אונזערע עמפּינדונגען, וואָס מיר באַקומען דורך די חושים, אדער פון די אורטיילן וועגן אונזערע עמפּינדונגען. אַלע מאַטעריאַלן פאַרן דיינקען שעפּן מיר פון דער דערפאַרונג; און עס איז גאָרנישט ניטאָ אין דעם פאַרשטאַנד, וואָס איז פריער ניט געווען אין דער עמפּינדונג.

„אַט דער גרויסער קוואַל פון אונזערע אידייען — די דערפאַרונג, וואָס היינגט אינגאַנצן אָפּ פון אונזערע געפילן און ווערט איבערגעגעבן דורך זיי צו דעם פאַרשטאַנד, רוף איך אַן עמפּינדונגען" — האָט געשריבן לאָקק (בוך 2, קאַפּ. 4, § 3). דערביי אָבער, פאַרשטייט זיך אליין, האָט ער ניט אָפּגעלייקנט, אַז עס זיינען פאַראַן באַשטימטע פאָרמען פון דיינקען, וואָס זיינען אייגנטימליך פאַר אונזער פאַרשטאַנד און דערלויבן אים צו אַנטדעקן וואַרהייטן. אזוינע זיינען צ. ב. ש. די ענליכקייט, וואָס דער שכל כאַפּט

זיינען אין א באַדייטנדער מאָס פאַרערבליך. קעמפנדיג געגן דעם געדאַנק פון מיטגעבוירענע געדאַנקען, האָט ער ניט באַמערקט די פאַרערבונג, הגם דאָס האָט שוין בעקאָן פאַרשטאַנען און טיילווייז אויך ספּינאָזאַ.

אויף, אָדער דעם חלוק צווישן צוויי זאַכן; זייער גלייכקייט אָדער ניט־גלייכקייט; זייער גלייכמאָסיקייט אין רוים אָדער אין צייט און זייער צעטיילבאַרקייט; אורזאַך און פאָלגע.

אין די איינפאַכע אידייען, וואָס מיר באַקומען פון עמפּינדונ־גען, און אין אונזערע אורטיילן וועגן זיי, זיינען פאַראַנען, האָט לאָקק אָנגעוויזן, צוויי גרויסע קלאַסן: איניקע זיינען באַגלייט מיט א געפיל פון פאַרגעניגען, וואָס זיי פאַראורזאַכן, און אַנדערע מיט א געפיל פון פאַרדרוס, איניקע מיט פרייד און אַנדערע מיט טרויער; און עס איז כמעט ניטאָ קיין עמפּינדונג אָדער אַן אורטייל וועגן אַן עמפּינדונג, וואָס זאָל ניט געהערן צו איין קלאַס אָדער צו דעם אַנדערן (בוך 2, קאַפּ. 18, § 1). אַלע זאַכן, הייסט עס, זיינען גוטע אָדער שלעכטע בלויז אין זייער שייכות צו אונזער פאַרגעניגען אָדער פאַרדרוס. מיר רופן אַן גוטס דאָס, „וואָס איז בכח צו פאַר־שאַפן אונז א פאַרגעניגן אָדער פאַרגרעסערן דעם פריערדיגן פאַר־געניגן, אָדער פאַרקלענערן ליידן" (§ 2) די עמפּינדונגען, ווידער, רופן ארויס אין אונז אַנטשפּרעכענדע שטרעבונגען און ליידנשאַפטן, פון וועלכע מיר ווערן געוואָר ווען מיר באַאָבאַכטן זיי; און א מענש זוכט דאָס, וואָס גיט אים פאַרגעניגן, און מיידט אויס דאָס, וואָס פאַרשאַפט אים ליידן (§ 3). דערביי האָט שוין לאָקק אָנגעוויזן, אַז פאַרגעניגן און ליידן זיינען פאַראַן ניט נאָר פיזישע, נאָר אויך גייסטיגע, און אויף דעם אופן האָט ער שוין אוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פון דער לערע, וואָס דזשאָן סטואַרט מילל האָט אזוי גלענצענד אַנטוויקלט אין 19טן י. ה. אונטער דעם נאָמען א ו ט י־ל י ט א ר י ז ם.

צוזאַמען דערמיט, ווען מען באַאָבאַכטעט די ענדערונגען פון אונזערע איינפאַכע אורטיילן (אונטער דעם איינפלוס פון דער גרע־סערער דערפאַרונג), קריגן מיר א פאַרשטעלונג פון אונזער ווילן, ד. ה. פון דער פייאיקייט צו האַנדלען אזוי אָדער אַנדערש; און פון אזוינע באַאָבאַכטונגען אַנטשטייט די פאַרשטעלונג וועגן דער „פריי־הייט פון ווילן" (בוך 2, קאַפּ. 21, § 1 און 2). מיר דערקענען אין זיך, זאָגט לאָקק, א געוויסע קראַפט אָנצוהייבן אָדער ניט, פאָרטצו־זעצן אָדער אויפצוהערן אזא און אַזא אַרבייט פון אונזער גייסט, אָדער אזוינע און אזוינע באַוועגונגען פון אונזער קערפּער; און דאָס ווערט דורכגעפירט בלויז דורך דעם באַשלוס פון אונזער געדאַנק

אדער דורך דעם פאַרצוג פון אונזער פאַרשטאַנד, אַזוי ווי ער וואָלט אונז באַפוילן ענטוועדער פאַרצוזעצן דאָס און דאָס, אדער ניט (קאַפּ. 20, § 5). דערפון, פון די באַאָבאַכטונגען אויף דער הער־שאַפט פון אונזער פאַרשטאַנד איבער אונזערע האַנדלונגען, ווערט נעבוירן דער געדאַנק וועגן *פרייען ווילן* (§ 7). אין דער ווירקליכקייט אָבער איז די פראַגע: „איז דער ווילן פריי, אדער ניט?" ניט ריכטיג אוועקגעשטעלט. געדאַרפט האָט מען פרעגן: „איז דער מענש פריי אין זיינע האַנדלונגען, אדער ניט?" — און דער ענטפער אויף דעם וואָלט געווען, אַז דער מענש קאָן, פאַרשטייט זיך, האַנדלען *ווי אים פאַרווילט זיך.* אבער — „צי איז ער פריי אין זיין ווילן?" און אויף אָט דער פראַגע האָט לאָקק, פאַרשטייט זיך, געגעבן אַ נעגאַטיוון ענט־פער, *היות ווי דעם מענשנס ווילן ווערט באַשטימט פון אַ גאַנצער ריי איינפלוסן, וואָס האָבן געווירקט אויף אים פריער.*

דערנאָך, אַנאַליזירענדיג ווי אַזוי דער שכל רעגירט איבערן ווילן, האָט לאָקק נאָך אָנגעוויזן אויך דאָרויף, אַז דאָס פאַראויס־זען פון ליידן אדער אפילו בלויז פון אַן אומאַנגענעמענער עמפּינ־דונג ווירקט שטאַרקער אויף אונזער ווילן איידער דאָס פאַראויסזען פון די גאָר גרעסטע פריידן אויף יענער וועלט. בכלל האָט לאָקק אַזוי גענוי אַנאַליזירט די באַציאונגען פון אונזער פאַרשטאַנד צו אונזערע האַנדלונגען, אַז אין דעריין קאָן מען אים רעכענען פאַר דעם שטאַמפירער פון דער גאַנצער שפּעטערדיגער פילאָסאָפיע. אָבער צוזאַמען דערמיט דאַרף מען אויך באַמערקן, אַז אויב לאָקק'ס איינפלוס האָט זיך הויפּטזעכליך אַרויסגעוויזן אויף דער נעגאַטי־ווער פילאָסאָפיע פון 18טן י. ה., האָט ער זיך אויך אַרויסגעוויזן אין דער שלום־מאַכנדיגער באַציאונג פון דער פילאָסאָפיע צו רע־ליגיע, וואָס האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט ביי קאַנטן און אין דער דייטשער פילאָסאָפיע פון דער ערשטער העלפט פון 19טן י. ה.

באַפרייענדיג די מאָראַלע פילאָסאָפיע פון דעם יאָך פון דער קירך, האָט לאָקק אין דערזעלביגער צייט געשטעלט די מאָראַל אונ־טער דעם שוץ פון דריי סאָרטן געזעצן: די געטליכע, די בירגער־ליכע און די געזעצן פון דער עפנטליכער מיינונג (קאַפּ. 38, § 4-14), און אויף דעם אופן האָט ער ניט איבערגעריסן דעם בונד מיט דער

קירכליכער מאראל, וואס איז געבויט אויף דעם צוזאג פון גליקזעליקייט אויף יענער וועלט. ער האט בלויז פארקלענערט די באדייטונג פון דעמדאזיגן צוזאג.

צום סוף, אין דעם צווייטן טייל פון דרעזעלביגער פארשונג וועגן דעם מענשנס פארשטאנד, האט לאקק געווידמעט איינעם קאפיטלען דער אנטוויקלונג פונם געדאנק, וועלכער באגעגנט זיך אפטמאל ביי די, וואס שרייבן וועגן עטיק: דעם געדאנק, אז די מאראלע אמתן, ווען מען זאל זיי באפרייען פון קאמפליקאציעס און צופירן זיי צו די גרונד־באגריפן, וואלטן געקאנט באוויזן ווערן פונקט אזוי ווי די מאטעמאטישע ווארהייטן. „דאס וויסן אויפגעבויט פון מאראל קאן זיין פונקט אזוי גענוי ריכטיג ווי דאס מאטעמאטישע וויסן — האט לאקק געשריבן — ווארים אונזערע מאראלע באגריפן, פונקט ווי די מאטעמאטישע, שטעלן פאר גרונד־באגריפן און פונקט אזוינע גלייכווערטיגע און פולשטענדיגע אידייען; אלע איינשטימונגען און ניט־איינשטימונגען, וואס מיר געפינען אין זיי, שטעלן צוזאמען א רעאלעס וויסן, ווי אין מאטעמאטישע פארמולעס“ (בוך 4, קאפ. 4, וועגן רעאלעס וויסן, § 7). אט דער גאנצער טייל און באזונדערס דער פאראגראף „מאראל קאן באוויזן ווערן“ זיינען העכסט אינטערעסאנט. פון זיי זעט זיך ארויס קלאר, אז לאקק איז זייער נאענט צוגעקומען צו דער אנדערקענונג פון גערעכטיקייט אלס דער יסוד פון די מאראלע באגריפן. אבער ווען ער האט פרובירט דעפינירן די גערעכטיקייט, האט ער אהן א שום נויטיקייט באגרעניצט דעמדאזיגן באגריף, ארונטערבריינגענדיג אים צו דעם באגריף פון אייגנטום: — „דארט, וואו ס'איז ניטא קיין אייגנטום, איז ניטא קיין אומגערעכטיקייט — האט ער געשריבן — און אט די באהויפטונג איז פונקט אזוי גענוי ריכטיג, ווי וועלכער עס איז באוויז ביי אייקליד'ן“ (בוך 4, קאפ. 3, § 18). אויף אט דעם אופן האט ער אוועקגענומען פון דעם באגריף וועגן גערעכטיקייט און גלייכבארעכטיגונג יענע אומגעהויערע באדייטונג, וועלכע זי פארנעמט אין דער אויסארבעטונג פון די מאראלע אידייען, ווי מיר וועלן עס זען אין צווייטן באנד פון אט דעם ווערק.

לאקק'ס פילאסאפיע האט געהאט דעם גרעסטן איינפלוס אויף

דער גאַנצער שפּעטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער פילאָסאָפיע. גע־
שריבן אין א פשוטער שפּראַך, אָהן דער באַרבאַרישער טערמינאָלאָ־
גיע פון די דייטשע פילאָסאָפן, האָט זי ניט פּארוויקלט אירע גרונד־
זאצן אין דעם נעפּל פון מעטאַפיזישע פּראזן, וועלכע שטערן דעם
שרייבער אליין זיך צו מאַכן א קלאָרע באַשטימטע פאָרשטעלונג
פון דאָס, וואָס ער וויל אויסדריקן. לאָקק האָט ארויסגעזאָגט
אין קלאָרע ווערטער די גרונדפּרינציפּן פון א נאַטורוויסנשאַפטליכער
דערקענטעניש פון דער וועלט אויף אזא וויכטיגן געביט פון דער
דאָזיגער דערקענטעניש ווי דער מאָראַלער געביט. דעריבער איז די
גאַנצע שפּעטערדיגע פילאָסאָפיע, פון קאַנטס מעטאַפיזיקע ביז דעם
ענגלישן „אויטיליטאַריזם,“ ביז אוגוסט קאָנט'ס „פּאָזיטיוויזם“ און
אפילו ביז דעם היינטיגן „מאַטעריאַליזם“ — באַוואוסטזיניג אָדער
ניט באַוואוסטזיניג — ארויסגעגאַנגען פון לאָקק און דעקאַרט, ווי
מיר וועלן עס זען ווייטער, בעת מיר וועלן ריידן וועגן דער פילאָ־
סאָפיע פון די ענציקלאָפּעדיסטן און דערנאָך וועגן דער פילאָסאָפיע
פון 19טן י. ה. איצטער וועלן מיר באַטראַכטן, וואָס האָבן אריינגע־
בראַכט נייעס די ענגלישע פאָרזעצער פון לאָקק.

ס ע מ ו ע ל  ק ל א ר ק (געב. 1675, געשט. 1729). — וועגן
דער ענליכקייט צווישן די מאָראַלע רעגעלן און די מאַטעמאַטישע
— אין דעם זין, וואָס זיי קאָנען ארויסגעפירט ווערן מיט געגויער
פּינקטליכקייט פון איניגע גרונדזאַצן — האָט צווישן אַנדערע גע־
שריבן סעמועל קלאַרק, א שילער פון דעקארט און ניוטאָן, אין זיין
ווערק „באַטראַכטונגען וועגן די אומפּאַרענדערבאַרע פאַרפליכטונ־
גען פון דער נאַטירליכער רעליגיע“. ער האָט צוגעגעבן דעמדאָזיגן
פאַקט א גרויסע באַדייטונג, שוין דעריבער וואָס ער האָט ענער־
גיש באַהויפּטעט, אז די מאָראַלע פּרינציפּן זיינען אומאָפּהענגיק פון
דעם ווילן פון אַן אויבערשטן וועזן, און אויך אז דער מענש האָלט
די מאָראַל אָבליגאַטאָריש ניט צוליב די אויסרעכענונגען וועגן די
פאָלגן פון אוממאָראַלישע האַנדלונגען. מען האָט דעריבער געקאָנט
דערוואַרטן, אז קלאַרק וועט אויסאַרבעטן בעיקאָנס געדאַנק וועגן
דער פאַרערבליכקייט פון מאָראַלע אינסטינקטן און וועט אָנווייזן
ווי אזוי זיי אַנטוויקלען זיך. צוגעבנדיג אז צוזאַמען מיט זיי עק־
זיסטירן אויך געגענגעזעלשאַפטליכע אינסטינקטן, אָפטמאָל גאַנץ

אָנציענדע פאַרן מענשן, האָט קלאַרק געקאָנט צוקומען צו דער ראַליע פונם פאַרשטאַנד אין דעם אויסוואַל צווישן די ביידערליי אינס־טינקטן און באַווייזן דעם איינפלוס פון די היסטאָריש אָנגעזאַמלטע געזעלשאַפטליכע אינסטינקטן. ער האָט אָבער דאָס ניט געטאָן. די צייט פאַר דער טעאָריע פון עוואָלוציע איז נאָך ניט געקומען, און הגם מען האָט דאָס געדאַרפט אַמווייניגסטן דערוואַרטן פון לאָקק'ס א געגנער, פונדעסטוועגן האָט קלאַרק אַזוי ווי לאָקק גערופן צו הילף די געטליכע אָנטפּלעקונג. צוזאַמען דערמיט איז קלאַרק, פונקט ווי לאָקק און אויך ווי זיינע נאָכפאָלגער די אוטיליטאַריסטן, אָנגעקומען צו די אויסרעכענונגען וועגן נוצליכקייט, און דערמיט אַליין האָט ער נאָך מער אָפּגעשוואַכט יענעם טייל פון זיין לערע, וואו ער האָט אַרויסגעפירט די מאָראַלע באַגריפן פון די געווירשנטע אינסטינקטן. צוליב דעם איז זיין איינפלוס אויף דער עטישער פי־לאָסאָפיע געווען א סך שוואַכער איידער ער האָט געקאָנט זיין, ווען ער וואָלט זיך באַשריינקט אויף דער גענויער באַאַרבעטונג פון דעם ערשטן טייל פון זיין לערע.

שעפטסבערי (געב. 1671, געשט. 1713). — פיל מער נאָנצקייט האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך שעפטסבערי'ס מאָראַלע פי־לאָסאָפיע, און פון אַלעמען, וואָס האָבן געשריבן אין 17טן י. ה. נאָך בעיקאָנען, איז ער צוגעקומען נעהענטער איידער די אַנדערע צו דעם געדאַנק פון דעם גרויסן באַגרינדער פון דעם אינדוקטיוון דיינקען. שעפטסבערי האָט זיך אַרויסגעזאָגט אין דער פראַגע וועגן דער אַנט־שטייאונג פון די מאָראַלע באַגריפן א סך געוואַגטער און באַשטימ־טער איידער זיינע פאָרגייינגער, אָבוואויל ער האָט אויך געמוזט פאַר־דעקן זיינע גרונט געדאַנקען מיט הנחות צו די רעליגיעזע לערען, וואָרים אין יענער צייט האָט מען אָהן אַזוינע הנחות זיך ניט גע־קאָנט באַגיין.

שעפטסבערי האָט קודם כל געזוכט צו באַווייזן, אז דער מאָ־ראַלער געפיל איז ניט אין אָפּגעשטאַמטער, נאָר א גרונט-געפיל אין דער מענשליכער נאַטור. ער קומט, הייסט עס, ניט אַרויס פון דער אָפּשאַצונג פון די נוצליכע אדער שעדליכע פאָלגן פון אונזערע האַנד־לונגען; און „אַט דער אורשפּרינגליכער און דירעקטער כאַראַקטער פון דעם מאָראַלן געפיל באַווייזט, אז די מאָראַל איז געבויט אויף

נעפיל (אפעקטן, עמאָציעס) און נייגונגען (propensities אינסטינקטן), וואָס זייער מקור איז אין דער נאַטירליכער אָרגאַניזאַציע פונם מענשן, און וועגן וועלכע ער קאָן אורטיילן ערשט נאָך דעם ווי זיי ווייזן זיך אַרויס. באַטראַכטנדיג די דער־שיינונג פון זיינע געפילן און אינסטינקטן, רופט זיי דער מענש מאָראַלע אָדער אוממאָראַלע".

דער שכל איז אויף דעם אופן נויטיג, כדי צו באַגרינדן די מאָ־ראַל; עס איז נויטיג צו פאַרשטיין וואָס איז גערעכט און וואָס איז שלעכט, כדי ריכטיג אויסצודריקן די אייגענע אורטיילן; „עס איז נויטיג, אַז קיין זאַך וואָס איז העסליך אָדער אומנאַטירליך, קיין זאַך וואָס קאָן ניט אָוועקגעשטעלט ווערן אַלס ביישפּיל, קיין זאַך וואָס צעשטערט די נאַטירליכע נייגונגען, אויף וועלכע עס האַלט זיך דער קיום המין אָדער דער קיום פון דער געזעלשאַפט, זאָל אויף קיין פאַל ניט, סיי אין קראַפט פון אַ וועלכן עס איז פּרינציפּ, אָדער פון רעליגיע, ניט קאָנען ווערן קיין געגנשטאַנד פון פאַרלאַנג, אָדער דורכגעפירט ווערן אין לעבן ווי עפּעס וואָס פאַרדינט אַכטונג". *

שעפטסבערי האָט דער רעליגיע ניט צוגעשריבן קיין באַדייטונג אין דער באַהויפּטונג פון די מאָראַלע באַגריפן. אין דעם מענשן, וועלכער איז געוואָרן מאָראַליש אונטער דעם איינפלוס פון רעליגיע, געפינט זיך ניט מער וואָרהייט, אמתע פרומקייט און הייליקייט — האָט ער געשריבן — וויפיל עס געפינט זיך גוטסקייט און פריינד־ליכקייט אין דעם טיגער, וואָס מען האַלט אויף אַ קייט (2טער באַנד, § 3). בכלל, אין זיינע באַטראַכטונגען וועגן רעליגיע און אַטעאיזם האָט זיך שעפטסבערי אויסגעדריקט פולשטענדיג פריי און אָפן.

די אָפּשטאַמונג פון די מאָראַלע באַגריפן האָט שעפטסבערי אינגאַנצן דערקלערט דורך די איינגעבוירענע געזעלשאַפטליכע אינ־סטינקטן אונטער דעם קאָנטראָל פון דעם פאַרשטאַנד. פון זיי האָבן זיך אַנטוויקלט די באַגריפן וועגן גערעכטיקייט און רעכט און פאַר דער דאָזיגער אַנטוויקלונג האָט גע־Equity and Right שפּילט אַ ראָלע דער פאָלגענדער געדאַנק: „כדי דער מענש זאָל קאָנען פאַרדינען דעם נאָמען „גוטער" און „טוגענדהאַפטיגער", מוזן זיינע אַלע נייגונגען און צוגעבונדנקייטן, די שטימונג פון זיין פאַר־

* Inquiry Concerning Virtue, book 1, part 2, §3.

שטאַנד און פון זיין נשמה, אנטשפּרעכן דאָס וואוילזיין פון זיין
מין אדער ס י ס ט ע ם (ד. ה. די געזעלשאַפט, צו וועלכער ער
געהערט און פון וועלכער ער מאַכט אוים א טייל) * דערביי האָט
שעפּטסבערי באוויזן, אז די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט און די
אינטערעסן פון דער פּערזאָן קומען זיך ניט נאָר צוזאַמען, נאָר זיי
קאָנען זיך גאָר ניט אָפּטיילן איינע פון די אנדערע. דער לעבנס־
דורשט און די ליבע צום לעבן, וואָס ווערט געטריבן ביז צו אַן
עקסטרעם, איז כלל ניט אין די אינטערעסן פון דער פּערזאָן; זיי
ווערן גאָר א שטערונג צו איר גליק. **

איינאיינעם דערמיט האבן זיך שוין ביי שעפּטסבערין געמערקט
יענע פּרינציפּן פון די אוטיליטאַרישע אָפּשאַצונגען פון באַפרידי־
גונגען, וואָס זיינען שפּעטער אנטוויקלט געוואָרן פון דזשאָן סטואַרט
מילל און אנדערע אוטיליטאַריסטן, אין דעם פּרט וואו זיי ריידן
וועגן דעם פּאָרצוג פון די גייסטיגע באַפרידיגונגען איבער די סענ־
סועלע. *** און אין דעם געשפּרעך „די מאָראַליסטן", דערשינען צו־
ער געזעלשאַפט און צו זיין גלייכן". ("The Moralists, a Philosophical
ערשט אין יאָר 1709, וואו ער האָט פאַרטיידיגט זיין טעאָריע, וואָס
ער האָט דערקלערט אין דער „פאַרשונג וועגן טוגענד", האָט ער
אויסגעלאַכט דעם „נאַטור־צושטאַנד", אין וועלכן אלע מענשן זיי־
נען לויט האבבסעס השערה געווען פיינט איינע צו די אנדערע. ****

* ד. ג. בוך 2, טייל 1, ז. 77.

** ד. ג. § 2, ז. 144.

*** ד. ג. שלום צווייטן טייל פון צווייטן בוך, ז. 173.

**** עס איז אן אומזין צו באַהויפּטן, אז דער נאַטירליכער צושטאַנד
פון מענשן איז געווען צו לעבן אָפּגעזונדערט איינע פון די אַנדערע,
וואָרים עס איז לייכטער אוועקצונעמען ביי א לעבעדיגער באַשעפעניש
יעדן אַנדער געפיל און צוגעבונדנקייט איידער די צוגעבונדנקייט צו
Rhapsody; being a Recital of Certain Conversations on Na-
tural and Moral Subjects". (צווייטער באַנד פון שעפּטסבעריס ווערק)
ווייטער זאָגט ער: אויב, פון דער אַנדער זייט, דער געבוי פון די דאָזיגע
באַשעפענישן איז געווען דערזעלביגער ווי אונזערער... אויב זיי האָבן
געהאַט א ז כ ר ו ן, א ג ע פ י ל פ ו ן צ ו ג ע ב ו נ ד נ ק י י ט,
איז קלאָר אז זיי וואָלטן פונקט אזוי ווייניג זיך געקאָנט צוריקציען מיט
ווייער אייגענעם ווילן פון לעבן אין געזעלשאַפט, ווי זיי וואָלטן גע־

עס איז מערקווירדיג, אז שעפטסבערי, אפּלייקענענדיג האָבבס'עס באַהויפּטונג, אַז אַ מענש צו אַ מענשן איז אַ וואָלף, האָט צום ערשטן מאָל אָנגעוויזן אויף דער עקזיסטענץ פון געגנזייטיגער הילף צווישן חיות. — „די געלערטע, האָט ער געשריבן, האָבן ליב צוריידן וועגן דעם דאָזיגן כלומרשטדיגן צושטאַנד פון פיינטשאַפט...“ אבער, „באַהויפּטן, כדי צו דערנידעריגן דעם מענשן, אַז אַ מענש צו אַ מענשן איז אַ וואָלף, איז ביז אַ געוויסן גראַד אַן אומזין, וואָרים די וועלף בשייכות צו וועלף זיינען זייער גוטמוטיגע חיות. ביי זיי נעמען ביידע געשלעכטער אַ טייל אין די זאָרגן וועגן זייערע יונגע, און אָט דער בונד האַלט אָן אויך צווישן די דערוואַקסענע: זיי מאַכן קולות, כדי צונויפצורופן די אַנדערע, בעת זיי גייען אויף געיעג, אָדער בעת זיי ווילן אַרומרינגלען זייער רויב, און אויך בעת זיי האָבן געפונען אַ גוטע נבילה. אַפילו צווישן די ברואים פון דעם חזירשן מין פעלט ניט קיין געגנזייטיגע צוגעבונדנקייט, און זיי העלפן זייערע חברים אין אַ נויט“.

ווי עס זעט אויס זיינען די ווערטער, וואָס זיינען אַרויסגעפאַלן פון בעיקאָן'ען, גראָציוס'ן און ספּינאָזאָ'ן (Mutatum, juventum ד. ה. „געגנזייטיגע הילף“) ניט געפאַלן אומזיסט, און זיינען אריינגעגאַנגען דורך שעפטסבערין אין דעם סיסטעם פון דער עטיק. איצטער ווייסן מיר טאַקע, אויפן גרונט פון די ערנסטע באַאָבאַכטונגען פון אונזערע בעסטע זאָאָלאָגן, דערהויפּט אויף דעם נאָך ניט באַוועצטן טייל פון אַמעריקאַ, ווי אויך אַ דאַנק די ערנסטע פאָרשונ־

---

קאָנט אויפהאַלטן זייער לעבן אָהן דער געזעלשאַפט (§ 4, ז. 317) שעפטסבערי האָט דערנאָך אָנגעוויזן אויף דער שוואַכקייט פון דעם קינד ביי מענשן און אויף דער באַשיצונג און בעסערע שפּייז, וואָס דאָס קינד מוז האָבן, און האָט געשריבן: האָט דען ניט געוזט זיין פאַמיליע אויסוואַקסן אין אַ *שטאַם* און דער שטאַם אין אַ *פאָלק*? אַפילו ווען זי וואָלט געבליבן בלויז אַ שטאַם, וואָלט דען דער שטאַם ניט געווען אַ געזעלשאַפט פון געגנזייטיגער באַשיצונג און געגנזייטיגער נוצן? (ז. 318). עס איז קלאָר, אַז די געזעלשאַפט איז געווען פאַרן מענשן זיין נאַטירליכער *צושטאַנד*, און אַז אויסער אין געזעלשאַפט האָט ער *קיינמאָל ניט געלעבט און ניט געקאָנט לעבן* (ז. 319). אָט דעמזעלביגן געדאַנק, ווי מיר וועלן זען ווייטער, האָט אויך איבערגעזאָגט יוהם.

גען פון דעם לעבן פון די פּרימיטיווע פעלקער, וואָס זיינען אַרויס־געבראַכט געוואָרן אין 19טן י. ה., ווי גערעכט שעפּטסבערי איז גע־ווען. ליידער זיינען נאָך ביז היינטיגן טאָג פאַראַנען ניט קיין קליינע צאָל קאַבינעטנע „נאַטורפאָרשער" און „עטנאָלאָגן", וואָס ווידערהאָלן האַבבסעס אומזיניגע באַהויפּטונג.

שעפּטסבערי'ס אַנשויאונגען זיינען געווען אַזוינע געוואַגטע פאַר זיין צייט און קומען זיך אַזוי צוזאַמען אין איניגע טיילן זייער־ע מיט די מיינונגען, צו וועלכע די היינטיגע דיינקער קומען איצטער, אַז ס'איז נויטיג צו זאָגן וועגן זיי נאָך עטליכע ווערטער. שעפּטס־בערי האָט איינגעטיילט די פאַרשיידענע אָנרעגונגען פון דעם מענשן אין געזעלשאַפטליכע, עגאָאיסטישע און אַזוינע וואָס זיינען בעצם ניט איינגעבוירענע אין אים: אַזעלכע, האָט ער געשריבן, זיינען האַס, גרימצאָרן, ליידנשאַפטן. מאָראַליטעט, ווידער, איז קיין אַנ־דער זאַך ניט ווי די רעגולירעכטע פאַרהעלטניש צווישן די געזעל־שאַפטליכע און די עגאָאיסטישע נייגונגען (Affections). בכלל האָט שעפּטסבערי באַטאָנט, אַז די מאָראַל איז אומאָפּהענגיק פון רעליגיע און פון שכל'דיגע מאָטיוון, וואָרים איר מקור ליגט ניט אין די איבערטראַכטונגען וועגן האַנדלונגען, נאָר אין דער אָרגאַ־ניזאַציע פון דעם מענשן גופא און אין זיינע סימפּאַטיעס, וואָס האָבן זיך אויסגעאַרבעט אין משך פון יאָרהונדערטן. זי איז ענדליך אויך אומאָפּהענגיק בנוגע צו איר ע צ י ל ן, וואָרים דער מענש ריכטעט זיך ניט לויט דער אויסערליכער ניצליכקייט פון דער אָדער יענער אַרט האַנדלונג, נאָר לויט דער א י נ ע ר ל י כ ע ר ה א ר מ אָ־נ י ע א י ן ז י ך א ל י י ן, ד. ה. לויט דעם געפיל פון באַ־פרידיגונג אָדער ניט צופרידנגעשטעלטקייט נאָך דער האַנדלונג.

אויף דעם אופן האָט שעפּטסבערי (ווי וואונדט האָט שוין אָנ־געוויזען אויף דעם) דרייסט פּראָקלאַמירט די אומאָפּהענגיקע אָפּ־שטאַמונג פון דעם מאָראַלן געפיל. און ער האָט אויך פאַרשטאַנען, ווי פון אַט דעם אורשפּרינגליכן קוואַל האָט זיך אומפאַרמיידליך אַנטוויקלט דער קאָדעקס פון די מאָראַלע רעגעלן. און צוזאַמען דערמיט האָט ער אַבסאָלוט אָפּגעלייקנט די אָפּשטאַמונג פון די מאָראַלע באַגריפן פון די אוטיליטאַרישע אויסרעכענונגען וועגן דער ניצליכקייט אָדער דעם שאָדן פון דעם אָדער יענעם אופן פון האַנד־לונג. אַלע מאָראַלע רעגעלן פון רעליגיע און פון די געזעצן זיינען

דעריוואטיווע, סעקונדערע פארמען, וואס זייער ערשטן יסוד האבן צוזאמענגעשטעלט די פארערבטע מאראלע אינסטינקטן.

שעפטסבערי'ס נאטוראליסטישע מאראל־פילאסאפיע איז אין דעריין זיך אינגאנצן פאנאנדערגעגאנגען מיט דער נאטוראליסטישער פילאסאפיע פון די פראנצויזישע דיינקער פון 18טן י. ה., איינשליסנדיג די ענציקלאפעדיסטן, וועלכע האבן אין מאראלע פראגן פארגעצויגן צו שטיין אויפן שטאנדפונקט פון עפיקורוס און זיינע נאכפאלגער. עס איז אינטערעסאנט, אז דאס דאזיגע פרישת הדרכים איז שוין געווען אנגעמערקט ביי די שאפער פון דער נייער פילאסאפישער ריכטונג אין ענגלאנד און אין פראנקרייך, ד. ה. ביי בעיקאנען, וועלכער האט זיך גלייך געשטעלט אויף דעם נאטורוויסנשאפטליכן שטאנדפונקט, און ביי דעקארטן, וועלכער האט נאך ניט גאנץ קלאר באשטימט זיין ריכטונג.

על כל פנים האט זיך געשטעלט אויף דעמזעלביגן שטאנדפונקט וואס שעפטסבערי אויך דארווין (אין זיין צווייטן ווערק „וועגן דער אפשטאמונג פונם מענשן"). און אויף דעמזעלביגן שטאנדפונקט וועט זיך אומפארמיידליך שטעלן יעדער פסיכאלאג, וואס זאגט זיך אפ פון אפריער אנגענומענע מיינונגען. אין שעפטסבערי'ן האבן מיר אויך א פארגייער פון מארק גיא, אין יענע געדאנקען, וואס גיא האט אנטוויקלט אין זיין בוך „מאראל אהן אבליגאציעס און סאנקציעס". צו דיזעלביגע שלוסן קומט אויך די היינטיגע נאטורוויסנשאפט, אזוי אז ווען איך האב זיך באקענט מיט די פאקטן פון געגנזייטיגער הילף ביי חיות און ביי די פרימיטיווע ווילדע, האב איך געקאנט זאגן, אז עס וואלט געווען גרינגער פארן מענשן צו נעמען ווידער גיין אויף אלע פיר איידער אפצוזאגן זיך פון זיינע מאראלע אינסטינקטן, היות ווי דידאזיגע אינסטינקטן האבן זיך שוין אויסגעארבעט אין דער טירן־וועלט א סך פריער איידער דער מענש האט זיך באוויזן אויף דער ערד. *

* אין זיין ווערק „מאראליסטן" האט שעפטסבערי אט אזוי זיך באשריבן: „זייענדיג בנוגע צו דער טוגענד דאס, וואס איר האט אומ־לענגסט אנגעהויבן אנצורופן א רעאליסט, שטרעבט ער צו באווייזן, אז ס'איז ווירקליך פאראן אן עפעס, וואס עקזיסטירט אן און פאר זיך אין דער נאטור פון די זאכן, ניט קיין איינגעוויליגע און ניט קיין געקינצלטע, אויב איך מעג זיך אזוי אויסדריקן,

ה א ט ש י ס אָ ן (געב. 1694, געשט. 1747). — צו גונסטן פון דעם מיטגעבוירענעם מאָראַלן געפיל האָט זיך ארויסגעזאָגט שטאַרקער איידער אַלע זיינע צייט־גענאָסן דער שאָטלאַנדישער דיינ־קער האַטשיסאָן, שעפטסבערי׳ס תלמיד. שעפטסבערי האָט נאָך ניט דערקלערט גענוג, פאַרוואָס די אומאייגננוציגע שטרעבונגען צו גונסטן פון אַנדערע נעמען די אויבערהאַנט איבער די ארויסווייזונגען פון דעם פּערזענליכן עגאָאיזם, און דערמיט גופא האָט ער געלאָזן דעם וועג אָפן פאַר דער רעליגיע. האַטשיסאָן אָבער, הגם ער איז געווען אומפאַרגלייכליך מער גלויביגער און האָט זיך פאַרהאַלטן צו רעליגיע מיט מער אַכטונג איידער שעפטסבערי, האָט קלערער איידער אַלע דיינקער פון יענער צייט ארויסגעשטעלט דעם זעלבשטענדיגן כאַ־ראַקטער פון אונזערע מאָראַלע אורטיילן.

האַטשיסאָן האָט באַוויזן אין זיינע ווערק און אין דעם סיסטעם פון מאָראַלער פילאָסאָפיע, אז אונז פירן ניט די אויסרעכנונגען

---

נאָר א דרויסנדיגע, אָדער וואָס הייזנגט ניט אָפּ פון מ נ ה ג, מ אָ ד ע אָדער ג ו י ל ן; און אפילו ניט פון דעם א ז י ב ע ר ש ט ן ו ו י ל ע ן, וועלכער קאָן איבער איר ניט רעגירן, נאָר זי אליין, זייענ־דיג גוטעס, רעגירט זיך אליין און איז אפילו גלייך צו אים".

אין אַנאַנדער אָרט האָט שעפטסבערי געשריבן: „אזוי אויך וועט ניט די מורא פאַרן גיהנום, ניט טויזנטער מורא׳ס פאַר דער גאָטהייט פועלן עס זאָל זיך באַווייזן א געוויסן, דאָרט וואו ס׳איז ניטאָ קיין באַגריף פון דאָס, וואָס איז ניט גוט, וואָס איז עקלהאַפטיג, וואָס עס שטעלט פאַר א מאָראַלישע פאַרזעהעניש, אָדער וואָס איז ניט ליבנסווערט. דאָרט אָבער וואו דאָס איז פאַראַן, דאָרט ארבעט שוין דאָס ג ע וו י ס ן און עס באַווייזט זיך נויטיגערהווייז די מורא פאַר באַשטראָפונג, אפילו ווען קיין זאַך דראָהעט אים ניט". (בוך 2, טייל 2, § 1, ז. 120).

און אָט איז נאָך א שטעל פון זיין „כאַראַקטעריסטיק" (בוך 2): „איר, מיין פריינט, האָט אודאי געהערט פון דער היינטיגער באַהויפּטונג, אז די וועלט ווערט רעגירט פון פּערזענליכע נוצן. איך דיינק אבער, אַז דער, וואָס וועט זיך צוקוקן נעהענטער, וועט איינזען, אז ליידנשאַפט, קאַפּריז, שטימונג, פלייס, פאַרטיי און טויזנטע אַנדערע אָנרעגונגען, וואָס גייען להיפך צו די פּערזענליכע נוצן, האָבן א גרעסערע באַדייטונג אין די באַוועגונגען פון דער דאָזיגער מאַשין ("An Essay on the Freedom of Wit and Humor," p. 115) „אין דער ווירקליכקייט — לייגט ער נאָך צו — האָבן א גוטער אימפּולס, פריינדליכקייט און פריינגעבי־קייט, גוטהערציקייט און פריינדשאַפט, געזעלשאַפטליכע און נאַטירליכע

ווענן די נוצן פון ווינשנסווערטע האנדלונגען און דעם שאדן פון די ניט־ווינשנסווערטע, נאר מיר פילן, האט ער געשריבן, א גייסטיגע באפרידיגונג נאך א האנדלונג וואס גייט לטובה פון אנדערע, און מיר רופן אן אזא האנדלונג א „מאראלישע“, פריער איידער אלע איבערלייגונגען וועגן דעם נוצן אדער דעם שאדן פון אונזערע מעשים; און מיר פילן א גייסטיגע אומצופרידנהייט פון ניט־ווינשנסווערטע האנדלונגען — פונקט ווי אונז געפעלט די רעגלמעסיגע און הארמאנישע ליניעס פון א געביידע אדער די מוזיקאלישע הארמאניע, און עס ווירקט אויף אונז אומאנגענעם ווען עס פעלט הארמאניע אין ארכיטעקטור אדער מוזיק. דער שכל אליין וואלט ניט געווען בכח צו באוועגן אונז טאן עפעס לטובת הכלל, אויב עס וואלט אין אונז ניט געווען קיין נייגונג, קיין פאדערונג צו האנדלען אויף אזא אופן. האטשיסאן טיילט דעריבער איין דעם שכל א גאנץ באשיידענעם — שוין אפילו א צו־באשיידענעם — ארט. דער שכל, זאגט ער, ברייננגט נאר אין ארדנונג אונזערע געפיל־איינדרוקן און עמפינדונגען, און זיין ראליע איז נאר אן ערציערישע. ער גיט אונז די מעגליכקייט זיך צו באקענען מיט יענע העכערע גענוסן, וועלכע

נייגונגען, פונקט אזא באדייטונג אין לעבן; און עס ווייזט זיך ארויס, אז דער באוועגער פון דער מאשין איז עפעס א צונויפגעשטעלטעס, וואס קומט ארויס פון זיי און היט אפ איר נאטור אויף מער ווי א העלפט“ (בוך 1, ז. 115). ער האט בייסיג אויסגעלאכט האבבס'ן און די אנדערע פארטיידיגער פון דער עגאאיסטישער דערקלערונג פון לעבן. — „געוויס, אלע זוכן גליק — האט ער געשריבן — די פראגע איז אבער, געפינען מיר דאס גליק פאלגנדיג די נאטור און נאכגעבנדיג די אייגענע געוואוינטע נייגונגען, אדער אונטערדריקנדיג די דאזיגע נייגונגען און אפגעבנדיג זיך לוידנשאפטליך צו די פערזענליכע נוצן, צו דעם אייגן עגאאיזם אדער אפילו בלויז צו דער דערהאלטונג פון לעבן?“ (ז. 120) „אין קיין זאך ווייזט דער מענש ניט ארויס זיך אינגאנצן ווי אין זיין געמיט (Temper) און אין דעם כאראקטער פון זיינע לוידנשאפטן און נייגונגען. אויב ער פארלירט דאס, וואס געפינט זיך אין זיי מוטיגעס און ווירדיגעס, פארלירט ער זיך אויף אזויפיל, פונקט ווי ער וואלט פארלארן זיין געדעכטניש און פארשטאנד“ (ז. 121).

איך וויל נאך צוגעבן דאס פאלגנדע: שעפטסבערי האט, נאטירליך, ניט אנדערקענט קיין פרייען ווילן. „וואָרים, ווי פריי דער ווילן זאל ניט זיין — האט ער געשריבן — זעהען מיר, אז די אויפגעליגטקייט (לוינע) און דער קאפריז רעגירן מיט אים“ (ז. 185).

האָבן די גרעסטע באַדייטונג פאַר אונזער גליק. „דורכן שכל, האָט האַטשיסאָן ווייטער געשריבן, דערקענען מיר די וועלט־אָרדנונג און דעם פירנדען גייסט; אָבער פון דעמזעלביגן שכל קומען אויך אַרויס יענע חלוקים אין די באַגריפן פון דאָס מאָראַלע און ניט־מאָראַלע, וועלכע פירן די פעלקער, וואָס שטייען אויף פאַרשיידענע שטופן פון אַנטוויקלונג, איינצושטעלן די פאַרשיידנאַרטיגסטע מאָראַלע און אָפּטמאָל אויך די העכסטע אוממאָראַלע רעגעלן און מנהגים. שענדליכע מעשים, וואָס זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן, האָבן געהאַט זייער גרונט אין פעלערהאַפטיגע גייסטיגע אורטיילן, בעת דער מאָראַלער געפיל פאַר זיך אַליין איז ניט געווען בכח צו געבן אַ מאָראַלן ענטפער אויף שווערע פראַגן".

ריכטיגער וואָלט פונדעסטוועגן געווען צו זאָגן — לאָמיר באַמערקן — אַז דער מאָראַלער געפיל איז געווען געגן דיזאַזיגע שענדליכע האַנדלונגען, און צייטנווייז זיינען איינצעלנע מענשן אויפגעשטאַנען געגן זיי, נאָר דער געפיל האָט ניט געהאַט אויף זיין זייט די נויטיגע קראַפט צו מאַכן אַ סוף פון זיי. מען דאַרף אויך געדיינקען, אויף וויפיל די רעליגיעס זיינען געווען שולדיג און בלייבן נאָך עד היום די שולדיגע אין אַ סך מאָראַלע מיאוסקייטן. אָפּלייקענענדיג דאָס רעכט פונם שכל אין דער אויסאַרבייטונג פון דאָס מאָראַלע, האָבן די רעליגיעס בסדר געשטופּט די מענשן צו באַנעמען זיך ווי קנעכט לגבי די הערשאַפטן און טראָגן אַ שנאה אויף מענשן פון אַנדערע רעליגיעס, ביז צו די ברוטאַליטעטן פון דער אינקוויזיציע און די אויסראָטונגען פון גאַנצע שטעט צוליב רעליגיעזע מחליקות.

עס איז אמת, אַז האַטשיסאָן האָט געזען דעם הויפּט ווערט פון רעליגיע אין „די אומענדליך־הויכע אייגנשאַפטן, וואָס מיר שרייבן־צו צו גאָט," און אויך אין דעם, וואָס באַשאַפנדיג אַ געזעלשאַפטליכע אונטערטעניקייט, האָט די רעליגיע באַפרידיגט אַ געזעלשאַפטליכע פאָדערונג פונם מענשן. אַז די רעליגיע, פונקט ווי איניגע אַנדערע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, העלפט באַשאַפן אַ אידעאַל — איז דעריין קיין ספק ניט. אָבער די הויפּט וויכטיקייט אין דער געזעלשאַפטליכער מאָראַל, ווי עס האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דעם פאַרשיידענע שרייבער וועגן מאָראַל, האָבן ניט אַזויפיל די אידעאַלן, ווי די אַלטעגליכע מנהגים פון געזעלשאַפטליכן לעבן. אַזוי דינען בלי ספק די קריסטליכע און בודדיסטישע הייליגע

ווי מוסטערן, און ביז א געוויסן גראד ווי סטימולן פון א מאָראַלן לעבן. מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז דאָס רוב מענשן האָט א געוויינליכן אויסרייד פאַר ניט נאָכטאָן זיי אין לעבן: „וואָס קאָן מען מאכן, מיר זיינען ניט קיין הייליגע." — וואָס איז שייך צו דעם געזעלשאַפטליכן איינפלוס פון רעליגיע, ווייזן זיך ארויס אין דער ריכטונג אנדערע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס און דער אַלטעגליכער איינשטעל פונם לעבן א סך שטאַרקער אוזדער די תורות פון דער רעליגיע. די קאָמוניסטישע פאָרם פון לעבן פון א סך פרימיטיווע פעלקער האַלט אויף אין זיי ניט אַן ערך שטאַרקער דעם געפיל און די געוויינהייטן פון סאָלידאַריטעט איידער די קריסטליכע רעליגיע; און אין די געשפּרעכן מיט די „ווילדע" אויף מיינע רייזן אין סיביר און מאַנדזשוריע פלעגט מיר זיין זייער שווער זיי צו דערקלערן, פאַרוואָס א סך מענשן שטאַרבן אָפט פון הונגער, אין דער צייט ווען אַנדערע מענשן נעבן זיי לעבן אין גרויס וואויל-טאָג. דעם טונגוז, דעם אַלעאוט און א סך אַנדערע איז דאָס לחלוטין אומבאַגרייפליך; זיי זיינען געצנדינער, אבער זיי זיינען מענשן פון דעם שטאַם-לעבן.

האטשיסאָנס הויפט פאַרדינסט איז באַשטאַנען דעריין, וואָס ער האָט געזוכט צו דערקלערן, פאַרוואָס די אומאייגננוציגע שטרע-בונגען קאָנען נעמען די אויבערהאַנט, און נעמען טאַקע די אויי-בערהאַנט, איבער די איינג-פערזענליכע פאַרלאַנגען. און ער האָט עס דערקלערט דערמיט, וואָס עס געפינט זיך אין אונז א געפיל פון א איינערליכער גוטהייסונג, וועלכער באַווייזט זיך אַלע-מאָל, בעת דער געזעלשאַפטליכער געפיל נעמט אין אונז די אויי-בערהאַנט איבער די איינג-פערזענליכע פאַרלאַנגען. אויף אָט דעם אופן האָט ער באַפרייט די עטיק פון דער נויט צו געבן דעם פאַר-צוג סיי דער רעליגיע, סיי די אויסרעכענונגען וועגן דער גרעסערער אָדער קלענערער נוצליכקייט פאַר דער פערזאָן פון דער אָדער יע-נער האַנדלונג. אבער דער גרונט פעלער פון זיין לערע איז געווען דאָס, וואָס ער, ווי זיינע פאַרגייננער, האָט ניט געמאכט קיין חלוק צווישן דאָס, וואָס די מאָראַל האַלט פאַר א ח ו ב און דאָס, וואָס זי באַטראַכט נאָר אַלס ווינשנסווערט; און דע-ריבער האָט ער ניט באַמערקט, אַז אין אַלע מאָראַלע לערען און באַ-גריפן איז ד אָ ס אָ ב ל י ג א ט אָ ר י ש ע באַגרינדעט

*אויף דער אַנדערקענונג מיט'ן געפיל און שכל פון גלייכבאַרעכטיגונג.*
אַט דעם פּעלער באַגעגנט מען אַגב, ווי מיר וועלן זען ווייטער, ביי די מערסטע דיינקער אפילו אין אונזער צייט.

*לייבניטץ* (געב. 1646, געשט. 1716). — איך וועל זיך ניט אָפּשטעלן בפּרטיות אויף דער לערע פון גאָטפריד ווילהעלם לייבניטץ, דעם דייטשישן צייט־גענאָסע פון שעפטסבערי און האָט־שינסאָן, אבוואויל מען וואָלט געקאָנט ארויסשעפּן פיל באַלערנדעס פון זיין קריטיק אויף ספּינאָזאַ און לאָקק, ווי אויך פון זיין פאַרזוך צונויפצובינדן די טעאָלאָגיע מיט דער פילאָסאָפיע און מאַכן שלום צווישן די געדאַנקען־שטראָמען, וואָס האָבן זיך אויסגעדריקט אין דעם קאַטוילליציזם און די פאַרשיידענע פּראָטעסטאַנטישע לערען, און אויך אין דער שאָטלאַנדישער און ענגלישער עטיק. לייבניטץ, ווי באַקאַנט, האָט אין איין צייט מיט ניוטאָנען אריינגעפירט אין דער מאַטעמאַטיק אַ נייעם, אין העכסטן גראַד פרוכטבאַרן מעטאָד, פון אויספאָרשן דערשיינונגען מיט דער הילף פון אויסשטודירן זייער־רע אומענדליך קליינע ענדערונגען; און ער האָט אויך פאָרגעשלאָגן אַ טעאָריע וועגן דעם געבוי פון זאַכן, וואָס איז ענליך צו דער הייני־טיגער אַטאָמישער טעאָריע. אבער ניט זיין אַלאומפאַסענדער קאָפּ, ניט זיין גלענצנדע עקספּאָזיציע האָבן אים געהאָלפן שלום צו מאַכן צווישן דעם פילאָסאָפישן פּאַנטעאיזם מיט דער קריסטליכן גלויבן און צווישן דער עטיק, וואָס איז געבויט אויף דעם שטודיום פון די גרונט־אייגנשאַפטן פון דער מענשליכער נאַטור, מיט דער קריסט־ליכער עטיק, וואָס איז געבויט אויף דעם גלויבן פון אַ לעבן נאָכן טויט.

מען מוז אָבער זאָגן, אַז אויב אפילו דיראַזיגע פאַרזוכן האָבן זיך לייבניטצן ניט איינגעגעבן, האָט ער דאָך בלי ספק געהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון דער עטיק, אַנווייזנדיג די באַדייטונג, פאַר דער אויסאַרבעטונג פון דעם מענשנס גרינדליכע מאָראַלע באַגריפן, פון זיין *מיטגעבוירענעם געזעלשאַפטליכן אינסטינקט*, וואָס איז אייגנטימליך פאַר אַלע מענשן; און דערצו די באַדייטונג פון *אויסאַרבעטן דעם ווילן*, כדי אויפצובויען דעם אידעאַל און די מאָראַלע פיזיאָנאָמיע פון יע־

דערן פון אונז, אויף וועלכע מען האט פריער זייער ווייניג אויפ־מערקזאמקייט געשיינקט.

עס איז קיין ספק ניט, אז לייבניטץ האט, לויט דעם גאנצן צו־נויפשטעל פון זיין אינטעלעקט, ניט געקאנט זיך שיידן אין זיין פי־לאסאפיע מיט דער טעאלאגישער עטיק, ווי אויך מיט דעם געדאנק אז דער גלויבן אין א לעבן נאכן טויט פארשטארקט דעם מענשנס מאראלע כחות. אבער ערטערווייז איז ער אזוי נאענט צוגעקומען צו דעם אטעאיזם פון בייל און שעפטסבערי, אז ער האט בלי ספק פארשטארקט דעם איינפלוס פון זייער קריטיק. פון דער אנדער זייט האט זיין וואקלען זיך צווישן דער רעליגיעזער און ניט־רעלי־גיעזער מאראל אומפארמיידליך געפירט צום געדאנק, אז אין דעם סאמע יסוד פון דער מאראל איז נאך עפעס פאראן א חוץ די אינס־טינקטן און א חוץ די ליידנשאפטן און געפילן; און אז אין די אורטיילן וועגן „מאראלע" און „אוממאראלע" דערשיינונגען ריכ־טעט זיך אונזער פארשטאנד ניט בלויז לויט דעם פרינציפ פון פער־זענליכע און געזעלשאפטליכע נוצן, ווי די שולע פון די אינ־טעלעקטואליסטן, עפיקורוסעס נאכפאלגער, האט דאס באהויפטעט; אז עס איז פאראן אין אונזער שכל עפעס מער אלגעמיינעס און מער אלגעמיין־אנדערקענטעס. לייבניטץ אליין איז ניט דערגאנגען ביז צו דעם שלום, אז דער העכערער פרינציפ, וואס ליגט אין דעם שכל, איז דער באגריף וועגן ג ע ר ע כ ט י ק י י ט; ער האט אים אבער צוגעגרייט דעם וועג. פון דער אנדער זייט אבער האט ער אין אזוינע שיינע פארמען ארויסגעבראכט די נויטיקייט פון א געהוי־בענעם געדאנקען־גאנג און פון האנדלונגען, וואס זיינען פול מיט דער אזויאנגערופענער זעלבסטאפפערונג; ער האט אזוי שיין גע־מאלן די ראליע פון דעם א י ד ע א ל אין דער אויסארבעטונג פון דאס מאראלע, אז דערמיט אליין האט ער צוגעגרייט די אונ־טערשיידונג, וואס שאפט זיך איצטער אין אונזערע מאראלע באַ־גריפן צווישן דאס, וואס דארף דינען ווי דער זיכערסטער יסוד פון גאנצן געזעלשאפטליכן לעבן, ד. ה. פון גערעכטיקייט, און דאס וואס דער מענש טוט פאר אנדערע א ר י ב ע ר ד ע ר א י י נ פ א־כ ע ר ג ע ר ע כ ט י ק י י ט, ד. ה. זיין גרייטקייט צו זעלבסט־אפפערונג.

אכטער קאַפּיטל

# די אַנטוויקלונג פון די לערען וועגן מאָראַל אין דער נייער צייט

(דער 17טער און 18טער יאָרהונדערט. פאָרטגעזעצט).

דער אָנהויב פון דער נייער פילאָסאָפיע אין פראַנקרייך. — מאָנטעין און שאַראָן. — דעקאַרט. — גאַססענדי. — בעיל. — לאַראָשפוקאָ. — לאַמעטרי. — העלוועציוס. — האָלבאַך. — די ענציקלאָפּעדיסטן. — מאָרעללי און מאַבלי. — מאָנטעסקיע. — וואָלטער און רוססאָ. — טורגאָ און קאָנדאָרסע. — דייוויד יוהם. — אדאם סמיטה.

די באפרייאונג פון די וויסנשאפטן, און ממילא אויך פון די לערען וועגן מאָראַל, פון דעם יאָך פון דער קירך, איז פאָרגעקומען אין פראנקרייך אומגעפער אין דערזעלביגער צייט ווי אין ענגלאַנד. דענע דעקארט האָט פארנומען אין דער דאָזיגער באוועגונג דעמזעלביגען פּלאַץ ווי פראַנסיס בעיקאָן אין ענגלאַנד, און זייערעביידנס הויפּט ווערק זיינען דערשינען כמעט אין איין און דערזעלביגער צייט. *

נאָר צוליב פארשיידענע אורזאכן האָט די באוועגונג אין פראנקרייך אָנגענומען עטוואָס אנאנדער כאראקטער איידער אין ענגלאנד, און מחמת דעם זיינען די באפרייענדע אידייען אריינגעדרונגען אין פראנקרייך אין ברייטערע שיכטן און האָבן געהאט א טיפערן איינפלוס אין אייראָפּא איידער די באוועגונג, וואָס בעיקאָן האָט ארויסגערופן און וואָס האָט מיטגעבראכט א גרויסע איבערקערע־

* בעיקאָן'ס „נאָוואום אָרגאַנום“ איז ארויס אין יאָר 1620, דעקאַרט'ס „דיסקורס סיר לא מעטאָד“ האָט זיך געדרוקט אין יאָר 1641.

גיש אין דער וויסנשאפט און אין דער וויסנשאפטליכער פילאסאָ־פיע.

די באפרייענדע באוועגונג אין פראנקרייך האָט זיך נאָך אָנ־געהויבן ביים סוף 16טן י. ה., נאָר זי איז אוועקגעגאנגען אויף אנאנדער וועג איידער אין ענגלאנד, וואו זי האָט זיך אויסגעגאָסן אין די פאָרמען פון דער פּראָטעסטאַנטישער באוועגונג און דער שטאַטישער רעוואָלוציע. אין פראנקרייך האָט זיך די רעוואָלוציע פאָנאנדערגעברענט ערשט אין סוף 18טן י. ה., אבער די באפרייענדע אידייען האָבן זיך גענומען ברייט פאַנאנדערשפּרייטן אין דער פראנ־צויזישער געזעלשאפט שוין א לאנגע צייט פאָר דער רעוואָלוציע. דער הויפּט פארשפּרייטונג־מיטל פון די דאָזיגע אידייען איז געווען די ליטעראטור. די באפרייענדע אידייען אין דער פראנצויזישער ליטעראטור געפינען מיר צוערשט ביי ראבלע (1483—1553) און זיין פארטזעצער איז געווען מישעל מאָנטעין.

מ א נ ט ע י ן (געב. 1553, געשט. 1592) איז געווען איינער פון די גלענצענדסטע פראנצויזישע שרייבער. אין א לייכטער אנגענעם־לעזבארער פאָרם האָט ער צוערשט, פון דעם שטאַנדפּונקט פון „פּשוטן געזונטן פארשטאנד", ארויסגעזאָגט וועגן דער רעליגיע נעוואָגטע און זייער „ניט־אָרטאָדאָקסישע" געדאנקען. זיין בארימטע בוך „עססעים", וואס איז ארויסגעגאנגען אין יאָר 1583, האָט געהאט אן אומגעהויערן ערפאָלג; עס איז ארוים אין א סך אויפלאַגן און עס איז געלעזן געוואָרן אין גאנץ אייראָפּא, און שפּעטער האָבן אפילו וויכטיגע שרייבער פון 18טן און 19טן י. ה. זיך ניט אָפּגעהאלטן פון אריינצורעכענען מאָנטעינען אין דער צאָל פון זייערע לערער.

מאָנטעין האָט מיט זיין בוך ניט ווייניג געהאָלפן דער עטיק צו באפרייען זיך פון די אַלטע סכאָלאַסטישע דאָגמען.

אין זיינע „עססעים" האָט מאָנטעין מער גארנישט געגעבן ווי א ריי אפּנהערציגע ודוים פון א מענשן, וואס האָט גוט געקענט דאָס לעבן פון דער העכערער געזעלשאפט, וועגן זיין אייגענעם כאַ־ראַקטער און די מאָטיוון פון זיין דיינקען און האנדלען, ווי אויך וועגן דעם כאראקטער פון די מערסטע מענשן פון זיין סביבה. געאור־טיילט אבער האָט ער די מענשליכע מעשים ווי א פיינער, עטוואָס הומאַנער עפּיקורעער, וואס האָט פארגלעט זיין ענאָאיזם מיט א לייכטן הויך פון פילאָסאָפיע; און דערביי האָט ער אויפגעדעקט די

רעליגיעזע צבעות, מיט וועלכער עס פאַרדעקן זיך די אַנדערע ענגאַ־
איסטן־עפּיקורעער און זייערע רעליגיעזע לערער. אויף אַט דעם
אופן האָט ער, אַ דאַנק זיין גרויסן ליטעראַרישן טאַלאַנט, צוגע־
גרייט יענעם קריטישן שפּאָסהאַפטיגן טאָן בנוגע דער רעליגיע, מיט
וועלכן שפּעטער, אין 18טן י. ה., איז געווען דורכגעדרונגען די גאַנ־
צע פראַנצויזישע ליטעראַטור. ליידער האָט ניט מאָנטעין, ניט זיינע
נאָכפאָלגער אַפילו ביז היינטיגן טאָג, ניט אונטערוואָרפן צו אַ
ענליכער אַלגעמיין־פאַרשטענדליכער, שפּאַסהאַפטיגער קריטיק פון
אינעווייניג די מאַשין פון דער מלוכה־רעגירונג, וואָס פאַרנעמט
איצטער דעם פּלאַץ פון דער קירכליכער היראַרכיע אין דער רעגי־
רונג איבערן געזעלשאַפטליכן לעבן פון די מענשן. *

עטוואָס שפּעטער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ מער ממשות'־
דיגער קריטיק, אָבער אַלץ נאָך אין דעמזעלביגן גייסט, דער טעאָלאָג
און פּריידיגער פון דער קיניגין מאַרגאַרעטע, פּ י ע ר ש אַ ר ר אָ ן
(געב. 1541, געשט. 1603). זיין בוך אַ „פאַרשונג וועגן ווייזהייט“
איז אַרויס אין יאָר 1601 און איז גלייך געוואָרן פּאָפּולער. אַבוואויל
שאַרראָן איז פאַרבליבן אַ גלח, איז ער אָבער אין דער ווירקליכקייט
געווען אַ פולשטענדיגער סקעפּטיקער, און זיין סקעפּטיציזם איז
נאָך געווען אַ שאַרפערער איידער מאָנטעינס. אַנאַליזירנדיג וואָס
עס איז פאַראַן אַלגעמיינעס אין די פאַרשיידענע רעליגיעס, אין די
קריסטליכע און די געצנדינערישע, האָט שאַרראָן באַוויזן וויפיל
אַלגעמיינעס עס איז אין זיי פאַראַנען, און ווי ווייניג די מאָראַל
נויטיגט זיך אין רעליגיע. **

---

* בלויז איינער פון מאָנטעינס נאָענטסטע פריינט, עטיען דע לאַ באָ־
עטי (1530—1563), האָט אָנגעשריבן אַ שאַרפן פּאַמפלעט אנטקעגן דער
„טיראַניי פון דער פרייוויליגער קנעכטשאַפט“, אין וועלכן ער האָט
קעגן דעם פּאָליטישן דעספּאָטיזם אָוועקגעשטעלט די נאַטירליכע פריי־
הייט, שכל הישר און גערעכטיקייט. (באַמערקונג פון ג. לעבעדעוו.)

** יאָדל, אין זיין „געשיכטע דער עטיק“ האָט געבראַכט איין פּלאַץ
פון דער ערשטער אויסגאַבע פון דער „פאָרשונג וועגן ווייזהייט“, פון
יאָר 1601, וואָס איז שוין ניט אַריינגעגאַנגען אין די שפּעטיגערע
אויפלאַגן. אין אַט דעם פּלאַץ האָט שאַרראָן דירעקט זיך אויסגעדריקט,
אַז „ער וואָלט אויך געוואונשן פרומקייט און רעליגיעזיטעט, אָבער ניט
צוליב דעם, כדי זיי זאָלן אַריינזעצן אין מענשן מאָראַליטעט, וועלכע

בכלל האט אזא סקעפטישע און אין דערזעלביגער צייט לעבנס־פולע באציאונג צו רעליגיע אויסגעמאכט אין די שפעטערדיגע צייטן א כאראקטעריסטישן שטריך פון דער פראנצויזישער ליטעראטור פון 18טן י. ה., און האט זיך באזונדערס קלאר אויסגעדריקט אין די שריפטן פון וואלטער און די ענציקלאפעדיסטן. די דאזיגע באציאונג האט זיך אויך אויסגעדריקט אין דער בעלעטריסטיק — אין דעם ראמאן און באזונדערס אין די דראמאטישע ווערק פון דעם פאר־רעוואלוציאנערן פעריאד, און דערנאך אויך אין דער רעוואלוציע.

רענע דעקארט (געב. 1569, געשט. 1650). — בעיקאן האט געגעבן דער וויסנשאפט א נייעם און אין העכסטן גראד פרוכט־בארן מעטאד פון אויספארשן די נאטור־ערשיינונגען — דעם אינדוקטיווען מעטאד; און דערמיט אליין האט ער געגעבן די מעגליכקייט צו בויען די וויסנשאפט וועגן דעם לעבן פונם ערד־קוגל און פון דעם וואלטאל אהן קיין אריינמישונג פון רעליגיעזע אדער מעטאפיזישע דערקלערונגען. דעקארט אבער האט זיך טיילווייז נאך אלץ באנוצט מיט דעם דעדוקטיווען מעטאד. זיין געדאנק האט פאראויסגעזען די אנטדעקונגען, צו וועלכע די אינדוקטיווע פארשונג פון דער נאטור האט געדארפט פירן, און ער האט פרובירט דערקלערן מיט דער הילף פון פיזיקאליש־מאטעמאטישע פאראויסזעאונגען אזוינע געביטן פון דעם לעבן פון דער נאטור, וועלכע האבן זיך נאך ניט געלאזט דערקלערן וויסנשאפטליך — אזוינע געביטן, אין וועלכע מיר הויבן אן אריינצודרינגן ערשט איצטער. אבער מיט דעם אלעם איז ער אלעמאל געשטאנען אויף דעם פעסטן באדן פון דעם פיזישן באגריף

---

איז אין אים, איז געקומען מיט אים אויף דער וועלט און איז אים געגעבן געווארן פון דער נאטור, נאר כדי זיי זאלן צוגעבן דער מאראל די קרוין פון פארענדיגטקייט." („געשיכטע דער עטיק," ב. 1, ז. 70 פון דער רוסישער איבערזעצונג, אונטער דער רעדאקציע פון וו. סאלאוויאוו, ארויסגעגעבן אין 1896). אט די ציטאטע באווייזט, אז דער באגריף פון מאראל ווי א מיטגעבוירענע אייגנשאפט פונם מענשן איז געווען א סך מער פארשפרייט צווישן די דייטשע אידער דאס האט זיך אויסגעדריקט אין זייערע שריפטן.

פ ו ן ד י ע ר ש י י נ ו נ ג ע ן. אפילו אין זיינע געוואגטעסטע השערות וועגן דעם געבוי פון מאַטעריע איז ער פארבליבן א פיזיקער און האָט געשטרעבט אויסצודריקן זיינע היפּאָטעזן אויף א מאַטעמאַטישער שפּראַך.

ארויסגעבנדיג זיינע ווערק אין פראַנקרייך, וועלכע האָט נאָך דאַמאָלסט זיך ניט געהאט באפרייט פון דעם יאָך פון דער קאַטוילישער קירך, ווי ענגלאנד האָט זיך קירצליך באפרייט, איז דעקארט געווען געצוואונגען ארויסצוזאָגן זיינע שלוסן מיט גרויס פאָרזיכטיקייט. * שוין אין יאָר 1628 איז אים אויסגעקומען צו פאַרלאָזן פראַנקרייך און זיך באַזעצן אין האָללאַנד, וואו ער האָט ארויסגעגעבן זיינע „פילאָסאָפישע עססעים“, וועלכע זיינען ארויסגעגאַנגען אין יאָר 1637. אין דעמדאָזיגן ווערק איז אריין זיין פונדאַמענטאַלעס ווערק „אָפּהאַנדלונג וועגן דעם מעטאָד“, וואָס האָט געהאט א טיפן איינפלוס אויף דער אנטוויקלונג פון פילאָסאָפישן געדאַנק, און האָט אוועקגעלייגט דעם גרונט פון דעם מ ע כ אַ נ י ש ן באגריף פון דער נאַטור.

ספּעציעל מיט דער פראַגע וועגן מאָראל און איר שייכות צו רעליגיע האָט זיך דעקארט ווייניג באשעפטיגט, און זיינע מיינונגען וועגן מאראַלע פראַגן קאָן מען אויסגעפינען נאָר פון זיינע בריף צו דער שוועדישער פּרינצעסין כריסטינע. אפילו די שייכות פון וויסנשאפט צו דער רעליגיע בכלל האָט אים ווייניג אינטערעסירט, און צו דער קירך האָט ער זיך באצויגן זייער איינגעהאלטן, ווי אלע פראַנצויזישע שריפטשטעלער פון יענער צייט. דאס פארברענען פון זשאָרדאַנאָ ברונאָ איז נאָך געווען פריש אין די מוחות. דאָך

* אזוי צ.ב.ש. קאָן מען זען פון דעקאַרט׳ס בריף צו זיין פריינד מערסען, אין יולי 1633 און אין יאנואר 1634, וואָס לאנגע ברייננגט אין זיין „געשיכטע פון מאַטעריאליזם“ (69טע באמערקונג צום צווייטן טייל פון ערשטן באַנד), אז ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון גאלילעאָס צווייטן אַרעסט דורך דער אינקוויזיציע און וועגן דעם אורטייל געגן זיין בוך — לויט אלער וואָרשיינליכקייט פאר זיין מיינונג, אז די ערד דרייט זיך — איז דעקארט געווען גרייט זיך אָפּצוזאָגן פון דערדאָזיגער מיינונג, וואָס ער האָט זיך געקליבן ארויסצוזאָגן אין זיין ווערק. עס זיינען פאראַן אָנווייזונגען אויך אויף אנדערע הנחות פון דעמזעלביגן סאָרט.

אבער האָט דעקאַרט׳ס פּאַרזוך צו דערקלערן דאָס לעבן פונם וועל־טאַל דורך פיזישע ערשיינונגען, וואָס זיינען אונטערוואָרפן דער פּינקטליכער מאַטעמאַטישער פאָרשונג (וועלכע איז באַלד באַ־קאַנט געוואָרן אונטער דעם נאָמען „קאַרטעזיאַניזם״), האָט אַזוי באַזייטיגט די גאַנצע לערע פון דער קירך, אַז די קאַרטעזיאַנישע פילאָסאָפיע איז באַלד געוואָרן פּונקט אַזאַ געוועזן צו באַפרייען דאָס ווי ס ן פון דער אַ מ ו נ ה, ווי דאָס איז שוין געווען דער „אינדוקטיווער מעטאָד״ פון בעיקאָן.

דעקאַרט האָט זיך אויסגעהיט צו מאַכן וועלכע עס איז אַטאַקעס אויף דער קירך, און האָט אפילו געבראַכט אַ צאָל ראיות פאַר דער עקזיסטענץ פון גאָט; זיי זיינען אָבער אַרויסגעדרונגען געוואָרן פון אַזוינע אַבסטראַקטע חקירות, אַז זיי האָבן געמאַכט דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן געבראַכט געוועזן נאָר כדי אויסצומיידן אַ באַשול־דיגונג אין גאָטלאָזיקייט. אין דערזעלביגער צייט איז דער גאַנ־צער וויסנשאַפטליכער טייל פון דעקאַרטס אַנשויאונגען געווען אַזוי צונויפגעשטעלט, אַז מען האָט אין אים ניט געזען קיין אַריינמישונג פון דעם ווילן פון אַ באַשעפער. דעקאַרט׳ס גאָט, ווי שפּעטער אויך ספּינאָזאַ׳ס גאָט, איז געווען דער גרויסער גאַנצער וועלט־בנין, די נאַטור אַליין. ווען ער האָט געשריבן וועגן דעם פּסיכישן לעבן פון מענשן, איז ניט קוקנדיג אויף דעם דאַמאָלסטיגן קנאַפּן וויסן בנוגע דעמדאָזיגן געביט, האָט ער פונדעסטוועגן זיך פּרובירט געבן דעם ענין אַ פיזיאָלאָגישע דערקלערונג.

דערפאַר, אויפ׳ן געביט פון די עקזאַקטע וויסנשאַפטן, דער־הויפּט אויפ׳ן געביט פון דער מאַטעמאַטישער פאָרשונג פון די פּי־זישע דערשיינונגען, זיינען דעקאַרט׳ס פאַרדינסטן געווען אומגע־הויער גרויס. מען קאָן דרייסט זאָגן, אַז מיט זיינע נייע מעטאָדן פון מאַטעמאַטישער פאָרשונג, דער עיקר אין דער פון אים געשאַ־פענער אַנאַליטישער געאָמעטריע, האָט ער באַשאַפן אַ נייע וויסנ־שאַפט. ער האָט ניט נאָר אַנטדעקט נייע מעטאָדן, נאָר ער האָט זיי אויך אָנגעווענדט אויף דער אויספאָרשונג פון איינינגע פון די שווער־סטע פּראָבלעמען פון דער וועלט־פיזיק — נעמליך אויף דער אויס־פאָרשונג אין דעם אומענדליכן וועלט־רוים פון די ווירבל־שנעלע באַוועגונגען פון די אומענדליך־קליינע טיילכלאַך מאַטעריע. ערשט איצטער, גאָר ניט לאַנג צוריק, איז די פיזיקע, וואָס האָט זיך באַ־

שעפּטיגט מיט דער אויספאָרשונג פון דעם וועלט־עטהער, ווידער צוגעקומען צו אַט די גרונטליכע פּראָבלעמען פון דעם לעבן פון דעם וועלט־בנין.

דעקאַרט, אַזוי ווי בעיקאָן, געבנדיג דער וויסנשאַפט אַ נייעם מעטאָד אויף אַריינצודרינגען אין די סודות פון דער נאַטור, האָט צוזאַמען דערמיט באַוויזן די מעכטיקייט פון דער וויסנשאַפט אין פאַרגלייך מיט דער ניכטיקייט פון דעם אַבערגלויבן און די אינטו־איטיווע, ד. ה. די טרעף־ און ווערטערדיגע דערקלערונגען.

קאָפּערניקוס האָט באַוויזן ניט לאַנג פאַר דעם, אַז די ערד, אויף וועלכער מיר לעבן, איז מער גאָרנישט ווי איינע פון די פּלאַנעטן, וואָס דרייען זיך אַרום דער זון, און אַז די אומצייליגע מאַסע שטערן וואָס מיר זעהען, שטעלט פאַר מיליאָנען פון אַזוינע וועלטן ווי אונ־זער זונען וועלט. אויף דעם אופן האָט זיך פאַר דעם מענשן אויפ־געשטעלט אין איר גאַנצער גרויסקייט די רעטעניש פון דעם וועלטאַל און זיין געבוי; און דעם מענשנס שכל האָט גענומען זוכן די דער־קלערונג פון דעם לעבן פון דער וועלט. בעיקאָן האָט דער ערשטער זיך אַרויסגעזאָגט אין אַ פּאָזיטיוון זין, אַז די דערפאַרונג און דער אינדוקטיווער מעטאָד קאָנען אונז העלפן דערקלערן דאָס דאָזיגע לעבן; דעקאַרט ווידער האָט געשטרעבט אַריינצודרינגען אין דאָס דאָזיגע לעבן און אויפכאַפּן ווייניגסטנס איינעגע פון אירע פונדאַ־מענטאַלע געזעצן — די וואָס ווירקן ניט נאָר אין די גרעניצן פון אונזער זונען סיסטעם, נאָר אויך ווייט איבער אירע גרעניצן, אין דער שטערן־וועלט.

אמת, אַז זוכנדיג די גרונטן פון דער נאַטור דערקענטעניש אין מאַטעמאַטישן דיינקען, ווי עס האָבן געטרוימט וועגן דעם פּיטאַ־גאָראַס און זיינע תלמידים, און פון די נעהענטערע פאָרגייער, ושאָרדאַנאָ ברונאָ, האָט דעקאַרט דערמיט אַליין פאַרשטאַרקט די באַדייטונג פון דער מעטאַפיזיקע אין דער פילאָסאָפיע פון 17טן און 18טן י. ה. און האָט געהאָלפן אַרויפציען דעם פנים פון וויסנ־שאַפטליכקייט אויף איר זוכעניש פון פּאָזיטיווען וויסן ניט אין דער באַאָבאַכטונג פון דערפאַרונג, נאָר אויפן געביט פונם אַבס־טראַקטן דיינקען. אָבער דערפאַר האָט דעקאַרט אויך אָוועקגע־

שטעלט די פיזיקע אויף יענעם באַדן, וואָס האָט איר געגעבן די מעגליכקייט אין 19טן י. ה. צו אַנטדעקן, אַז דער עצם פון היץ און עלעקטריציטעט באַשטייט אין וויבראַציעס פון מאָלעקולן, און שפּעטערביים סוף פון דעמזעלביגן יאָרהונדערט, צו דערגיין ביז צו דער אַנטדעקונג פון אַ מיינגע אומזיכטבאַרע וויבראַציעס, צווישן וועלכע די רענטגענישע שטראַלן זיינען געווען נאָר דער ערשטער אריינטריט אין אַן אומגעהויערן געביט, וואו עס מערקט זיך שוין אַ ריי אַנדערע אַנטדעקונגען, אויך אַזוינע וואונדערבאַרע ווי די דאָזיגע שטראַלן, אָדער ווי די דראָטלאָזע טעלעפאָנען, וועלכע גיבן איבער דעם קלאַנג פון ווערטער אויף אַ מרחק פון טויזנטער מיילן.

בעיקאָן האָט באַגרינדעט אַ נייעם מעטאָד פון וויסנשאַפטליכער פאָרשונג און האָט פאָראויסגעזען די אַנטדעקונגען פון לאַמאַרק און דאַרווין, אַנווייזנדיג אַז אונטער דעם איינפלוס פון די געענדערטע אויסערליכע אומשטענדן אין דער נאַטור ווערן שטענדיג געשאַפן נייע מינים געוויקסן און בעלי חיים; און דערקאַרט מיט זיין „טעאָריע פון דיווירבל־באַוועגונגען" האָט אַזוי גוט ווי פאָראויסגעזען די וויסנשאַפטליכע אַנטדעקונגען פון 19טן יאָרהונדערט.

**ג אַ ס ס ע נ ד י** (געב. 1592, געשט. 1655). — ריידנדיג וועגן עפּיקורוס'ן, אין פינפטן קאַפּיטל, האָב איך שוין דערמאָנט וועגן דעם איינפלוס, וואָס עפּיקורוס'עס לערע האָט געהאַט אין משך פון פינף יאָרהונדערטן אין גריכנלאַנד און דערנאָך אויך אין דער רוימישער וועלט. די סטאָאיקער האָבן שטאַרק געקריגט אויף אים, אָבער אַזוינע אַנגעזעענע פאַרשטייער פון דעם סטאָאיציזם ווי סענעקאַ און אפילו עפּיקטעטוס, זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם עפּיקורעאיזם. באַזיגט האָט אים נאָר דאָס קריסטנטום; אָבער צווישן די קריסטן, ווי גיך האָט באַמערקט, האָבן לוציאַן און אפילו דער „הייליגער אויגוסטין" אים געצאָלט צינזן.

אין דער רענעסאַנס עפּאָכע, ווען מען האָט אָנגעהויבן זוכן און שטודירן די מאָנומענטן פון דער גריכיש־רוימישער געלערנטקייט, האָבן די דיינקער פון פאַרשיידענע ריכטונגען, וואָס האָבן געוואָלט זיך באַפרייען פון דעם יאָך פון די קירכן, זיך געווענדט מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט צו די שריפטן פון עפּיקורוס און זיינע

נאָכפאָלגער: *דיאָגענעס* פון לאַערטעס, *ציצעראָן* און *לוקרעציוס*, וועלכער איז אגב געווען איינער פון די גאָר ערשטע פאָרגיינגער פון דעם היינטיגן נאַטורוויסנשאַפטליכן באַגריף פון דער וועלט.

די הויפט קראַפט פון עפיקורוס'עס לערע איז געווען, ווי מיר האָבן געזען, דאָס, וואָס אָפּלייקענענדיג יעדע איבערנאַטירליכקייט, האָט זי אָפּגעלייקנט אויך די איבערנאַטירליכע אָפּשטאַמונג פון דעם מאָראַלן געפיל ביים מענשן. זי האָט דערקלערט דעמדאָזיגן געפיל דורך דעם פאַרנינפטיגן זוכן פון גליק; אָבער גליק, האָט עפיקורוס געזאָגט, באַשטייט ניט בלויז אין דער באַפרידיגונג פון די פיזישע נויטן, נאָר אין דער מעגליכסט גרעסטער פולקייט פון לעבן, ד. ה. אויך אין דער באַפרידיגונג פון די העכסטע פאָדערונגען און געפילן, איינשליסנדיג דעריין אויך די פאָדערונג פון פריינדשאַפט און געזעלשאַפטליכקייט. אין אָט דער פאָרם האָבן טאַקע גענומען פראָפּאַגאַנדירן דעם „עפיקורייאיזם" אַלע די, וועלכע האָבן אָפּגעלייקנט די קירכליכע מאָראַל.

שוין אין דער אַנדער העלפט פון 16טן י. ה. איז אין פראַנקרייך אַרויסגעטראָטן אין אָט דער ריכטונג מאָנטעין, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט אויבן. עטוואָס שפּעטער, אין 17טן י. ה., איז געשטאַנען אויף עפיקורוס'עס שטאַנדפּונקט אין פראַגן פון דער מאָראַל דער פילאָסאָף פּיער גאַססענדי — אַ געבילדעטער גלח און אין דערזעלביגער צייט אַ פיזיקער, מאַטעמאַטיקער און דיינקער.

נאָך אין יאָר 1624, בעת ער איז געווען אַ פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע אין דרום־פראַנקרייך, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ווערק אויף לאַטייניש, וואָס איז געווען אָפּן געריכטעט קעגן די לערען פון אַריסטאָטעל, וועלכע האָבן דאַמאָלסט געקיניגט אין די קירכליכע שולן. * אין דער אַסטראָנאָמיע האָט גאַססענדי אַנטקעגן

* פון דעמדאָזיגן ווערק האָט ער געמוזט אַרויסוואַרפן, אויף דעם ראָט פון זיינע פריינט, גאַנצע פינף קאַפּיטלען; וואָרום פאַר אַריסטאָטלען און פּטאָלאָמייען, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די ערד שטייט אין צענטער פון דער וועלט און אַרום איר דרייען זיך די זון, די פּלאַנעטן און אַלע שטערן, איז די קירך געשטאַנען שטאָל און אייזן, זיך אָנשפּאַרנדיג אויף די אָנדערקענטע הייליגע ביכער, און אינגאַנצן מיט פינף יאָר

אַריסטאָטעלן אָוועקגעשטעלט קאָפּערניקוס'ן, וועלכער האָט אין
יענער צייט באַוויזן, ווי באַקאַנט, אַז די ערד איז גאָרניט דער צענ־
טער פון דעם וועלט־געבוי, נאָר איינער פון די ניט־גרויסע באַגליי־
טער פון דער זון, און דערפאַר האָט אים די קירך געהאַלטן פאַר אַ
געפערליכן אפּיקורוס. אין די פראַגן, ווידער, פון מאָראַליטעט איז
גאַססענדי געשטאַנען אינגאַנצן אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון עפּיקורוס.
א מענש, האָט ער באַהויפּטעט, זוכט אין לעבן פריער פאַר אַלץ
„גליק און פאַרגעניגן"; אָבער דיביידע זאַכן דאַרף מען פאַרשטיין,
ווי דאָס האָט שוין געלערנט דער גריכישער פילאָסאָף, גאַנץ ברייט:
ניט בלויז אין זין פון קערפּערליכע פאַרגעניגנס, וואָס כדי זיי צו
קריגן איז אַ מענש קאַפּאַבל צו טאָן אַנדערע מענשן שלעכטס, נאָר
דער עיקר אין דעם זין פון גייסטיגער באַרואיגונג, וועלכע קאָן דער־
גרייכט ווערן נאָר דאַן, ווען אַ מענש זעט אין אַנדערע ניט קיין
שונאים נאָר חברים. גאַססענדי'ס ווערק האָבן אויף אָט דעם אופן
פאַרענטפערט די דאַמאָלסטיגע פאָדערונגען פון די געבילדעטע
מענשן, וועלכע האָבן שוין געשטרעבט צו באַפרייען זיך פון דעם
יאָך פון דער קירך און אַלערליי אָבערגלויבנס, הגם זיי האָבן נאָך
ניט איינגעזען די נויט פון אַ וויסנשאַפטליכן באַגריף איבער דער
נאַטור בכלל. דערפאַר האָבן זיי דאַמאָלסט לייכטער געשטרעבט צו
דעם נייעם אידעאַל פון געזעלשאַפטליכן לעבן, וואָס איז געבויט
אויף דער גלייכבאַרעכטיגונג פון מענשן. אַזאַ אידעאַל האָט אָנגע־
הויבן קלאָר צו ווערן ערשט שפּעטער, אין 18טן יאָרהונדערט.

פּ י ע ר ב ע י ל (געב. 1637, געשט. 1706). — פון דער
צייט פון בעיקאָן און דעקאַרט, ד. ה. זינט דער ווידערגעבורט פון
דער נאַטור־וויסנשאַפטליכער פאָרשונג פון דער נאַטור, האָט זיך

צוריק איז ו ו אַ נ י נ י פאַרברענט געוואָרן אויפ'ן שייטערהויפן
פאַר אַן ענליכן אפּיקורסישן ווערק. אַ חוץ דעם האָט גאַססענדי אויך
אָפּגעלייקנט דעקאַרט'ס לערע וועגן דעם געבוי פון דער מאַטעריע, און
האָט אַרויסגעזאָגט זיין אייגענעם באַגריף, וועלכער איז זייער נאָענט
צו דער איצטיגער אַטאָמישער טעאָריע. צוויי ביכער וועגן עפּיקורוס'ן
האָט גאַססענדי נאָך אַליין אַרויסגעגעבן, זייענדיג פּראָפעסאָר אין קאָ־
לעדזש דע פראַנס; זיין גרינטליכעס ווערק, אָבער וועגן עפּיקורוס'עס
פילאָסאָפיע איז ערשט אַרויסגעגאַנגען נאָך זיין טויט.

אָנגעהויבן, ווי מיר האָבן געזען, אַ נייע ווענדונג אויך אין דער עטיק. די דיינקער האָבן גענומען זוכן אין דער מענשליכער נאַטור גופא די נאַטירליכע קוואַלן פון מאָראַליטעט. האָבבס, וועלכער האָט געלעבט עטוואָס שפּעטער איידער די צוויי נאָר־וואָס דער־מאָנטע באַגרינדער פון דער היינטיגער נאַטורוויסנשאַפט (זיינע הויפּטווערק געהערן צום מיטן פון 17טען י. ה., דאָס הייסט צו די יאָרן פון 1642 ביז 1658) האָט אַנטוויקלט, ווי מיר האָבן געזען אַ גאַנצן סיסטעם פון עטיק, וואָס איז געווען פריי פון רעליגיע.

ליידער האָט האָבבס צוגעטראָטן צו זיין אַרבעט, ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, מיט גאַנץ פאַלשע פאָרשטעלונגען וועגן דער פּרימיטיווער מענשהייט און בכלל וועגן דעם מענשנס נאַטור, און דעריבער איז ער געקומען צו גאַנץ פאַלשע שלוסן. אָבער די נייע ריכטונג אין דער מאָראַל־פאָרשונג איז שוין געגעבן געוואָרן, און זינט יענער צייט האָבן פיל דיינקער געאַרבעט צו באַווייזן, אַז דאָס מאָראַלע אינם מענשן באַווייזט זיך אַרויס ניט אויס מורא פאַר באַשטראָפונג אויף דער אָדער יענער וועלט, נאָר ווי אַ נאַ־טירליכע אַנטוויקלונג פון די גרונט־איינשאַפטן גופא פון דעם מענשנס נאַטור. נאָך מער, אין דער היינטיגער מענשהייט, אין דעם ערך וואָס זי באַפרייט זיך פון די שרעקן, וואָס די רעליגיעס האָבן אויף איר אָנגעטריבן, באַווייזט זיך אַ באַדערפעניש צו שטעלן דעם געזעלשאַפטליכן לעבן אַלץ העכערע אויפגאַבן, און אויף דעם אופן צו פאַרפולקאָמען אַלץ מער און מער דעם אידעאַל פון דעם מאָ־ראַלן מענשן.

מיר האָבן שוין געזען ווי אַזוי עס האָט זיך אַרויסגעזאָגט אין אַט דער ריכטונג דער פאַנטעאיסט ספּינאָזאַ, דעקאַרט׳ס פאָרטזע־צער, און זיין איינצייטלער לאָקק. אָבער נאָך קלערער האָט זיך אַרויסגעזאָגט אין פראַנקרייך פיער בעיל, וואָס האָט געלעבט אין איין צייט מיט לאָקק.

זיך ערציענדיג אויף דעקאַרט׳ס פילאָסאָפיע, האָט ער מיט זיין מערקווירדיגער ענציקלאָפּעדיע * אָוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט

---

* „דיקסיאָנער איסטאָריק ע קריטיק“, וואָס איז דערשינען צוערשט

פאר דעם נאטורוויסנשאפטליכן וועלט־באגריף, וועלכער האט באלד באקומען אן אומגעהויערע באדייטונג אין דער גייסטיגער אנט־וויקלונג פון דער מענשהייט, א דאנק די ארבעטן פון יוהם, וואלטער, דידערא און די ענציקלאפעדיסטן בכלל. ער האט דער ערשטער געשטרעבט צו באפרייען די לערען וועגן מאראל פון זייער רעלי־גיעזער באגרינדונג.

בעיל האט באוויזן פון די אויסטייטשונגען פון דער קירך גופא, אז דער אומגלויבן וואלט זיך געקאנט רעכענען פאר דעם קוואל פון שלעכטע זיטן, אדער ווי א אונטערשטיצונג פון שלעכטע מדות, נאר אין דעם פאל, ווען גלויבן וואלט געהייסן בלויז די ליבע צו גאט ווי צו דעם העכסטן מאראלן אידעאל. אין דער אמתן איז אזא גלויבן ניטא. דער גלויבן, ווי מען וויים, האט אנאנדער כא־ראקטער און גייט צוזאמען מיט א סך אבערגלויבנס. אויסער דעם, דער פאקט פון סתם האלטן געוויסע פארמולעס, און אפילו דער אויפריכטיגער גלויבן אין דער אמת'קייט פון די עיקרים פון דער רעליגיע, גיט נאך ניט קיין כחות זיי צו פאלגן, און דעריבער פאר־בינדן אלע רעליגיעס, צוזאמען מיט זייערע לערען, נאך די מורא פון באשטראפונג פאר ניט מקיים זיין זיי. פון דער אנדער זייט קאן די מאראל, ווי עס איז באקאנט, אויסגעצייכנט זיך איינלעבן מיט דעם אטעאיזם.

דערפון קומט ארויס, אז מען מוז נאכפאלגן, *צי זיינען ניט פאראן אין דעם מענשנס נאטור גופא מאראלע יסודות, וואס שטאמען פון דעם צוזאמענלעבן פון מענשן?* און ריכטנדיג זיך לויט דידאזיגע געדאנקען האט בעיל באטראכט די גרונטלאגן פון מאראליטעט ווי אן „אייביגער געזעץ,“ אבער ניט פון א געטליכער אפשטאמונג, נאר ווי א גרונטליכער געזעץ פון דער נאטור, אדער ריכטיגער — ווי א גרינטליכער פאקט אירער.

---

אין ראטערדאם, אין 1696 אין צוויי בענד, און שפעטער אין 16 בענד. גאר צום ערשטן האט בעיל ארויסגעזאגט זיינע אנטירעליגיעזע מיינונ־גען אין יאר 1680, רייזנדיג וועגן דעם קאמעט, וואס האט זיך דאמאלסט באוויזן און ארויסגערופן אזוי פיל אבערגלויבן, אין זיין בראשור „פאר־שיידענע באטראכטונגען מכח דעם קאמעט,“ וועלכע איז, פארשטייט זיך, פארבאטן געווארן גלייך ווי זי איז דערשינען.

לייזיער איז בעיל'ס אינטעלעקט געווען מער ווי אַלץ אַ אינטעלעקט פון אַ צווייפלער־קריטיקער און ניט פון אַ שאַפּער פון אַ נייעם סיסטעם, און דעריבער האָט ער זיין געדאַנק וועגן דער נאַטירליכער אָפּשטאַמונג פון דאָס מאָראַלע אינם מענשן ניט אויסגעארבעט. אבער ער האָט אפילו זיין קריטיק ניט דערפירט ביז צום סוף, וואָרים עס האָט זיך אויפגעהויבן אַנטקעגן אים אַזאַ פאַרביטערטער כעס אין דעם לאַגער פון דער קירך און אין די רעגירנדע קרייזן, אַז ער האָט געמוזט שטאַרק מילדערן די אויסדרוקן פון זיינע געדאַנקען. דאָך איז נאָך אַלעם דעם זיין קריטיק אויף די אַלטע בליקן איבער מאָראַל און אויף דער געמעסיגטער רעליגיעזיטעט געווען אזוי שטאַרק און אזוי שאַרפזיניג, אַז אין אים קאָנען מיר שוין זען דעם דירעקטן פאַרגייענגער פון העלוועציוס, וואָלטער און די ענציקלאָפּעדיסטן פון 18טן יאָרהונדערט.

ל י אַ ר אָ ש פּ ו ק אָ (געב. 1613, געשט. 1680). — אָבוואויל לאַראָשפוקאָ, וואָס האָט געלעבט אין איין צייט מיט בעיל, איז ניט געווען קיין פילאָסאָף, וואָס האָט געשאַפן אַן אייגענעם פילאָסאָפישן סיסטעם, פונדעסטוועגן קאָן זיין, אַז ער האָט מיט זיין ווערק „רעגעלן“ נאָך אין אַ גרעסערן גראַד ווי בעיל צוגעגרייט דעם באָדן אין פראַנקרייך פאַר דער שאַפונג פון אַ מאָראַל, וואָס הענגט ניט אָפּ פון דער רעליגיע. ליאַראָשפוקאָ איז געווען אַ וועלטליכער מענש און האָט זיך די גאַנצע צייט ארומגעדרייט אין דער העכערער געזעלשאַפט. ווי אַ פיינער פסיכאָלאָג און אַן אויפמערקזאַמער באַאָבאַכטער, האָט ער גוט איינגעזען די גאַנצע פוסטקייט פון דער העכערער פראַנצויזישער געזעלשאַפט פון זיין צייט, איר גאַנצע צביעות און אייטלקייט, אויף וועלכע איר לפנימדיגע טוגנד איז געווען געבויט. ער האָט געזען, אַז די מענשן פון זיין קרייז לעבן אין תוך אריין בלויז מיט די פאַרלאַנגען פון פערזענליכע נוצן און פערזענליכע באַפרידיגונגען. ער האָט אויסגעצייכנט איינגעזען, אַז די אָפיציעלע רעליגיע האַלט ניט אָפּ די מענשן פון אוממאָראַלע האַנדלונגען, און ער האָט מיט פינצטערע פאַרבן געמאָלן דאָס לעבן פון די מענשן פון זיין צייט. אויפן גרונט פון די באַאָבאַכטונגען פון דעמדאָזיגן לעבן איז ער געקומען צום שלוס, אַז דער עגאָאיזם

איז דער איינציגער באוועגער פון דער מענשליכער טעטיקייט, און
אט דער געדאנק איז דער יסוד פון זיין בוך. דער מענש, זאגט
לאראשפוקא, האט נאר ליב זיך אליין; אפילו אין אנדערע מענשן
האט ער ליב זיך; אלע מענשליכע ליידנשאפטן און צוגעבונדנקייטן
זיינען נישט מער ווי פארשיידענע פארמען פון א שלעכט־פארדעקטן
עגאאיזם. אפילו דעם מענשנס בעסטע געפילן האט לאראשפוקא
דערקלערט דורך עגאאיסטישע אורזאכן; אין געוואגטקייט און מור־
טיקייט האט ער געזען איטלקייט, אין גרויסמוט דעם שורש פון
גאוה, אין פרייגעביקייט בלויז כבוד־זוכעניש, אין באשיידנקייט —
צביעות, א. אז. וו. ניט קוקנדיג אבער אויף זיין גאנצן פעסימיזם,
האט לאראשפוקא מיט זיין בוך שטארק מיטגעהאלפן דער אויפ־
וואכונג פון דעם קריטישן געדאנק אין פראנקרייך, און זיינע „רע־
געלן פון לעבן," צוזאמען מיט דעם בוך פון זיין צייט־גענאסע ל א־
ב ר ו י ע ר, „די כאראקטערן," זיינען געווען די פארשפרייטסטע
און באליבטסטע ביכער אין פראנקרייך אין דער צווייטער העלפט
פונם 17טן און אנהויב 18טן יארהונדערט.

ל א ־ ב ר ו י ע ר (געב. 1639, געשט. 1696) איז געווען ווי־
ניגער פעסימיסטיש איידער לאראשפוקא, אבוואויל ער מאלט אויך
די מענשן ווי אומגערעכטע, אומדאנקבארע, אומדערבארמליכע און
עגאאיסטן בטבע, נאר ער געפינט, אז די מענשן פארדינען איינ־
זעהעניש, ווייל זיי מאכט שלעכט דער בייזער שיקזאל פון לעבן:
דער מענש איז מער אומגליקלאך איידער פארדארבן.

אבער ניט בעיל, ניט לאראשפוקא, ניט לא־ברויער, אפלייקע־
נענדיג די רעליגיעזע מאראל, האבן ניט געקאנט באשאפן קיין סיס־
טעם פון מאראל, וואס זאל זיין געבויט אויף ריין נאטירליכע גע־
זעצן; דאס האבן פרובירט טאן עטוואס שפעטער לאמעטרי, העל־
וועציוס און האלבאך.

ל א מ ע ט ר י (געב. 1709, געשט. 1751). — לאמעטרי איז
געווען איינער פון די אומרואיגסטע גייסטער פון 18טן י. ה. אין
זיינע ווערק האט ער דערקלערט קריג אלע מעטאפיזישע, רעליגיעזע
און פאליטישע טראדיציעס; און נאך האבבס'ן האט ער באארבעט
דעם מאטעריאליסטישן וועלט־באגריף מיט אזא געוואגטקייט, ווי

דאָס איז באַארבעט געוואָרן אין אונזער צייט. אין די 50יגער און 60יגער יאָרן פון דעם 19טן יאָרהונדערט. אין זיינע ווערק, „די נאַטירליכע געשיכטע פון דער נשמה", „דער מענש א פלאַנץ," „דער מענש א מאַשין" האָט ער אָפּגעלייקנט די אומשטערבליכקייט פון דער נשמה און פּראָפּאַגאַנדירט מאַטעריאַליסטישע אידייען. שוין די נעמען אליין פון דידאַזיגע ווערק, באַזונדערס דער נאָמען פון דעם בוך „דער מענש א מאַשין", וואָס איז ארויסגעגאַנגען אין פּאַריז, אין יאָר 1748, באַווייזט, ווי אזוי ער האָט פאַרשטאַנען די נאַטור פון דעם מענשן. „אונזער נשמה, האָט געזאָגט לאַמעטרי, באַקומט אַלץ פון די חושים און עמפינדונגען, און א חוץ דער מאַטעריע, וואָס איז אונטערוואָרפן צו מעכאַנישע געזעצן, איז אין דער נאַטור גאָרנישט ניטאָ". פאַר זיינע אידייען איז לאַמעטריע ארויסגעטריבן געוואָרן פון פראַנקרייך און זיין בוך „דער מענש א מאַשין" איז פאַרברענט געוואָרן פון דעם היינקער אין פאַריז. אין איין צייט מיט לאַמעטריע האָט אויך אַנטוויקלט די מאַטעריאַליסטישע וועלטאַנשויאונג קאָנדילאַק (געב. 1715, געשט. 1780), וועלכער האָט דערקלערט זיינע אידייען אין צוויי ווערק — „א פאָרשונג וועגן דער אַנטשטייאונג פון דעם מענשנס דערקענטעניש" (1746) און „אַן אָפּהאַנדלונג וועגן די עמפינדונגען" (1754).

קלאָד העלוועציוס (געב. 1715, געשט. 1771). — אין דער געשיכטע פון דער גייסטיגער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט שטעלט דער 18טער י. ה. מיט זיך פאָר א מערקווירדיגע צייט. א גאַנצע ריי דיינקער, וואָס זיינען געוואָרן פּראָמינענט אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך, האָבן פולשטענדיג איבערגעבויט די סאַמע פונדאַמענטן פון אונזער וועלטאַנשויאונג, סיי בנוגע דער אויסערליכער וועלט, סיי בנוגע אונזער באַגריף וועגן אונז אליין און וועגן אונזערע מאָראַלע באַגריפן. דער פראַנצויזישער פילאָסאָף קלאָד העלוועציוס האָט פּרובירט אין מיטן פון 18טן י. ה. אונטערצופירן א סך הכל פון די עראָבערונגען פון דעם וויסנשאַפטליכן געדאַנק אין זיין באַרימטן בוך „וועגן דעם פאַרשטאַנד". אין דעמדאָזיגן בוך האָט העלוועציוס באַשריבן אין א פּאָפּולערער און לעבעדיגער פאָרם אַלע וויסנשאַפטליכע עראָבערונגען פון 18טן און סוף 17טן

י. ה. דערהויפּט אויפן געביט פון מאָראַל.

אויף דער פאָדערונג פון די פּאַריזער גלחים איז העלוועציוס׳עס בוך פאַרברענט געוואָרן אין יאָר 1759, אָבער דאָס האָט ניט געשטערט צו פאַרשאַפן דעם בוך נאָך א גרעסערן ערפאָלג. העלוועציוס׳עס אידייען קאָנען איבערגעגעבן ווערן אין אלגעמיינע שטריכן ווי פאָלגט: דער מענש איז אַן עמפינדליכע חיה; אין גרונט פון דער מענשליכער נאַטור ליגט עמפינדונג, פון וועלכער עס קומען ארויס אלע פאָרמען פון דער מענשליכער טעטיקייט, וואָס פירט צו געניוס און ליידן. דעריבער דינט דער העכסטער מאָראַלער געזעץ דערצו, מען זאָל זוכן גענוס און אויסמיידן ליידן. לויט דעם אורטיילן מיר וועגן די אייגנשאפטן פון זאַכן און וועגן די האַנדלונגען פון אנדערע מענשן, אָנרופנדיג דאָס אנגענעמע און נוצליכע טוגנד און דאָס געגנגעזעצטע — זינד. אין די איידלסטע און אומאייגננוציגע טאַטן זוכט דער מענש בלויז זיין באַפרידיגונג, און ער באַגייט זיי, ווען די באַפרידיגונג וואָס זיי גיבן אים, שטייגט אריבער די ליידן, וואָס האָבן געקאָנט ארויסקומען פון זיי. אין דעם ענין פון אויסבילדן א מאָראַלן כאַראַקטער האָט העלוועציוס צוגעשריבן א גרויסע באַדייטונג דער ערציאונג, וועלכע דאַרף אנטוויקלען אין מענשן דאָס באַוואוסטזיין, אַז אונזערע פּריוואַטע אינטערעסן באַשטייען אין זייער צונויפקומען זיך מיט די אינטערעסן פון אַנדערע מענשן.

העלוועציוס׳עס פילאָסאָפיע און זיינע אָנשויאונגען האָבן געהאַט אַן אומגעהויערן ערפאָלג און ארויסגעוויזן א גרויסן איינפלוס אויף דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט, צוגרייטנדיג דעם באָדן פאַר דעם אויפנעם פון די אידייען פון די ענציקלאָפּעדיסטן, וואָס האָבן ארויסגעטראָטן אין פראַנקרייך אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט.

באַראָן פּאַול דיטריך האָלבאַך (געב. 1723, געשט. 1789.) — אין דערזעלביגער ריכטונג ווי לאַמעטרי און העלוועציוס האָבן אַנטוויקלט זייערע פילאָסאָפישע אָנשויאונגען, האָט אויך געשריבן באַראָן האָלבאַך. זיינע אידייען וועגן מאָראַל האָט ער באַשריבן אין זיין בוך „דער סאָציאַלער סיסטעם“, וואָס איז ארויסגעגאַנגען אין יאָר 1773. דאָס דאָזיגע בוך איז פאַראורטיילט געוואָרן פון דעם פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט אין יאָר 1776.

האָלבאַך האָט געשטרעבט צו באַגרינדן די עטיק אויף ריינ־
נאַטירליכע יסודות אָהן קיינע מעטאַפיזישע הנחות. ער האָט אָנ־
דערקענט, אַז דער מענש שטרעבט צו גליק: זיין גאַנצע נאַטור
ציט אים דערצו, אויסצומיידן ליידן און זוכן באַפרידיגונג. זוכנדיג
זיין צופרידנשטעלונג, ווערט דער מענש געפירט פון זיין פאַר־
שטאַנד, ד. ה. פון זיין וויסן וואָס איז אמתער גליק און וואָס זיי־
נען די מיטלען אים צו באַקומען („סיסטעם סאָסיאַל“, ב. 1, ז. 17).
גערעכטיקייט באַשטייט אין דעם, מען זאָל געבן דעם מענשן די
מעגליכקייט צו מאַכן נוצן, אדער אים ניט שטערן צו באַנוצן זיך
מיט זיינע פייאיקייטן, רעכטן און אַלץ וואָס איז נויטיג פאַר זיין
לעבן און גליק (דאָרט גופא, ב. 1, ז. 104).

האָלבאַכס אידייען וועגן מאָראַל האָבן געטיילט די מערסטע
פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן, וועלכע זיינען געווען מיט אים
שטאַרק באַפריינדעט. זיין סאַלאָן אין פּאַריז האָט געדינט ווי אַן
אָרט, וואו עס זיינען זיך צונויפגעקומען די פּראָמינענטסטע דיינ־
קער פון יענער צייט — דידראָ, ד'אַלאַמבער, גרים, רוססאָ, מאַר־
מאָנטעל און אַנדערע. דורך זיי האָבן האָלבאַכס אידייען באַקומען
זייער ווייטערדיגע אַנטוויקלונג און זיינען געוואָרן איינער פון
די גרונט־עלעמענטן פון דער גאַנצער פילאָסאָפיע פון די ענציקלאָ־
פּעדיסטן. *

ד י ע נ צ י ק ל אָ פּ ע ד י ס ט ן און זייער פילאָסאָפיע
האָבן געגעבן דעם הויפט און כאַראַקטעריסטישן אויסדרוק פון דעם
געדאַנק פון גאַנצן 18טן יאָרהונדערט. די ע נ צ י ק ל אָ פּ ע ד י ע
איז געווען דער קאָדעקס פון אַלץ, וואָס די מענשהייט האָט דער־
גרייכט אויפן געביט פון וויסנשאַפט און פּאָליטיקביים סוף פון דעם
18טן יאָרהונדערט. זי שטעלט מיט זיך פאָר אַן אמתן מאָנומענט
פון דעם וויסנשאַפטליכן געדאַנק פון דעם 18טן י. ה., וואָרים אין
איר האָבן מיטגעאַרבעט אַלע פּראָמינענטע מענשן פון דער פּראָגרע־
סיווער ריכטונג אין פראַנקרייך, און דורך זיי איז אויסגעאַרבעט

---

* מיט האָלבאַכס אידייען האָבן זיך באַנוצט אין א באַדייטנדען
גראַד אויך די ענגלישע אוטיליטאַריסטן.

געוואָרן יענער גייסט פון פארניכטנדער קריטיק, פון וועלכן עס זיינען שפּעטער באַגייסטערט געוואָרן די בעסטע מענשן פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע.

די איניציאַטאָרס און די נשמה פון דער ענציקלאָפּעדיע זיינען געווען, ווי באַקאַנט, די פילאָסאָפן ד י ד ר אָ (געב. 1713, געשט. 1784) און ד׳ א ל א מ ב ע ר (געב. 1717, געשט. 1783). די ענציקלאָפּעדיסטן האָבן אוועקגעשטעלט פאַר זייער ציל די באַפרייאונג פון דעם מענשליכן פארשטאנד דורך דער הילף פון וויסנשאַפט. זיי האָבן זיך געהאַלטן פיינדליך צו דער רעגירונג און צו אַלע טראַדיציאָנעלע אידייען, אויף וועלכע די אַלטע אָרדענונג האָט זיך אָנגעשפּאַרט. קיין חדוש ניט וואָס די רעגירונג און דער קלערוס האָבן פון אָנהויב אָן דערקלערט קריג די ענציקלאָפּעדיסטן און געשטעלט אַלערליי שטערונגען דער פארשפּרייטונג פון דער ענציקלאָפּעדיע.

די עטיק פון די ענציקלאָפּעדיסטן איז, פאַרשטייט זיך, געווען אין איינקלאַנג מיט די אידייען, וואָס האָבן דאַמאָלסט געהערשט אין פראנקרייך. אירע גרונטזאַצן קאָן מען אויסדריקן אזוי: דער מענש שטרעבט צו גליק, און דעריבער פאַרייניגען זיך מענשן אין א געזעלשאַפט; אַלע מענשן האָבן א גלייכן רעכט אויף גליק, ממילא אויך אויף די מיטלען ווי דאָס צו גרייכן; פאָלגליך איז דאָס גערעכטע די אייגענע זאַך ווי דאָס ניצליכע. די מיספארשטענדענישן, וואָס קומען אַרויס פון דעם צוזאַמענשטויס פון פארשיידענע רעכטן, דאַרפן באַזייטיגט ווערן דורך געזעצן, וועלכע זיינען דער אויסדרוק פון דעם אַלגעמיינעם ווילן, און דאַרפן באַלייכטן בלויז דאָס, וואָס איז ניצליך פאַר דעם גליק פון אַלעמען.

אין דערזעלביגער ריכטונג האָט אויך געשריבן דער גלח ר ע י נ א ל (געב. 1713, געשט. 1796), וועמעס ווערק „די געשיכטע פון דער באַזעצונג און דעם האַנדל פון די אייראָפּייער אין אינדיע" געהערט לויט זיין גייסט אַזויפיל צו די ענציקלאָפּעדיסטן, אַז פילע האָבן געמיינט עס איז דידראָ׳ס. דאָס בוך איז געווען געשריבן אזוי אָנציענד, אַז עס האָט אין א קורצער צייט אויסגעהאַלטן איינינגע אויפלאַגן. דער „נאַטירליכער צושטאַנד" פון די ווילדע פעלקער איז געווען געמאָלן אין דעם בוך מיט ריכטיגע

פאַרבן, און עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער אמת וועגן דעם, וואָס די פּרימיטיווע מענשן שטעלן מיט זיך פאָר אין דער ווירקליכקייט, און ניט ווי די פריערדיגע קאַטוילישע מיסיאָנערן האָבן זיי אויסגעמאָלן אין די שוואַרצסטע פאַרבן, ווי טייוואָלים פון גיהנום. צוזאַמען דערמיט האָט רעינאַל פייערדיג געפּריידיגט די נויטוועגדיגקייט צו באַפרייען די נעגרען, אַזוי אַז מען האָט זיין בוך שפּעטער אָנגערופן „דאָס עוואַנגעליום פון די שוואַרץ־הויטיגע“.

אין דעמזעלבן הומאַנעם און צו דערזעלביגער צייט ווייסנשאַפטליכן גייסט האָט אויך געשריבן וועגן דער נויטוועגדיקייט פון מילדערן די זיטן און אָפּשאַפן די ענוים און שטראָפן דער איטאַליענער בעקקאַריאַ (געב. 1738, געשט. 1794). ער האָט פּראָפּאַגאַנדירט אין איטאַליע די אידייען פון די פראַנצויזישע ענציקלאָפעדיסטן און אין יאָר 1764 האָט ער אָנגעשריבן א בוך „וועגן פאַרברעכן און שטראָף“. דאָס בוך איז באַלד איבערזעצט געוואָרן אויף פראַנצויזיש פון דעם אַבבאַט מאָרעללע, און וואָלטער, דידראָ און העלוועציוס האָבן צוגעגעבן זייערע אייגענע הוספות. בעקקאַריאַ האָט אין זיין בוך באַוויזן, אַז די גרויזאַמע באַשטראָפונגען, וואָס זיינען צו יענער צייט פּראַקטיצירט געוואָרן אין איירופּאַ, וואָרצלען ניט נאָר ניט אויס די פאַרברעכנס, נאָר פאַרקערט, זיי מאַכן די זיטן נאָך ווילדער און גרויזאַמער. ער האָט פאָרגעשלאָגן, ווי דעם בעסטן מיטל כדי צו פאַרהיטן פון פאַרברעכנס, צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די פאָלקס־מאַסן.

ביים סוף 17טן און אָנהויב 18טן י. ה. זיינען אין פראַנקרייך דערשינען א גרויסע צאָל „אוטאָפּיעס“, ד. ה. פאַרזוכן אויסצומאָלן ווי אַזוי די מענשליכע געזעלשאַפט וואָלט געקאָנט זיין, ווען זי זאָל געבויט ווערן אויף פאַרנינפטיגע יסודות. די אַלע אוטאָפּיעס זיינען געווען געבויט אויפ׳ן גלויבן אין דער מעכטיקייט פונם שכל און אויך אויפ׳ן גלויבן, אַז די מאָראַל איז אריינגעלייגט געוואָרן אין דער נאַטור גופא פון דעם מענשן. דער פּראָמינענטסטער שרייבער, וואָס איז ארויסגעטראָטן אין פראַנקרייך מיט אַזאַ מין אוטאָפּיע, איז געווען דער אַבבאַט מאָרעללי, וועלכער האָט ארויסגעגעבן אין יאָר 1753 א קאָמוניסטישן ראָמאַן „דער חורבן פון די שווימענדע אינזלען.“ אין דעמדאָזיגן ראָמאַן האָט מאָרעללי געזוכט צו באַווייזן, אַז פעלקער קאָנען דערגרייכן א גליקליך לעבן

ניט אויפ׳ן וועג פון פאליטישע רעפארמען, נאר אויפ׳ן וועג פון מקיים זיין די געזעצן פון דער נאטור. מער בפרטיות האט מארעללי באשריבן זיינע קאמוניסטישע אידייען אין זיין בוך „דער קאדעקס פון דער נאטור, אדער דער אמת׳ער גייסט פון אירע געזעצן״ (פא־ריז, 1755). אין אט דעם ווערק האט מארעללי גענוי באשריבן דעם קאמוניסטישן געבוי פון א געזעלשאפט, אין וועלכער קיין זאך קאן ניט זיין דאס אייגנטום פון א איינצעלנער פערזאן, א חוץ די זאכן פון טעגליכן געברויך.

מארעללי׳ס בוך האט געהאט א געוואלטיגן איינפלוס פאר דער רעוואלוציע און האט א לאנגע צייט געדינט ווי א מוסטער פאר אלע פלענער פון איבערבויען די געזעלשאפט אויף קאמוניסטישע יסודות. פון אים איז זייער ווארשיינליך אינספירירט געווארן מ א ב ל י (געב. 1709, געשט. 1785), וועלכער האט אין זיינע ווערק געפריי־דיגט דעם קאמוניזם און דעם אלגעמיינעם באזיץ פון זאכן. לויט מאבלי׳ס מיינונג איז די הויפט שטערונג, וואס דערלאזט ניט די מענשן לעבן א גליקליכן און מאראלן לעבן, די גייציקייט, און דע־ריבער דארף מען קודם כל פארניכטן „אט דעם אייביגן שונא פון דער גלייכהייט״ און באשאפן אזא געזעלשאפטליכע ארדענונג, וואו קיינער זאל ניט האבן קיין אויסרייד צו זוכן זיין גליק אין דער פארגרעסערונג פון זיין פארמעגן. שפעטער האט זיך באגייסטערט פאר דיזעלביגע אידייען גראקכוס באבעף, וועלכער האט צוזאמען מיט זיינע פריינט בואנאראטי און סילווען מארעשאל צוזאמענגע־שטעלט דעם „בונט פון די גלייכע״, און איז דערפאר פאראורטיילט געווארן צום טויט אין יאר 1796.

צוגלייך מיט דער אוטאפיסטישער קריטיק פון די קאמוניסטן האבן, אנמיטן פון 18טן י. ה., די פיזיאקראטן, בראש פון וועלכע עס איז געשטאנען ק ע נ ע י (Quesnay געב. 1694, געשט. 1794), אונטערנומען א ריין־וויסנשאפטליכע קריטיק פון דער געזעלשאפט פון זייער צייט, און האבן די ערשטע אנגעוויזן אויף דעם גרונט־פעלער פון דער געזעלשאפטליכער ארדענונג: די צעטיילונג פון דער געזעלשאפט אויף א קלאס פראדוצירער און אויף א פארא־זיטישן קלאס אייגנטימער, און האבן גענומען ריידן וועגן דער נאציאנאליזאציע פון דער ערד. די נויטווענדיקייט פון א געזעל־

שאַפטליכן איבערבוי האָט זיך אָנגעהויבן פילן אין פראַנקרייך אַלץ דרינגענדער און דרינגענדער, און מיט דער קריטיק פון דער אַלטער אָרדענונג איז אַרויסגעטראָטן, אין העלפט פון 18טן י. ה., אין פראַנקרייך דער גרעסטער דיינקער פון יענער עפּאָכע, באַראָן מאָנטעסקיע.

**מ אָ נ ט ע ס ק י ע** (געב. 1689, געשט. 1755). — דאָס ערשטע ווערק זיינע, אין וועלכן ער האָט אונטערוואָרפן אונטער קריטיק דעם דעספּאָטיזם און דעם גאַנצן לעבענסאיינשטעל, איז געווען זיינע „פּערזישע בריף“. אין יאָהר 1748 האָט ער פאַרעפנטליכט זיין הויפּט ווערק „דער גייסט פון די געזעצן,“ וואָס איז געווען אַ מערקווירדיג בוך פאַר יענער עפּאָכע. מיט זיין בוך „דער גייסט פון די געזעצן“ האָט מאָנטעסקיע אַריינגעטראָגן אַ נייעם באַגריף פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, ווי אויך פון די זיטן און געזעצן, אויף וועלכע ער האָט געקוקט ווי אויף נאַטירליכע רעזולטאַטן פון דער אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטליכן לעבן אונטער פאַרשיידענע אומשטענדן.

דאָס דאָזיגע ווערק מאָנטעסקיע'ס האָט געהאַט אַן אומגעהויערן איינפלוס אויף אַלע דיינקער פון דער צווייטער העלפט פון 18טן י. ה. און האָט אַרויסגערופן אַ גאַנצע ריי פאָרשונגען אין דערזעלביגער ריכטונג אין דעם אָנהויב פון 19טן יאָרהונדערט. דאָס וויכטיגסטע אין מאָנטעסקיע'ס מערקווירדיגן ווערק איז געווען די אָנווענדונג פון דעם אינדוקטיוון מעטאָד צו דער פראַגע וועגן דער אַנטוויקלונג פון אינסטיטוציעס, פּונקט אין דעם זין ווי בעיקאָן האָט עס געוואונשן; אָבער אַ חוץ דעם איז פאַר יענער צייט אויך וויכטיג געווען מאָנטעסקיע'ס באַזונדערע שלוסן. זיין קריטיק פון דער מאָנאַרכיסטישער מאַכט, זיין פאָרשטעלונג פון אַ פרידליכער לעבנס אָרדענונג, אין דעם ערד אויף וויפיל עס אַנטוויקלט זיך די אינדוסטריעלע אָרדענונג, זיין אַטאַקע אויף דער גרויזאַמקייט פון טויט-שטראָף א. אז. וו. זיינען געוואָרן די לאָזונגען פון אַלע פּראָגרעסיווע באַוועגונגען אין אייראָפּאַ.

דער איינפלוס, וואָס מאָנטעסקיע האָט אויסגעאיבט אויפ'ן דיינקען פון זיין צייט, איז געווען אומגעהויער גרויס; אָבער לויט

זיין סטיל און פארם פון באשרייבונג איז מאנטעסקיעס' בוך געווען צוגיינגליך בלויז פאר געבילדעטע מענשן: מאנטעסקיע האט ניט געהאט בכח, און מעגליך אז ער האט פשוט ניט געוואלט שרייבן פאר די ברייטע קרייזן פון פאלק. דערצו זיינען נויטיג באזונדערע אייגנשאפטן, דער עיקר א סטיל, וואס פאראינטערעסירט די מוחות און מאכט פאר זיי קלאר יענע אידייען וועלכע זיי ווילן דורכפירן. אט אזוינע אייגנשאפטן האבן פארמאגט אין א הויכן גראד צוויי פילאסאפן פון יענער צייט, וואלטער און זשאן־זשאק רוססא, וועלכע זיינען טאקע צוליב דעם געווארן די צוויי דיינקער, וואס האבן צוגעגרייט פראנקרייך צו דער גרויסער רעוואלוציע, און האבן אויף דער דאזיגער רעוואלוציע געהאט א געוואלטיג גרויסן איינפלוס.

**פראנסוא־מארי־ארוע וואלטער** (געב. 1694, געשט. 1778) איז געווען א מענש מיט א גרויסן קאפ. ער איז אפילו ניט געווען קיין פילאסאף אין דעם איינגן זין פונם ווארט, ער האט זיך אבער באנוצט מיט דער פילאסאפיע ווי מיט א שטארקן וואפן אנטקעגן אבערגלויבנס און פאראורטיילן. ער איז אויך ניט געווען קיין מאראליסט אין דעם אייגנטליכן זין פון ווארט; זיין לערע וועגן עטיק איז ניט טיף, זי איז דערפאר אבער געווען פיינטלאך צו אלע אסקעטישע און מעטאפיזישע איבערטרייבונגען. וואלטער האט ניט געהאט קיין אייגענעם סיסטעם פון עטיק, ער האט אבער פיל מיטגעהאלפן מיט זיינע ווערק צו פארשטארקן דעם געפיל פון **מענשליכקייט** און די אכטונג צו דער מענשליכער פערזענליכקייט. וואלטער האט אין אלע זיינע ווערק מוטיג געפאדערט פרייהייט פון געוויסן, די פארניכטונג פון דער אינקוויזיציע, די אפשאפונג פון טויט־שטראף, פון פייניגונגען א. אז. וו. ער האט ווייט און ברייט פארשפרייט די אידייען פון בירגערליכער גלייכבארעכטיגונג און געזעצליכקייט, וועלכע די רעוואלוציע האט שפעטער געשטרעבט צו פארקערפערן אין לעבן. *

* געוויס קאן מען וואלטערן ניט האלטן, ניט פאר א רעוואלוציאנער, ניט אפילו פאר א דעמאקראט; ער האט קיינמאל ניט געפאדערט די אפשאפונג פון דער דאמאלסטיגער סאציאלער ארדענונג, און אויב ער האט גערעט וועגן מענשליכער גלייכהייט, האט ער אנדערקענט דידאזיגע גלייכ־

זשאַן־זשאַק רוססאָ (געב. 1712, געשט. 1778). — צוזאַמען מיט וואָלטער'ן האָט אויסגעאיבט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע דער פילאָסאָף רוססאָ. רוססאָ איז געווען אַ מענש פון אַנאַנדער כאַראַקטער איידער וואָלטער; ער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ קריטיק פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדענונג און האָט גערופן מענשן צו אַן איינפאַכן נאַטור־לעבן. ער האָט געלערנט, אַז דער מענש איז פון נאַטור גוט און פיין, נאָר דאָס גאַנצע שלעכטס נעמט זיך פון דער ציוויליזאַציע. די מאָראַלע שטרעבונגען האָט רוססאָ דערקלערט אויפן גרונט פון ריכטיג־פאַרשטאַנענע נוצן, ער האָט אָבער אין דערזעלביגער צייט אוועקגעשטעלט פאַר אַ ציל די אַנטוויקלונג פון די העכסטע געזעלשאַפטליכע אידעאַלן. ער האָט געהאַלטן, אַז דער אויסגאַנג־פונקט פון יעדער פאַרנינפטיגער געזעלשאַפטליכער אָרדענונג איז די גלייכבאַרעכטיגונג („אַלע מענשן ווערן געבוירן גלייכע"), און ער האָט דאָס באַוויזן אַזוי ליידנשאַפטליך, אַזוי אָנציענד און אַזוי ריכטיג, אַז זיינע שריפטן האָבן אויסגעאיבט אַן אומגעהויערן איינפלוס ניט נאָר אין פראַנקרייך, וואו די רעוואָלוציע האָט אָנגעשריבן אויף איר פאָן דעם לאָזונג „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט," נאָר אויך אין גאַנץ אייראָפּאַ. אין אַלגעמיינעם באַווייזט זיך רוססאָ אין אַלע זיינע ווערק ווי אַ פילאָסאָף פון געפיל, אין וועלכן ער זעט אַ באַלעבנדע קראַפט, וואָס האָט בכח אויסצובעסערן אַלע פעלערן און דורכצופירן גרויסע זאַכן. ער באַווייזט זיך ווי אַן ענטוזיאַסט און אַ פּאָעט פון גרויסע אידעאַלן, ווי אַ דירעקטער באַגייסטערער פאַר די רעכט פון דעם מענשן און דעם בירגער.

ריידנדיג וועגן דער פראַנצויזישער פילאָסאָפיע פון דער צווייטער העלפט פון 18טן י. ה., מוזן מיר דאָ דערמאָנען וועגן נאָך

היוט נאָר „בעצם פון דער זאַך", אָבער אין דער געזעלשאַפט, האָט וואָלטער געזאָגט, „שפּילן מענשן פאַרשיידענע ראָליעס". „אַלע מענשן זיינען גלייך, האָט געזאָגט וואָלטער, אַלס מענשן, אָבער זיי זיינען ניט גלייך אַלס מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט." (ווערק, ב. 5, ז. 351). זיין פּאָליטישער אידעאַל איז געווען „דער אויפגעקלערטער דעספּאָטיזם", וואָס זוכט די טובה פון פאָלק.

צוויי דיינקער, וואָס האָבן צום ערשטן פאָרמולירט די אידייע פון פּראָגרעס, וועלכע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אין דער אַנט־וויקלונג פון דער מאָדערנער מאָראַל־פילאָסאָפיע. אַזוינע דיינקער זיינען געווען טורגאָ און קאָנדאָרסע.

טורגאָ (געב. 1727, געשט. 1781) האָט דער ערשטער אַנט־וויקלט די אידייע פון פּראָגרעס, די אידייע פון דער מענשליכער פאַרפּאָלקאָמענונג, אין זיין ווערק „אַ פאָרשונג וועגן דער אַלוועלט־ליכער געשיכטע". טורגאָ האָט פאָרמולירט דאָס געזעץ פון פּראָ־גרעס ווי פאָלגט: „דער מענשליכער מין, איבערגייענדיג שטור־פּנווייז פון רו צו טעטיקייט, גייט אומפאַרענדערליך, ווען אפילו מיט לאַנגזאַמע טריט, צו אַלץ גרעסערער פולקאָמענהייט, וואָס באַ־שטייט אין אויפריכטיקייט פון געדאַנק, באַשיידנהייט פון די זיטן און גערעכטיקייט פון די געזעצן".

זשאַן קאָנדאָרסע (געב. 1743, געשט. 1794), וועלכער איז געפאַלן אַ קרבן פון דעם טעראָר אין 1794, האָט ווייטער אַנט־וויקלט די אידייע פון פּראָגרעס, און אין זיין באַרימטן ווערק „אומ־ריס פון אַ היסטאָרישן בילד פון דעם פּראָגרעס פונם מענשליכן פאַרשטאַנד", האָט ער פאַרזוכט ניט נאָר צו פעסטשטעלן און באַ־ווייזן די עקזיסטענץ פון אַ געזעץ פון פּראָגרעס, נאָר ער האָט אויך פּרובירט, אויפן גרונט פון דער פאַרגאַנגענער געשיכטע פון דער מענשהייט, אַרויסצופירן די געזעצן פון דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט אויך פאַר די צוקינפטיגע צייטן. קאָנדאָרסע האָט באַהויפּטעט, אַז דער פּראָגרעס באַשטייט אין דער שטרעבונג צו פאַרניכטן די געזעלשאַפטליכע אומגלייכהייט צווישן די בירגער; ער האָט געזאָגט, אַז אין דער צוקונפט וועלן מענשן זיך אויסלערנען צו פאַראייניגן די פּערזענליכע אינטערעסן מיט די אַלגעמיינע, און די מאָראַל גופא וועט ווערן אַ נאַטירליכע פאָדערונג פונם מענשן.

אָט די אַלע אויבן־באַשריבענע לערען און אידייען האָבן, אויף איין אופן אָדער אַנאַנדערן, געווירקט אויף יענער גרויסער סאָציאַ־לער באַוועגונג, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אָנצורופן די פראַנצויזישע רעוואָלוציע. דיזאָזיגע רעוואָלוציע, ווי מען קאָן שליסן פון

אַלץ וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, איז שוין דורכגעפירט געוואָרן ביים סוף 18טן י. ה. אין די קעפּ, און די נייע געוואָגטע אידייען, וואָס זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעם געפיל פון דער מענש־ליכער חשיבות, האָבן זיך פאַנאַנדערגעגאָסן ווי אַ רווישיגער שטראָם אין דער געזעלשאַפט, און אַרונטערגעריסן די פאַרעלטערטע אינס־טיטוציעס און פאָראורטיילן. די רעוואָלוציע האָט פאַרניכטעט די לעצטע שיריים פון דער פעאָדאַלער אָרדענונג, און די נייע פון איר געשאַפענע אינסטיטוציעס זיינען געווען די פרוכט פון דער פילאָ־סאָפישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין ענגלאַנד און געפונען איר פאַרענדונג אין פראַנקרייך. די באַרימטע דערקלערונג פון „די רעכט פון דעם מענשן און בירגער," וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון די אידייען, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין די ווערק פון מאָנטעסקיע, רוססאָ און קאָנדאָרסע. אירע גרונט־זאַצן דערקלערן: אַלע מענשן ווערן געבוירן גלייכע; אַלע ווערן געבוירן פרייע; אַלע האָבן אַ רעכט זיך צו באַנוצן אין אַ גלייכער מאָס מיטן לעבן און פרייהייט; אַלע האָבן דאָס אייגענע רעכט אויף דער אַנטוויקלונג פון זייערע קרעפטן און פיאַיקייטן, מיט וועלכע די נאַטור האָט זיי איינגעטיילט; אַלע האָבע אַ רעכט אויף דער פרייהייט פון גלויבן און געוויסן. אין אָט די אַלע גרונטזאַצן זעהען מיר אין אַ קאָנדענסירטער און קלאָרער פאָרם די אידייען פון האָבבס און לאָקק, וואָס זיינען אַנטוויקלט געוואָרן דורך די פראַנצויזישע דיינקער און פילאָסאָפן. אָט דעם פּראָגראַם האָט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איבערגעלאָזט פאַר די צוקינפטיגע דורות אַריינצופירן אין לעבן.

ד י י ו ו י ד  י ו ה ם (געב. 1711, געשט. 1776). — בעיקאָנ'ס און לאָקק'ס אידייען האָט אין ענגלאַנד, אין דער אַנדער העלפט פון 18טן י. ה., גלענצנד אַנטוויקלט דער טיפער פילאָסאָף און דיינ־קער ד י י ו ו י ד  י ו ה ם, וועלכער איז געווען דער העכסט זעלבשטענדיגער קאָפּ פון דעם גאַנצן 18טן יאָרהונדערט. יוהם האָט דער נייער פילאָסאָפיע געגעבן אַ פעסטן באַזיס און האָט זי פאַרשפּרייט אויף אַלע געביטן פון וויסן, ווי בעיקאָן האָט דאָס

געוואַלט, — ער האָט אויסגעאיבט אַ טיפן איינפלוס אויפ'ן גאַנצן שפּעטערדיגן דיינקען. יוהם האָט אַנגעהויבן דערפון, וואָס ער האָט שטרייננ אָפּגעטיילט די מאָראַל פון דער רעליגיע און האָט אָפּגע־לייקנט די באַדייטונג אין דער אויסאַרבעטונג פון מאָראַלע באַ־גריפן, וואָס עס האָבן צוגעשריבן דער רעליגיע זיינע ענגלישע און שאָטלאַנדישע פאַרגייינגער אַ חוץ שעפּטסבערי. ער אַליין איז גע־שטאַנען אויף דעמזעלביגן באַזיס פון סקעפּטיציזם ווי בעיל, אָב־וואויל ער האָט געמאַכט איינינע הנחות אין זיינע „געשפּרעכן וועגן דער נאַטירליכער רעליגיע.“ *

אַנטוויקלענדיג בעיקאַנס און בעילס געדאַנקען, האָט יוהם גע־שריבן, אַז ביי מענשן מיט איינענע קעפּ בילדן זיך זייערע איינענע מאָראַלע באַגריפן; אָבער „אין יעדער רעליגיע, ווי דערהויבן עס זאָל ניט זיין איר פאָרשטעלונג פון דער גאָטהייט, וועלן אַ סך פון אירע אַנהיינגער — מעגליך דער גרעסטער טייל — זוכן פונדעסט־וועגן אויסצובעטן גאָטס גנאָד, ניט צוליב זייערע גוטע מדות און מאָראַלישקייט, די איינציגע מעלות וואָס קאָנען זיין אָנגענומען ביי אַ פאָלקאָמענעם וועזן, נאָר צוליב זייער אָפּהיטן פּוסטע צערעמאָ־ניעס, זייער איבערטריבענער פרומקייט, מורא'דיגער התלהבות אָדער גלויבן אין מיסטישע אומזיניקייטן.“ **

יוהם רעדט אָפּט וועגן דעם „אויבערשטן באַשעפער“ אין דער נאַטור, אָבער ער האָט קיינמאָל ניט צוגעשריבן צו אים דעם מענשנס מאָראַלע אורטיילן. „קיין זאַך, האָט ער געשריבן, קאָן ניט אויפ־האַלטן די אמתע פּרינציפּן פון מאָראַל און אונזערע אורטיילן וועגן אַ מענשנס אויפפיר, אַ חוץ די אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט פון

* יוהמס הויפּט ווערק זיינען: Treatise Upon Human Nature (אָפּהאַנדלונג וועגן דער מענשליכער נאַטור) Enquiry Concerning the Principles of Morals (פאָרשונג וועגן די פּרינציפּן פון מאָ־ראַל) Enquiry Concerning Human Understanding (פאָרשונג וועגן מענשליכן פאַרשטאַנד); The Natural History of Religion (די נאַ־טורגעשיכטע פון רעליגיע). (לײדער זיינען קיינע פון די ווערק ניט איבערזעצט אין אידיש — מ.)

** די נאַטורגעשיכטע פון רעליגיע, ב. 4 פון זיינע עססעיס, צוויי־טע באַזעלער אויסגאַבע, 1792, ז. 70.

דידאָזיגע פּרינציפּן פאַר דער עקזיסטענץ פון דער געזעלשאַפט.״ (דאָרט גופא, ז. 70.)

דער עטישער טייל פון יוהמ׳ס פילאָסאָפיע האָט, פאַרשטייט זיך, בלויז פאָרגעשטעלט אַן איינצעלנעם פאַל פון זיין אַלגעמיינעם בליק אויף דער אַנטשטייאונג פון דערקענטעניש אין דעם מענשן. — „אַלע אונזערע אידייען, האָט ער געשריבן, באַקומען זיך פון דערפאַרונג; אונזער גאַנצער באַגריף קומט פון דערפאַרונג, און ער שטעלט זיך צונויף פון איינדרוקן און אידייען, וועלכע זיינען פּראָדוקטן פון זכרון, פאָרשטעלונגס־קראַפט און דיינקען. אין גרונט פון יעדן וויסן ליגט נאַטור וויסן, און זיינע מעטאָדן מוזן אָנגענומען ווערן אין די אַנדערע וויסנשאַפטן.״ מען דאַרף נאָר געדיינקען, אַז אין דעם דערקענען די „געזעצן״ פון דער פיזישער וועלט גייען מיר אַלעמאָל מיט שטופנווייזע טריט פון „דערנעהענטערונ־

וואָס איז שייך דער מאָראַל, האָט יוהם אַנגעוויזן, אַז עס זיינען אַלעמאָל אָנגעגאַנגען מחלקות וועגן דעם, וואו מען דאַרף זוכן אירע יסודות — אין דעם שכל, אָדער אין דעם געפיל. צי דערגייען מיר צו דער מאָראַל דורך א ק י י ט פ ו ן ג ע ד אַ נ ק ע ן, אָדער גאָר דירעקט ד ו ר ך ג ע פ י ל א ו ן א י נ ט ו א י צ י ע? צי זיינען די גרונטזאַצן פון מאָראַל גלייך פאַר אַלע דיינקענדע באַשאַפענישן, אָדער א שטייגער ווי די אורטיילן וועגן שיינקייט און העסליכקייט, זיינען זיי פאַרשיידן ביי פאַרשיידענע פעלקער און שטעלן מיט זיך פאַר א פּראָדוקט פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דעם מענשן? די פילאָסאָפן פון אַלטערטום האָבן אפילו אָפט באַהויפּטעט, אַז די מאָראַל שטימט מיטן שכל, פונדעסטוועגן האָבן זיי נאָך אָפטער זי באַגרינדעט אויף דעם געשמאַק און געפיל. די מאָדערנע דיינקער זיינען גענייגט מער צו גונסטן פון שכל און פירן ארויס די מאָראַל פון זיינע אַבסטראַקטע פּרינציפּן. ריכטיגער פאַר אַלץ איז, אַז אונזער ענדליכער אורטייל בנוגע מאָראַל פראַגן — דאָס, וואָס מאַכט פון דער מאָראַל א טעטיגן פּרינציפּ אין אונזער לעבן — ווערט באַשטימט „פון א וועלכן עס איז אינערליכן געפיל, וואָס די נאַטור האָט געמאַכט פאַר א גאַנץ אַלגעמיינעם געפיל אין דעם גאַנצן מענשליכן מין״... נאָר כדי צוצוגרייטן די מעגליכ־

קייט פון אזא געפיל, איז געווען נויטיג א סך אפריערדיגע איבער־
דיינקונגען און ריכטיגע שלוסן, א פיינעם אנאליז, קאמפליצירטע
באציאונגען און א פעסטשטעלונג פון אלגעמיינע פאקטן — הייסט
עס, קאפ־ארבעט. * מיט אנדערע ווערטער, אונזערע מאראלע באַ־
גריפן זיינען א פראָדוקט פון אונזערע געפילן און אונזער שכל און
פון זייער נאטירליכער אנטוויקלונג אין דעם לעבן פון די מענשליכע
געזעלשאפטן.

די שטרעבונג לטובת הכלל, וואס איז דער באראקטעריסטישער
שטריך פון יעדער האנדלונג, וועלכע מיר רופן אן מאראלע, און די
מאראלע פליכט באשטייט אין דעם, וואס מיר זיינען מחויב
צו פירן זיך לויט דעם וואונש פון דעם אלגעמיינעם וואוילזיין. אין
דער דאזיגער שטרעבונג צום אלגעמיינעם וואוילזיין האט יוהם ניט
אפגעלייקנט דעם וואונש פון דעם אייגענעם פערזענליכן וואויל־
זיין. ער האט אבער אויך פארשטאנען, אז מיט די עגאאיסטישע
שטרעבונגען אליין קאן מען דעם מאראלן געפיל ניט דערקלערן, ווי
דאס האט געטאן, למשל האבבס. א חוץ דעם פארלאנג פון פער־
זענליכן וואוילזיין, האט ער אנדערקענט ווי א קוואל פון מאראלי־
טעט די סימפאטיע, דעם באגריף פון גערעכטיקייט און
דעם געפיל פון וואוילווילן (Benevolence); אבער די גערעכ־
טיקייט האט ער פארשטאנען ניט ווי אן איינזען פון עפעס אבליגא־
טארישעס, וואס האט זיך אונז ארייננעלייגט אין קאפ דורך דעם
לעבן אין געזעלשאפטן, נאר גיכער ווי א טוגנד — ווי א מין וואויל־
טעטיקייט. דערצו, נאכגייענדיג שעפטסבערי'ן, האט ער אויך אנ־
געמערקט אין דעם מאראלן לעבן א געפיל פון הארמאנישער צו־
נויפשטימונג און פארענדטקייט, וואס איז אייגענטימליך פאר דעם
מאראלן כאראקטער, א פארלאנג פון פארפאלקאמענונג, די מעגליכ־
קייט פון א פולער אנטוויקלונג פון דער מענשליכער נאטור און א
עסטעטישן געפיל פון שיינקייט, וואס באקומט זיך ביי א פולערער
אנטוויקלונג פון דער פערזענליכקייט — א געדאנק, וועלכען מארק
גיא האט ווי עס איז באקאנט, שפעטער פארטרעפליך אנטוויקלט.

* An Enquiry Concerning the Principles of Morals באזל, 1793,
ב. 3, ז. 228—230.

דעם צווייטן אפטייל פון זיין פארשונג האט יוהם געווידמעט דעם געפיל פון גוטס־ווינשונג, וואו ער האט באוויזן צווישן אנדערעס, וויפיל ווערטער עס זיינען פאראן אין אונזער שפראך, וואס באווייזן, ווי דאס ווינשן גוטס איינער דעם אנדערן האט דעם אלגעמיינעם בייפאל פון דער מענשהייט. און דערנאך, אנאליזירנדיג אין דעם ווייטערדיגן אפטייל די גערעכטיקייט, האט יוהם אגב אורחא געמאכט א אינטערעסאנטע באמערקונג. אז די גערעכטיקייט איז ניצליך פאר דער געזעלשאפט, און ווערט דעריבער געשעצט — איז קלאר. אבער אזא אויסרעכענונג האט ניט געקאנט זיין דער איינציגער קוואל פון דערדאזיגער אכטונג: די גערעכטיקייט האט זיך ארויסגעוויזן צו זיין א *נויטווענדיקייט*.

„אין א געזעלשאפט, וואו אלץ וואלט געווען בשופע, אהן ארבעט, וואלטן זיך איינגעפונען אלע געזעלשאפטליכע טוגענדן, נאר וועגן אזא פארזיכטיגער און אייפערזיכטיגער טוגנד ווי די גערעכטיקייט, וואלט קיינער גארניט א טראכט געטאן“ (ד. ג. ז. 232). מחמת דעמזעלביגן טעם זעהען מיר אפילו איצטער, אז דאס, וואס איז דא בשופע, געפינט זיך אין אלגעמיינעם באזיץ. אזוי אויך, ווען אונזער פארשטאנד, פריינטשאפט און פרייגעביקייט וואלטן געווען שטארק אנטוויקלט, וואלט מען די גערעכטיקייט גארניט געדארפט. „צו וואס זאל איך בינדן דעם אנדערן מיט א דאקומענט אדער מיט א התחיבות, ווען איך ווייס, אז ער וויל אליין מיר זאל זיין גוט?“ צו וואס דארף מען גרעניצן פון באזיץ, און דערגלייכן? בכלל, וואס מער געגנזייטיגער גוטער ווילן, אלץ ווייניגער דארף מען גערעכטיקייט. אבער אזוי ווי די מענשליכע געזעלשאפט שטעלט מיט זיך פאר עפעס מיטלמעסיגעס, ווייט פון א אידעאל, איז נויטיג פאר מענשן דער באגריף פון אייגנטום, און אויך נויטיג די גערעכטיקייט (ז. 249). פון דעם אלעם איז קלאר, אז די אידייע פון גערעכטיקייט האט זיך יוהמען פארגעשטעלט הויפטזעכליך פון דעם שטאנדפונקט פון *געריכטליכן רעכט*, צו פארטיידיגן די רעכט פון אייגנטום און לגמרי ניט אין דעם ברייטן זין פון *גלייכבארעכטיגונג*. „די רעגעלן פון גערעכטיקייט (Equity, Justice) הייגנען, הייסט עס, אינגאנצן אפ, איז ער געקומען צום שלום, פון די באדינגונגען אין וועלכע מענשן לעבן, און

אַט די רעגעלן פאַרדאַנקען זייער אַנטשטייאונג און עקזיסטענץ יענע נוצן, וואָס די געזעלשאַפט באַקומט, ווען מען היט זיי שטרייננג אָפּ" (ז. 249).

יוהם, פאַרשטייט זיך, האָט ניט געגלויבט אין דער עקזיסטענץ פון אַ „גאָלדענעם צייטאַלטער", און האָט אויך ניט געגלויבט אין דער מעגליכקייט פון אַזאַ צייט, ווען מענשן האָבן געקאָנט לעבן איינזאַם. די געזעלשאַפט האָט אַלעמאָל עקזיסטירט; און ווען מענשן וואָלטן געהאַט געלעבט איינזאַם, וואָלט זיך ביי זיי קיינמאָל ניט באַוויזן דער באַגריף פון גערעכטיקייט, און עס וואָלטן זיך ניט אויסגעאַרבעט קיינערליי רעגעלן פון לעבן (ז. 253).

די אַנטשטייאונג פון דעם געפיל פון גערעכטיקייט, האָט יוהם דערקלערט, האָט געקאָנט קומען אָדער פון נאָכדיינקען וועגן די גע־נגזייטיגע באַציאונגען צווישן מענשן, אָדער פון אַ נאַטירליכן אינס־טינקט, וואָס „איז איינגעוואָרצלט אין אונז בטבע צוליב נוצליכע צוועקן." עס איז אָבער קלאָר, אַז די צווייטע השערה ווער מען מוזן אָפּוואַרפן. די אַלגעמיינהייט פון דעם באַגריף וועגן גערעכ־טיקייט באַווייזט, אַז ער איז נויטיגערווייז אַנטשטאַנען פון דעם גע־זעלשאַפטליכן לעבן גופא. אָהן אים וואָלט די געזעלשאַפט ניט געקאָנט עקזיסטירן. און דעריבער דאַרף מען אָנדערקענען, אַז „די נויטווענדיקייט פון גערעכטיקייט פאַר דער עקזיסטענץ פון דער גע־זעלשאַפט איז דער איינציגער גרונט פון אַט דער גוטער מדה." איר אומצווייפעלהאַפטע נוצליכקייט דערקלערט איר גאַנץ אַלגע־מיינע פאַרשפּרייטונג, און צוזאַמען דערמיט „איז זי דער מקור פון אַ באַדייטנדן טייל גוטע מעלות, וואָס מען געפינט אין דער מענש־הייט: וואוילטעטיקייט, פריינטשאַפט, אַ געזעלשאַפטליכן גייסט אַ. אַז. וו. (ד. ג. ז. 262—265).

אין דער אויסאַרבעטונג פון די מאָראַלע געוויינהייטן און באַ־גריפן האָט יוהם צוגעשריבן אַ באַדייטנדן טייל אויך דעם פּער־זענליכן אינטערעס, און האָט פאַרשטאַנען פאַרוואָס איניגע פילאָ־סאָפן איז געפעלן געוואָרן צו דיינקען, אַז אַלע זאָרג וועגן דעם וואוילזיין פון דער געזעלשאַפט זיינען פאַרשיידענע פאָרמען פון דער זאָרג וועגן זיך אַליין. עס זיינען אָבער פאַראַן אַ סך פאַלן, וואו דער מאָראַלער געפיל באַשטייט אויך דאַמאָלסט, ווען די פּער־

וועגליבע נוצן פאַלן ניט צוזאַמען מיט די געזעלשאַפטליכע; און דעריבער, ברענגענדיג אַ ריי פון אַזעלכע ביישפּילן, קומט יוהם באַשטימט צום שלוס, אַז „מיר מוזן זיך אָפּזאָגן פון דער טעאָריע, וואָס דערקלערט יעדן מאָראַלן געפיל דורך דעם געפיל פון איינגליבע" (טייל 5, ז. 281). עס זיינען פאַראַן געפילן, וואָס ווערן געבוירן פון מענשליכקייט, און זיי זיינען דיזעלביגע ביי אַלע מענשן, און רופן ביי אַלעמען אַרויס דיזעלביגע שבחים אָדער טאַדלונגען (שלוס פון 9טן אָפּטייל, ז. 342).

און אַזוי ווי יעדערער שטרעבט צו פאַרדינען דעם שבח און ניט די טאַדלונג פון אַנדערע, האָט יוהם באַוויזן, אַז דאָס גלויבן אין גאָט קאָן ניט זיין דער מקור פון מאָראַל, וואָרים די רעליגיעזיטעט מאַכט ניט דעם מענשן מאָראַליש. אַ סך רעליגיעזע מענשן, און אפשר די מערהייט, שטרעבן צו פאַרדינען „גאָטס גנאָד" ניט דורך טוגנד און אַ מאָראַלן לעבן, נאָר דורך אָפּהיטן פוסטע צערעמאָניעס, אָדער דורך התלהבות'דיגן גלויבן אין מיסטישע סודות. *

ניט טיילנדיג האָבבס'עס מיינונג, אַז אין די אוראַלטע צייטן האָבן מענשן געלעבט אין שטענדיגע מלחמות איינע מיט די אַנדערע, איז יוהם אויך ווייט געווען פון דער מיינונג, וואָס זעט אין דער מענשליכער נאַטור די שפּראָצן פון הוילע גוטס. יוהם האָט אָנדערקענט, אַז דער מענש ריכטעט זיך אין זיינע האַנדלונגען לויט זיין איינגליבע, אָבער אין אים אַנטשטייט אויך דער געפיל פון התחיבות צו אַנדערע.

„ווען אַ מענש דיינקט רואיג איבער וועגן זיינע האַנדלונגען, וואָס זיינען אַרויסגערופן געוואָרן פון די אָדער יענע איינדרוקן, אימפּולסן אָדער ליידנשאַפטן, פילט ער אַ פאַרלאַנג צו באַהערשן די אָדער די אַנדערע נייגונגען, און עס ווערט געבוירן אין אים דער געפיל פון פ ל י כ ט". עס קומט אויס, אַז דאָ איז יוהם זיך צוזאַמענגעקומען מיט ספּינאָזא'ן. אָבער ווען ער האָט פאַנאַנדערגעקליבן,

* „די נאַטורגעשיכטע פון רעליגיע" (4טער באַנד פון דער באַזעלער אויסגאַבע, ז. 70—71) „מענשן, וואָס באַגייען די העכסט פאַרברעכערישע און געפערליכסטע מעשים, זיינען געוויינליך העכסט אָבערגלויבעריש. זייער פרומקייט און גייסטיגער גלויבן וואַקסן צוזאַמען מיט זייער שרעק". (דאָרט גופא, ז. 75).

פונוואנען עס קומט ארויס דער מאראלער אורטייל וועגן האנדלונגען, איז אנשטאט וואס ער זאל איינזען זיין טאפלדיגע אפשטאמונג —פון געפיל און פון דעם פארשטאנד — האט זיך יוהם געוואקלט, און אט האט ער זיך גענייגט צו גונסטן פונם געפיל, און אט צו גונסטן פונם פארשטאנד. ער האט אפילו געשטעלט א פראגע וועגן א מיטעלער פייאיקייט צווישן דעם פארשטאנד און דעם געפיל, און האט זיך סוף כל סוף ארויסגעזאגט צו גונסטן פון געפיל. פונקט ווי שעפטסבערי און האטשיסאן האט ער, ווי עס ווייזט אויס, איבערגעלאזט פארן פארשטאנד בלויז די ראליע פון *צוגרייטן* דעם אורטייל און די באטראכטונג פון די פאקטן. דער באשטימענדער פסק דין אבער געהערט צו דעם געפיל, און דערנאך פאלט אויס אויפן חלק פונם פארשטאנד אויסצוארבעטן די אלגעמיינע רעגעלן. *

* די מיינונגען פון די שרייבער וועגן יוהמ'ס פילאסאפיע גייען זיך דא פאנאנדער. פליידערער האט גערעכנט, אז יוהם האט נאר צוגעגרייט קאנט'ס אנשויאונג „וועגן דער פראקטישער פארנונפט." גיזשיצקי און יאדל האלטן זיך ביי אנאנדער מיינונג, און אין די באמערקונגען צו זיין „געשיכטע פון דער עטיק" האט יאדל דערביי ארויסגעזאגט א זייער ריכטיגן געדאנק: — „אז די מאראל קאן קיינמאל ניט ווערן א ווירקנדיגע, אויב מען זאל אוועקנעמען פון איר אנטוויקלונג און בילדונג די אפעקטיווע (געפיליגע) יסודות, איז פאזיטיוו באוויזן געווארן פון יוהמ'ען; ער האט אבער איין זאך פארגעסן — מכח דער פייאיקייט אויסצובילדן א מאראלן אידעאל, פאר וועלכן עס איז קיין ארט ניט געבליבן אין זיין שכל, וואס איז פארנומען בלויז מיט צונויפשטעלן און פאנאנדערטיילן די פארשטעלונגען. דאס מאראלע, פארשטייט זיך, פאנגט זיך דערפון ניט אן; פונקט אזוי פאנגט זיך דערפון ניט אן די מענשליכע טעטיקייט אויפן געביט פון דיינקען און פון מענשליכן שאפן. אבער די פאקטן פון מאראלן לעבן ווערן פארשטענדליך ערשט דאן, ווען מען נעמט אן, אז אויפן באדן, וואס איז געשאפן געווארן פון דער דערציאונג און דערפארונג, וואקסן אויס אידעאלן, אין וועלכע דער אינטעלעקטועלער און פראקטישער עלעמענט זיינען אומצערייסבאר פארבונדן צווישן זיך, און באזיצן בטבע א דירעקטע שטרעבונג זיך צו פארווירקליכן." („געשיכטע דער עטיק," ב. 1, באמערקונג 29 צום קאפיטל 7.) מיט אנדערע ווערטער: דער געפיל און דער פארשטאנד זיינען גלייך נויטיג אי אויף אויסצוארבעטן די מאראלע באגריפן, אי כדי זיי צו פארוואנדלען אין באוועגנדיגע אורזאכן פון אונזערע האנדלונגען.

א באַזונדער באַדייטונג האָט יוהם צוגעגעבן דער *סימפּאַטיע*. זי מילדערט אונזערע אייגנליבעדיגע שטרעבונגען, און צוזאַמען מיט דעם מענשנ'ס אַלגעמיינער, נאַטירליכער גוטוויליקייט איז זי זיי גובר; אַזוי אַז אויב אַפילו דער געדאַנק וועגן דער ניצליכקייט פון דעם אָדער יענעם אופן פון האַנדלונג האָט יאָ אַ וועלכע עס איז באַדייטונג, איז ער אָבער לחלוטין ניט דער, וואָס האָט דאָס לעצטע וואָרט אין מאָראַלע פראַגן. אַדאַם סמיטה, ווי באַוואוסט, האָט שפּעטער אַנטוויקלט אָט דעם באַגריף וועגן דעם מיטגעפיל אָדער סימפּאַטיע און האָט איר צוגעשריבן די ענדגילטיגע באַדייטונג אין דער אויסאַרבעטונג פון די מאָראַלע פּרינציפּן.

אינטערעסאַנטער פאַר אַלץ איז יוהמ'ס באַציאונג צו דעם באַגריף וועגן גערעכטיקייט. יוהם האָט ניט געקאָנט פאַרזען דעם איינפלוס פון דער גערעכטיקייט און האָט טאַקע אָנדערקענט איר באַדייטונג פאַר דער אויסאַרבעטונג פון די מאָראַלע באַגריפן. אָבער, צי דערפאַר וואָס ער האָט ניט געקאָנט פּועלן ביי זיך צוגעבן דעם שכל אַן אַנטשליסנדיגע באַדייטונג אין קאַמף מיטן געפיל, אָדער אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די גערעכטיקייט מיינט סוף כל סוף די אָנדערקענונג פון גלייכבאַרעכטיגונג פון אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט — פּונקט דאָס, וואָס די געזעצגעבונגען אָנדערקענען ניט, און ער האָט ניט געוואָלט אַזוי שאַרף אָפּשניידן מיט זיי, ווי ער האָט שוין אָפּגעשניטן מיט דער קירכליכער רעליגיע * — האָט ער אויסגעטיילט די גערעכטיגקייט פון דעם געביט פון דער עטיק און האָט זי פאָרגעשטעלט ווי עפּעס, וואָס אַנטוויקלט זיך אין דער געזעלשאַפט אומאָפּהייניגיק, דורך דער קראַפט פון די תקנות און איינאָרדנונגען פון דער מלוכה.

יוהם, ווי עס זעט אויס, איז דאָ נאָכגעגאַנגען נאָך האָבס'ן, וועלכער האָט אָנגעוויזן, אַז אויפן געביט פון דער געזעצגעבונג האָט אַלעמאָל געהערשט דער מוטווילן (אָדער ריכטיגער די איינ־

---

* אַנשויאונגען, וואָס זיינען נאָענט צו אַטעאיסטישע האָט ער אַנטוויקלט בפרטיות אין „די געשפּרעכן וועגן אַ נאַטירליכער רעליגיע“, וואָס געפינען זיך אין פערטן באַנד פון דער באַזעלער אויסגאַבע, אין יאָר 1793 (ז. 81—228) און אין דעם 15טן אָפּטייל פון זיין „נאַטורגעשיכטע פון רעליגיע“ (ז. 1 ביז 80 פון דער זעלביגער אויסגאַבע.)

טערעסן פון די רעגירענדע קלאסן) און האט דעריבער פולשטענדיג אויסגעטיילט דאס רעכט, ד. ה. די געזעצגעבונג, פון דעם געביט פון מאראל, ווי א געביט וואס איז אים אינגאנצן א פרעמדער. איבעריגנס איז יוהם אויך דא, פונקט ווי אין דער פראגע וועגן דער באדייטונג פון דעם געפיל און דעם פארשטאנד פאר דער אויסאר־בעטונג פון די מאראלע פרינציפן, ניט געקומען צו קיין גענויעם באשטימטן שלום, אזוי אז די, וואס האבן געשריבן וועגן זיין פי־לאסאפיע, זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען אין איר אויסטייטשונג. בכלל האט יוהם ניט געגעבן קיין נייע אויסגעארבעטע דערקלערונג פון די מאראלע באגריפן, און האט ניט באשאפן קיין נייע אויס־געארבעטע טעאריע אין דער עטיק. ער האט אבער אזוי גענוי, און ערטערווייז אזוי גלענצענד, פאנאנדערגעארבעט די פראגן וועגן דעם מענשנס מאטיוון אין זיינע אומענדליך־פארשיידענע האנד־לונגען, ניט באשיינקנדיג זיך מיט די שאבלאנע דערקלערונגען, און איינטיילנדיג אזא שוואכן איינפלוס סיי דער רעליגיע, סיי דעם געפיל פון עגאאיזם און די אויסרעכענונגען וועגן די נוצן פון אונזערע האנדלונגען, אז ער האט געצוואונגען די שפעטעריגערע שרייבער א סך טיפער זיך אריינטראכטן אין דערדאזיגער קאמפ־ליצירטער דערשיינונג, איידער דאס איז געטאן געוואָרן פריער. ער האט צוגעגרייט די נאטורוויסנשאפטליכע דערקלערונג פון דעם מאראלן יסוד, אבער אין דערזעלביגער צייט האט ער אויך צוגעג־רייט, ווי איניגע פון זיינע מפרשים האבן דארויף אנגעוויזן, די געגנגעזעצטע, ניט־ראציאנאליסטישע קאנטישע דערקלערונג.

וואס פאר אן איינפלוס ער האט אויסגעאיבט אויף דער שפע־טערדיגער אנטוויקלונג פון דער עטיק, וועט מען קאנען זען פון דער ווייטערדיגער באשרייבונג.

**אדאם סמיטה** (געב. 1723, געשט 1790). — א וויכ־טיגער פארטזעצער פון יוהמ'ען אין ענגלאנד איז געווען אדאם סמיטה, וואס זיין ווערק „א טעאריע פון די מאראלע געפילן" איז דערשינען אין יאר 1759, און האט שוין אין 18טן י. ה. אויסגעהאלטן צען אויפלאגן. שפעטער איז סמיטה געווארן באזונדערס באקאנט אלס דער פארפאסער פון אן ערנסטער וויסנשאפטליכער פארשונג

פון פאליטישער עקאנאמיע, און זיין ווערק אויפן געביט פון עטיק איז אפט פארגעסן געווארן. אבער זיין אויספארשונג פון די מאראלע געפילן האט פארגעשטעלט א נייעם און באדייטנדען טריט פאראווערטס, אזוי ווי ער האט דערקלערט די מאראל אויף א פולשטענדיג נאטירליכן וועג — ווי אן אייגנשאפט פון דער מענשליכער נאטור און ניט ווי אן איינפלוס פון אויבען,—אבער ער האט ניט געהאלטן, אז די מאראל איז באגרינדעט אויף דעם מענשנס אויסרעכענונגען וועגן די נוצן פון דער אדער יענער שייכות צו זיינע מיטמענשן.

סמיטה האט געהאלטן, אז די הויפט קראפט אין דער אנטוויקלונג פון די מאראלע באגריפן איז די ס י מ פ א ט י ע, דער מ י ט ג ע פ י ל, ד. ה. דער געפיל, וואס ליגט אין דער נאטור פונם מענשן ווי א געזעלשאפטליכע באשעפעניש. ווען מיר זיינען מסכים צו א געוויסער האנדלונג און זיינען ניט מסכים צו אנאנדער האנדלונג, קומט עס ניט פון דעם באוואוסטזיין פון דער געזעלשאפטליכער טובה אדער רעה, וואס די האנדלונגען ברייגגען מיט, ווי די אוטיליטאריסטן מיינען. מיר זעהען איין, ווי אזוי דידאזיגע האנדלונגען וואלטן זיך אפגערופן אויף אונז אליין, און דעריבער אנטשטייט אין אונז די איינשטימונג אדער ניט איינשטימונג פון אונזערע אייגענע געפילן מיט די געפילן, וואס רופן ארויס דידאזיגע האנדלונגען. זעהענדיג פרעמדע ליידן, קאנען מיר איבערלעבן די ליידן אין זיך אליין און רופן אן דעמדאזיגן געפיל מ י טל י י ד; אפט לויפן מיר צו הילף דעם ליידנדן אדער באליידיגטן. און פונקט אזוי, זעהענדיג פרעמדע פרייד, עמפינדן מיר אין זיך א פריידיגן געפיל. מיר פילן אן אומבאפרידיגונג, א ניטצופרידענהייט, ווען מיר זעהען, אז מען טוט אנאנדערן שלעכטס, און פארקערט, מיר פילן א דאנקבארקייט, ווען מען טוט איינעם גוטס. אט אזא אייגנשאפט האט אונזער מענשליכער געבוי, און זי האט זיך אנטוויקלט פון דעם געזעלשאפטליכן לעבן, און לחלוטין ניט פון דער איבערקלערונג וועגן דעם שאדן אדער נוצן פון אזוינע האנדלונגען פאר דער געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג, ווי עס האבן באהויפטעט די אוטיליטאריסטן און מיט זיי יוהם. מיר לעבן פשוט איבער מיט אנדערע דאס, וואס זיי לעבן איבער, און פאר-

אורטיילנדיג דעם, וואס האט פארשאפט וועמען עס איז ליידן, ווענדן מיר שפעטער אן אויף זיך אליין דיזעלביגע פאראורטיילונג, אויב מיר פארשאפן אנאנדערן ליידן. אט אזוי האט זיך בים־לאכווייז אויסגעארבעט אונזער מאראל. *

אדאם סמיטה האט אויף דעם אופן פארווארפן די איבערנאטירליכע אפשטאמונג פון מאראל און געגעבן אנשטאט דעם א נאטירליכע דערקלערונג. ער האט באוויזן, ווי אזוי דעם מענשנס מאראלע געפילן האבן זיך געקאנט אנטוויקלען אהן די אויסרעכענונגען וועגן דער ניצליכקייט פון די אדער יענע געגענזייטיגע באציאונגען, וואס זיינען ביז יענער צייט געווען די איינציגע דערקלערונגען פון דאס מאראלע אינם מענשן, „א חוץ די איינפלוסן פון אויבן”. דערביי האט סמיטה זיך ניט באנוגנט מיט אלגעמיינע אנווייזונגען וועגן דער אפשטאמונג פון די מאראלע געפילן אויף אט דעם וועג. ער האט פארקערט געווידמעט דעם גרעסטן טייל פון זיין ווערק צו דעם אנאליז, ווי אזוי, ארויסגייענדיג יעדעס מאל פון דעם מ י ט ג ע פ י ל, עס האבן זיך געמוזט אנטוויקלען אזוינע און אזוינע מאראלע באגריפן, אהן וועלכע עס איז אנדערע איבערלייגונגען. און צום סוף פון זיין פארשונג האט ער אויך אנגעוויזן, ווי אלע אנטשטאנענע רעליגיעס האבן גענומען אויף זיך, און געמוזט נעמען, די באשיצונג און אויפהאלטונג פון די ניצליכע זיטן און מנהגים.

עס וואלט זיך אויסגעוויזן, אז קומענדיג צו אזא באגריף פון דאס מאראלע, האט סמיטה געדארפט אנדערקענען פאר דעם יסוד פון מאראל ניט נאר דעם ג ע פ י ל פ ו ן ס י מ פ א ט י ע, וואס אנטוויקלט זיך ווי א פועל יוצא פון לעבן אין געזעלשאפטן און פירט פאקטיש צו מאראלע אורטיילן, נאר אויך א ג ע ו ו י ס ן ג ע־

* סמיטה האט אט דער דערקלערונג פון די מאראלע געפילן צוגעגעבן אזא באדייטונג, אז ער האט זי ארײנגענומען אין דעם קעפל פון זיין בוך, אנרופנדיג דאס בוך: „א טעאריע פון מאראלע געפילן, אדער א פארזוך פון אן אנאליז פון די פרינציפן, לויט וועלכע מענשן אורטיילן וועגן דעם אויפפיר און כאראקטער, צוערשט פון זייערע נאענטע און דערנאך פון זיך אליין.” אלע מיינע אנווייזונגען באציען זיך אויף דער עלפטער אויסגאבע, אין צוויי טיילן, עדינבורג, 1808.

ד אַ נ ק ע ן - ג אַ נ ג, וואָס קומט אַרויס פון דערזועלביגער גע־זעלשאַפטליכקייט און וואָס דריקט זיך אויס אין ג ע ר ע כ ט י־ק י י ט, ד. ה. אין אַנדערקענען די ג ל י י כ ב אַ ר ע כ ט י ג ו נ ג פון אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. אָבער, איינזעהענדיג דעם אַנטייל אי פונם געפיל, אי פון דעם פאַרשטאַנד אין דער אויסאַר־בעטונג פון די מאָראַלע אורטיילן, האָט ספּינאָזאַ ניט דורכגעפירט צווישן זיי קיין פאַנאַדערטיילנדע ליניע.

א חוץ דעם איז אויך מעגליך, אַז אין יענע יאָרן, ווען ספינאָזאַ האָט געשריבן זיין פאָרשונג — לאַנג פאַר דער פראַנצויזישער רע־וואָלוציע — איז אים נאָך פרעמד געווען דער באַגריף פון גלייכבאַ־רעכטיגונג. מחמת דעם, איז הגם ספינאָזאַ האָט צוגעגעבן אַ גרויסע באַדייטונג דעם באַגריף פון גערעכטיקייט אין אונזערע מאָראַלע אורטיילן, פונדעסטוועגן האָט ער פאַרשטאַנען די גערעכטיקייט דערהויפּט אין אַ יורידישן זין — אין דעם זין פון באַלוינונג פאַר דעם געליטענעם און באַשטראָפונג פאַר דעם באַליידיגער. דעם גע־פיל פון אויפגעבראַכטקייט, וואָס דערוועקט זיך אין אונז בעת מען טוט וועמען עס איז שלעכטס, האָט ער צוגעשריבן צו דעם, נאָך זיין מיינונג, נאַטירליכן פאַרלאַנג פון אָפּצאָלונג און באַשטראָפונג; און דעמדאָזיגן פאַרלאַנג האָט ער געהאַלטן פאַר איינעם פון די יסודות פון געזעלשאַפטליכקייט. ער האָט פאַרשטייט זיך, באַמערקט, אַז שטראָף פאַרדינען נאָר יענע שעדליכע האַנדלונגען, וואָס ווערן אַרויס־גערופן פון אומווירדיגע מאָטיוון.* אָבער ביי אים איז קיין וואָרט ניטאָ וועגן דער גלייכבאַדייטליכקייט פון מענשן און זייער גלייכ־באַרעכטיגונג, און בכלל האָט ער געשריבן דערהויפּט וועגן דער גע־ריכטליכער גערעכטיקייט און ניט וועגן דער גערעכטיקייט, וואָס אונזער שכל זוכט א חוץ די מחשבות וועגן געריכט און זיינע פסקים.** בינה לבינה, ווען מען באַגרעניצט אויף אַזאַ אופן דעם זין פון גערעכטיקייט, פאַרזעט מען די געזעלשאַפטליכע, קלאַסן־

---

* דאָרט גופא, צווייטער טייל, קאַפּיטל 1, ז. 182.

** ד. ג. ז. 185. אין אַלץ, וואָס ספינאָזאַ האָט געשריבן וועגן גערעכ־טיקייט, איז שווער צו אונטערשיידן זיין פּערזענליכע מיינונג פון די מיינונגען, וואָס די יוריסטן האַלטן.

אומגערעכטיקייט, וואָס ווערט געשטיצט פון די גע־ריכטן, און אין לעצטער רעכענונג פון דער געזעלשאַפט גופא, וועלכע שאַפט זי ניט אָפּ.

בכלל מאַכן די בלעטער, וואָס ספּינאָזאַ האָט געווידמעט דער גע־רעכטיקייט, דעם איינדרוק, אַזוי ווי עפּעס איז אין זיי ניט דער־זאָגט געוואָרן. אַזוי אויך קאָן מען ניט באַשטימען, וואָס פאַר אַ חלק אין דער אויסאַרבעטונג פון מאָראַל האָט ספּינאָזאַ צוגעשריבן דעם געפיל, און וואָס פאַר אַ חלק דעם געדאַנק. דערפאַר איז אָבער איין זאַך גאַנץ קלאָר: אַז דאָס מאָראַלע אינעם מענשן האָט ספּינאָזאַ פאַרשטאַנען ניט ווי עפּעס, וואָס איז געהיימניספול מיטגעבוירן אין אים, און ניט ווי אַ געבאָט פון דרויסן, נאָר ווי אַ פּראָדוקט פון געזעלשאַפטליכקייט, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם אַנטוויקלט אין דער מענשהייט, און וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן, ניט דורך איבערלייגונגען וועגן די נוצן אָדער שאָדן פון געוויסע כאַראַקטער־שטריכן, נאָר ווי אַן אומפאַרמיידליכע פאָלגע פון דעם מיטגעפיל, וואָס יעדער איינער האָט, מיט די פריידן און ליידן פון זיינע מיטמענשן.

פאַר דעם אַנאַליז, ווי אַזוי עס אַנטוויקלט זיך אינעם מענשן דאָס געוויסן, ד. ה. „דער אומפאַרטייאישער צושויער אינעווייניג אין אונז", און צוזאַמען מיט אים די ליבשאַפט צו אַ ווירדיגן כאַראַק־טער און צו דאָס מאָראַליש־שיינע, האָט ספּינאָזאַ אָפּגעגעבן עטליכע פאַרטרעפליכע קאַפּיטלען, וועלכע האָבן נאָך ביז היינט ניט פאַרלאָרן זייער פרישקייט און פּראַכט. זיינעביישפּילען זיינען גענומען גע־וואָרן פונם ווירקליכן לעבן (אַמאָל אויך פון דער קלאַסישער ליטע־ראַטור) און זיינען אינטערעסאַנט פאַר יעדערן, וואָס באַציט זיך ערנסט צו די פראַגן פון מאָראַליטעט, זוכנדיג פאַר זיך אַ שטיץ־פּונקט ניט אין געבאָטן פון אויבן, נאָר אין זיין אייגענעם געפיל און פאַרשטאַנד. לייענענדיג זיי פילט מען אָבער אַ פאַרדרוס, פאַר־וואָס ספּינאָזאַ האָט ניט באַטראַכט פון דעמזעלביגן שטאַנדפּונקט דעם מענשנס באַציאונגען צו אַלע פראַגן פון דער געזעלשאַפטלי־כער אָרדענונג; און נאָך מער דערפאַר, וואָס דאַמאָלסט, בעת ער האָט געשריבן, האָבן אָט די פראַגן שוין אויפגערעגט די געזעלשאַפט און עס האָט שוין געהאַלטן נאָענט אוועקצושטעלן זיי אין לעבן, אין

דער פאָרם פון א פאָדערונג פאר געזעלשאַפטליכער גערעכטיקייט. *

ווי מיר זעהען פון דאָס, וואָס איז געזאָגט געוואָרן, האָט סמיטה ניט געגעבן קיין אנדער דערקלערונג פאר אונזער סימפּאטישער באַציאונג צו אייניגע האנדלונגען און אונזער גלייכגילטיגע באַציאונג צו אנדערע, ווי נאָר דאָס, וואָס מיר טראָגן אריבער אין געדאנקען

* אין זיין היסטאָרישן איבערבליק איבער די פריערדיגע דערקלערונגען פון מאָראַל, האָט סמיטה געמאַכט די פאָלגענדע באַמערקונג. רעדנדיג וועגן די אוטיליטאַריסטן, האָט ער דערקלערט, ווי אזוי זיי קומען צום באַשלוס וועגן דער אנטוויקלונג פון די מאָראַלע באַגריפן דורך די אויסרעכענונגען פון זייער ניצליכקייט, ווי פאָלגט: — ווען מען זאָל באַטראַכטן די מענשליכע געזעלשאַפט פון א פילאָסאָפישן שטאַנדפּונקט, האָט ער געשריבן, שטעלט זי זיך פאָר ווי אן אומגעהויער גרויסע ארבעטמאַשין, וואָס אירע געמאָסטענע באַוועגונגען ברייגגען ארויס א גאנצע מאַסע אנגענעמע און שיינע עפעקטן. וואָס ווייניגער נוצלאָזע רייבונגען זי וועט האָבן, אלץ פרעכטיגער און שענער וועט זיין איר גאַנג. פונקט אזוי איז אויך אין דער געזעלשאַפט: געוויסע האַנדלונגען קאָנען העלפן דאָס לעבן אָהן רייבונגען און צוזאַמענשטויסן, בעת אנדערע האַנדלונגען האָבן געגנגעזעצטע פאָלגן; און וואָס ווייניגער אורזאַכן פאר צוזאמענשטויסן עס וועלן זיין, אלץ לייכטער און גלייכמעסיגער וועט זיין דאָס לעבן פון דער געזעלשאַפט. איז דעריבער, ווען מען באַשרייבט אונז וויפיל אומצייליגע נוצן א מענש באַקומט לעבענדיג אין געזעלשאַפטן, און וועלכע נייע, ב־ייטע פערספּעקטיוון די געזעלשאַפטליכקייט עפנט פאר דעם מענשן, כאַפּט זיך ניט דער לעזער באַמערקן, אז ניט אָט די פאָרצוגן פון געזעלשאַפטליכן לעבן, וועגן וועלכע ער האָט פריער, קאָן זיין, גאָר ניט געטראַכט, האָבן געדינט פאר דעם גרונט פון זיין מיטפילנדיגער אָדער ניט־מיטפילנדיגער באַציאונג צו די אָדער יענע אייגנשאַפטן פון מענשן; ער כאַפּט זיך ניט, אז אויף אים האָט געווירקט גאָר עפּעס אַנדערעס. פונקט אזוי אויך, ווען מיר לעזן אין דער געשיכטע וועגן די גוטע אייגנשאַפטן פון א וועלכן עס איז העלד, באַציען מיר זיך צו אים מיט א מיטגעפיל, ניט דערפאר וואָס אזוינע אייגנשאַפטן קאָנען איצט זיין פאר אונז ניצליך, נאָר דערפאַר וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, וואָס מיר וואָלטן געפילט, ווען מיר וואָלטן געלעבט אין יענער צייט. אזא מיטגעפיל מיט יענשן פון דער פאַרגאַנגענהייט קאָן מען ניט באַטראַכטן, ווי א מאַניפעסטאַציע פון אונזער עגאָאיזם.

בכלל האָט אדאַם סמיטה געדיינקט, אז דער ערפאָלג, וואָס עס האָבן די טעאָריעס, וועלכע דערקלערן די מאָראַל דורך עגאָאיזם, איז געבויט אויף א ניט ריכטיגן און ניט געניגנדן באַגריף פון דער סימפּאַטיע. (טייל 7, אַפּטייל 3, קאַפּיטל 1.)

דידאזיגע האנדלונגען אויף זיך אליין און מיר שטעלן אליין זיך אוועק אין דער לאגע פון דעם ליידנדן.

עס וואלט זיך אויסגעוויזן, אז צוגעבנדיג אט אזא אריבערטראגן זיך אין געדאנק אין דער לאגע פון דעם, וואס ווערט באליידיגט, האט סמיטה געדארפט באמערקן, אז דא קומט פאר אין מיין קאפ די אנדערקענונג פון גלייכבארעכטיגונג. איינמאל אז איך שטעל זיך אוועק אויפן ארט פון דעם באליידיגטן, אנדערקען איך זיין גלייכקייט מיט מיר און אונזער ביידנס גלייכע פיאיקייט אין דעם געפיל פון א באליידיגונג. ביי סמיטה׳ן איז דאס אבער ניטא. אין דעם *מיטגעפיל* האט ער צוליב וואס עס איז ניט אריינגעפירט דעם עלעמענט פון *גלייכטבארעכטיגונג* און *גערעכטיקייט*. ער האט בכלל, ווי יאדל האט דאס באמערקט, אויסגעמיטן אפילו צו געבן אן אביעקטיווע באגרינדונג פון דעם מאראלן הסכם. אויסער דעם האט סמיטה אינגאנצען אויסגעלאזט פון באטראכט די נויטיקייט אנצו־ווייזן אויף דער שטענדיגער אנטוויקלונג פון דעם מאראלן געפיל אין מענשן. מען קאן אים, פארשטייט זיך, ניט פארווארפן, פארוואס ער האט זיך ניט דערטראכט צו דעם געדאנק פון דער שטופנארטיגער אנטוויקלונג פון דעם זאאלאגישן מענשן־טיפ, צו וועלכן די פארשונג פון דער אנטוויקלונג אין דער נאטור האט אונז געבראכט אין דעם 19טן יארהונדערט. ער האט אבער אויך ארויסגעלאזט פון אויג די לערען פון גוטעס, וועלכע דער פרימיטיווער מענש האט געקאנט שעפן פון דער נאטור — פון דעם לעבן פון די חיות, פון געזעלשאפטן, — וועגן וועלכע מען געפינט שוין אנדייטונגען ביי הוגא גראציוס און ביי ספינאזא׳ן. מיר זיינען מחויב אויסצופילן וואס ער האט אויסגעלאזט און אנווייזן, אז אזא וויכטיגער פאקט אין דער אנטוויקלונג פון מאראל ווי סימפאטיע איז ניט קיין באזונדערער שטריך פון דעם מענשן: זי איז אייגנטימליך פאר דער גרעסטער מערהייט פון לעבעדיגע באשעפענישן און האט זיך שוין אנטוויקלט ביי אלע סטאדעשע און געזעלשאפטליכע חיות. סימפאטיע שטעלט פאר א גרונטפאקט פון דער נאטור און מיר באמערקן זי ביי אלע סטאדעשע חיות, וואס פיטערן זיך צוזאמען, און ביי אלע פויגלען, וואס מאכן נעסטן צוזאמען. די שטארקערע צווישן דידאזיגע חיות און פויגלען

ווארפן זיך ארויף און טרייבן אוועק די רויבער. ביי די פויגלען באגעגענען מיר דעם פאל, וואס א פויגל פון איין מין אדאפטירט די יונגינקע פון אנאנדער מין, וואס זיינען ארויסגעפאלן פון נעסט —א פאקט, וואס האט דעם אלטן געטע אריינגעבראכט אין התפעלות, ווען ער האט עס געהערט פון אקערמאנען.

סמיטה'ס גאנצע ארבעט אין דער פראגע פון מאראל איז אנגעפירט געווארן צו באווייזן, ווי אזוי אין דעם מענשן האט זיך ג ע מ ו ז ט אנטוויקלען מאראליטעט ווי א פועל יוצא פון זיין נאטור גופא. ריידנדיג וועגן דעם איינפלוס אויף דער כאראקטער־בילדונג פון די רעגעלן פון געגנזייטיקייט און מאראליטעט, וואס אנטוויקלען זיך אין דער מענשהייט, האט סמיטה געשריבן פולשטענדיג ווי א דיינקער־נאטורפארשער. אנווייזנדיג אויף די שטרעבונגען, וועלכע קאנען אוועקפירן דעם מענשן פון צו באציען זיך מאראליש צו אנדערע, האט ער געזאגט, אז עס איז דא א תרופה צו דעם אין אונזער אייגענער נאטור. שטענדיג באאבאכטנדיג ווי אנדערע פירן זיך אויף, דערגייען מיר ביז צו געוויסע רעגעלן, וואס מען דארף און וואס מען דארף ניט טאן. אזוי גייט אן די געזעלשאפטליכע אויסבילדונג פון כאראקטערן און אזוי פארמירן זיך די אלגעמיינע רעגעלן פון מאראל (דריטער טייל, קאפיטל 4, ז. 373—375). אבער גלייך נאך דעם, אין דעם נעקסטן קאפיטל, באהויפטעט ער שוין, אז די רעגעלן פון לעבן, וואס האבן זיך אויסגעארבעט אויף אט דעם וועג, ווערן מיט רעכט באטראכט ווי געזעצן פון דער גאטהייט (דאס קעפל פון פינפטן קאפיטל, ז. 383). „די אכטונג צו דידאזיגע רעגעלן איז דאס, וואס מען רופט אן דער געפיל פון פליכט—א געפיל וואס איז פון דער גרעסטער וויכטיקייט אין דעם לעבן פון די מענשן און דער איינציגער פרינציפ, לויט וועלכן די מערהייט פון דער מענשהייט קאן זיך ריכטן אין אירע האנדלונגען". און עס איז גאר קיין ספק ניט, לייגט ער צו, אז „אט די רעגעלן זיינען אונז געגעבן געווארן, כדי מיר זאלן וויסן ווי צו פירן זיך אויף דעם וועלט" (קאפיטל 5, ז. 391).

אט די באמערקונגען סמיטה'ס באווייזן, וויפיל צינזן ער האט נאך געצאלט זיין צייט, און ווי שווער עס איז געווען אפילו פאר אזא זייער קלוגן און גאנץ געוואגטן דיינקער פאנאנדערצוקלייבן זיך

אין דער פראגע וועגן דער אנטשטייאונג פון מאראל, איידער די מענשן האבן זיך באקענט מיט דעם פאקט פון דער שטופנווייזער אנטוויקלונג (עוואלוציע), סיי פון די פארמען פון געמיינשאפטליכן לעבן, סיי אויך פון די מיינונגען וועגן דידאזיגע פארמען און פון דער באציאונג פון דעם יחיד צו זיי.

סמיטה האט זיך ניט באשריינקט אויף דער דערקלערונג בלויז פון דער אפשטאמונג פון מאראל. ער האט אנאליזירט די לעבנס־פאקטן פון יעדער ארט, כדי צו באווייזן אין וואס עס באשטייט די מאראלע באציאונג צו מענשן אינם אלטעגליכן לעבן. און דא איז זיין באציאונג געווען די אייגענע וואס ביי די סטאאיקער פון אלטן גריכנלאנד און רוים, דערהויפט ביי סענעקא און עפיקטעטוס; נאר ער האט געהאלטן די סימפאטיע פאר דעם לייטנדען און אנטשליסנדען געפיל אין דער אויסארבעטונג פון מאראל, אויס־לאזנדיג די באדייטונג פונם פארשטאנד אין די פראגן פון גערעכ־טיקייט און גלייכבארעכטיגונג. אמת, ער האט אייניגע פראכטפולע באמערקונגען וועגן גערעכטיקייט; * ער האט אבער אין ערגעץ ניט באשריבן איר גרונט־באדייטונג אין דער אויסארבעטונג פון די מא־ראלע באגריפן. די הויפט אויפמערקזאמקייט האט ער געצויגן אויפ'ן געפיל פון פליכט. און דא איז ער געווען אין פולשטענדיגער איינ־שטימונג מיט די סטאאיקער, דערהויפט מיט עפיקטעטוס און מארק אורעליוס.

בכלל האט אדאם סמיטה אוועקגעשטעלט די עטיק אויף א רעאלן באדן און האט באוויזן, ווי אזוי דעם מענשנס מאראלע גע־פילן זיינען אנטשטאנען פון דעם מיטגעפיל מיט אנדערע מענשן, וואס איז אומפארמיידליך, לעבנדיג אין געזעלשאפטן; ווי אזוי שפעטער איז אויף אט דעם וועג פארגעקומען די אויסבילדונג פון

* „עס איז אבער פאראנען איין טוגנד, האט סמיטה געשריבן, וואס אירע אלגעמיינע רעגעלן באשטימען מיט א פולשטענדיגער פינקטליכקייט יעדע אויסערליכע האנדלונג. אט די טוגנד איז — גערעכטיקייט... אין דער פראקטיק פון די אנדערע טוגנדן רעגירן איבער אונזערע אויפפי־רונגען אפטמאל זייטיגע אויסרעכענונגען וועגן דעם ענדליכן צוועק פון די רעגעלן און זייערע באגרינדונגען. אין דער גערעכטיקייט איז דאס אבער ניטא, א. אז. וו.“ (טייל 3, קאפיטל 6.)

דער געזעלשאַפט און עס האָבן זיך אויסגעאַרבעט די אַלגעמיינע רעגעלן פון מאָראַל; ווי אַזוי דערנאָך זיינען דידאַזיגע רעגעלן אונ־טערשטיצט געוואָרן דורך דער אַלגעמיינער איינשטימונג פון די מענשן, און ווי אַזוי איצטער ווענדן מיר זיך צו זיי אין פאַל פון אַ צווייפל, ווי צו די יסודות פון אונזערע אורטיילן.

מיט אַט די אַנשויאונגען האָט סמיטה בלי ספק צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דעם באַגריף פון מאָראַל ווי אַ נאַטירליכער פּראָדוקט פון געזעלשאַפטליכן לעבן, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם אַנטוויקלט אינם מענשן פון דער צייט אָן פון זיין פּרימיטיוווסטן צושטאַנד, און אַנט־וויקלט זיך איצט נאָך ווייטער אין דערזעלביגער ריכטונג, און דאַרף ניט פאַר זיין ווייטערדיגער אַנטוויקלונג קיין שום אויסערליכע אויטאָריטעט. אויף אַט דעם וועג איז פאַקטיש אַוועקגעגאַנגען די פילאָסאָפיע פון דער מאָראַל אין 19טן יאָרהונדערט.

אונטערציענדיג דעם סך הכל פון אַלץ וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, מוזן מיר באַמערקן, אַז אין אַלע לערען וועגן מאָראַל, וואָס זיינען אַנטשטאַנען און זיך אַנטוויקלט אין 17טן און 18טן י. ה. און האָבן געשטרעבט צו דערקלערן די אַנטשטייאונג פון מאָראַל אויף אַ ריין וויסנשאַפטליך־נאַטירליכן וועג, פילט זיך דער איינ־פלוס פון עפּיקורוס׳ס פילאָסאָפיע. כמעט אַלע הויפּט פאָרשטייער פון דער פילאָסאָפיע, באַזונדערס אין 18טן י. ה., זיינען געווען נאָכפאָלגער פון עפּיקורוס׳עס לערע. נאָר בויענדיג אויף עפּיקורוס׳־עס פילאָזאָפיע, האָבן זיך די עטישע לערען פון דער נייער צייט צע־טיילט אויף צוויי פאַרשיידענע שטרעמונגען; דידאָזיגע שטרעמונ־גען האָט פאַראייניגט צווישן זיך נאָר דאָס, וואָס זיי ביידע האָבן זיך אָפּגעזאָגט סיי פון דער רעליגיעזער, סיי פון דער מעטאַפיזישער דערקלערונג פון מאָראַל. די פאָרשטייער פון די ביידע שטרעמונגען האָבן געשטרעבט צו דערקלערן די אָפּשטאַמונג פון מאָראַל אויף אַ נאַטירליכן וועג, און האָבן פאַרוואָרפן די פּרעטענזיעס פון דער קירך צו פאַרבינדן מאָראַל מיט רעליגיע.

איינע פון אַט די ריכטונגען אין דער פילאָסאָפיע, איינזעהענ־דיג צוזאַמען מיט עפּיקורס׳ן, אַז דער מענש שטרעבט פריער פאַר אַלץ צו אייגענעם גליק, האָט פונדעסטוועגן באַהויפּטעט, אַז דער מענש געפינט דאָס גרעסטע גליק ניט אין אויסנוצן אַנדערע מענשן

פאר זיינע פערזענליכע אינטערעסן, נאר אין דעם פריינטליכן צו־זאמענלעבן מיט אלע ארומיגע; בעת די פארשטייער פון דער אנ־דער ריכטונג, וואס זייער הויפט פארטרעטער איז געווען האבבס, האבן דורכאויס געהאלטן די מאראל ווי עפעס וואס איז אנגע־טשעפעט געווארן אויף דעם מענשן מיט געוואלט. האבבס און זיינע נאכפאלגער האבן געהאלטן פון א מאראל, וואס קומט ניט ארויס פון דער נאטור גופא פון דעם מענשן, נאר וואס איז אים צוגעשריבן געווארן פון אן אויסערליכער קראפט. נישט מער, וואס אנשטאט די גאטהייט און די קירך האבן זיי אוועקגעשטעלט די מלוכה און די מורא פאר דעמדאזיגן „לויתן", וואס פלאנצט אריין מאראליטעט אין דעם מענשליכן מין.

איין מיטהוס, הייסט עס, איז פארביטן געווארן אויף אנאנדערן. מען מוז אבער זאגן, אז אין האבבס'עס צייט האט דער אויסבייט פון דער רעליגיע אויף דער מלוכה, וואס איז געבויט אויף אן אפמאך, גע־האט א גרויסע באדייטונג פאר פאליטישע צוועקן. די קירך האט געפירט איר אפשטאמונג פון דעם געטליכן ווילן, זי האט זיך אנ־גערופן די פארשטייערין פון גאט אויף דער ערד. דער מלוכה אבער, הגם זי האט פון די עלטסטע צייטן אן זיך בריידלאך באנוצט מיט דער באשיצונג פון די קירכן, האבן די פראגרעסיווע דיינקער פון 18טן י. ה. באלד צוגעשריבן אן ערדישע אפשטאמונג: זיי האבן די אנטשטייאונג פון דער מלוכה ארויסגעפירט פון דעם אפמאך. און עס איז קיין ספק ניט, אז ביים סוף 18טן י. ה., ווען אין איי־ראפא האט זיך אנגעהויבן א קאמף אנטקעגן דער זעלבסטהערשאפט פון די קיניגן „פון גאטס גנאדן", האט די לערע, אז די מלוכה שטאמט אפ פון אן אפמאך, געלייסטעט א ניצליכע דינסט.

די איינטיילונג אויף צוויי לאגערן פון דיינקער, וואס האבן דערקלערט די מאראל אויף א ריין וויסנשאפטליכן און נאטירליכן אופן, באמערקט זיך אין דעם משך פון דער גאנצער עפאכע פון 17טן און 18טן יארהונדערט. אין לויף פון דער צייט ווערט אט די איינטיילונג אלץ קלערער און טיפער. בעת איינציגע דיינקער הויבן אן אלץ מער און מער איינצוזען, אז די מאראל איז קיין אנדער זאך ניט ווי א שטופנארטיגע אנטוויקלונג פון געזעלשאפטליכקייט, וואס ליגט בטבע פון מענשן, דערקלערן אנדערע דיינקער דאס מא־

ראלע, ווי דעם מענשנס א ריכטיג־באגריפענע שטרעבונג צו ב ע ר־ז ע נ ל י כ ן ג ל י ק. און עס באמערקן זיך צוויי פארשיידענע שלוסן, וואס הייננען אפ פון דעם, צו וועלכער פון די דאזיגע צוויי ריכטונגען דער דיינקער געהערט. אייניגע האלטן אלץ ווי האבבס, אז „יצר לב האדם רע מנעוריו,“ און דעריבער זעהען זיי די איינציגע רעטונג אין א שטריינג־ארגאניזירטער צענטראלער מאכט, וואס האלט איין די מענשן פון שטענדיגע קריגפירונגען צווישן זיך. זייער אידעאל איז א צענטראליזירטע רעגירונג, וואס פירט אן מיט׳ן גאנצן לעבן פון דער געזעלשאפט, און אין דעריין גייען זיי האנט אין האנט מיט דער קירך. אנדערע ווידער האלטן, אז נאר אויפן וועג פון ברייטע פרייהייטן פארן יחיד און ברייטע מעגליכקייטן פאר אלע מענשן אריינצוטרעטן צווישן זיך אין אלערמעגליכע פאראייניגונגען, וועט זיך אנטוויקלען אין דער געזעלשאפט א נייע ארדענונג אויף די יסודות פון א גערעכטער באפרידיגונג פון אלערליי באדערפעניש.

אט די צוויי שטרעמונגען — מיט אייניגע צווישנדיגע שטופן, און אויך אנדערע וואס צאלן נאך מער אדער ווייניגער ציגזן דער אידייע פון דער רעליגיעזער אפשטאמונג פון מאראל — זיינען די פארהערשנדע אין דער איצטיגער צייט. אבער פון דער צייט אז, וואס די טעאריע פון עוואלוציע, ד. ה. פון דער שטופנווייזער אנטוויקלונג פון גלויבנס, מנהגים און אינסטיטוציעס, האט ענדליך אויסגעקעמפט פאר זיך אן ארט אין דער וויסנשאפט, קריגט די צווייטע ריכטונג פון א פרייער איינארדנונג פונם לעבן בּיסלאכוויין די אויבערהאנט.

אין די וויטערדיגע קאפיטלען וועלן מיר זוכן נאכצופאלגען די אנטוויקלונג פון דידאזיגע צוויי שטרעמונגען פון דעם עטישן געדאנק אין דער מאדערנער פילאסאפיע.

(סוף פון ערשטען באנד)